# קאָלאָניע מאַאוריציאָ

## דרייסיג - יעהריגע יק״א קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינא.

א היסטארישע שילדערונג

פון

## מרדכי אַלפּערסאָן.



דרוק פון ג. קופּערשמיד.
MEJICO 1725

בוענאָס איירעס.

1922.

# COLONIA MAURICIO

## LA "JEWISH COLONIZATION ASSOCIATION"

### y sus 30 años de colonización en la Argentina

---

## NARRACIÓN HISTORICA

POR

*MARCOS ALPERSOHN.*

---



---

Imp. Kuperschmid — Mejico 1725, Bs. As.
1922.

# פאָרוואָרט.

ווען דאָס בוך איז אריין אין דרוק, האָט אַ פריינד צו מיר געשריבען:

"און קיין הקדמה, קיין איינלייטונג גיט איהר גאר ניט צו אייער ווערק? אין שטאָדט קוועטשט מען דעם עלעקטרישען גלעקעל — און עס קלינגט אָן. ביי אייך אין פעלד, פאַטשט מען מיט די הענד און מען זאָגט: "אָווע מאַריאַ"... ווער עפענט עס גאָר פלוצים אַ טהיר? — מען מוז פריהער אָנקלאַפען, בעטען ערלויבנים, מיט אַ וואָרט צו די ליעבע לעזער"...

נו, וועל איך אנקלאַפען ביים שער פון מיין בוך.

ווען איינעם פון אייך, מיינע ליעבע לעזער, וואָלט זיך למשל פארגלוסט מיך צו פרעגען, נאָך וואָס אייגענטליך איך האָב אנגעשריבען דיזען בוך, ווער דאַרף איהם, ווער פערלאַנגט איהם? ליטעראַטור — ניט. וויסענשאַפט — געוויס ניט. כבוד, צי אפשר חלילה גאָר געלד? — פשוט צום לאַכען... היסטאָריע? קאָרג היסטאָריעס פאַלקאָמענערע, אינטערעסאַנטערע, ווי אַט דיזע מיזעראַבלע געשיכטע פון דער "דרייסיג יעהריגער יק"אַ קאָלאָניזאַציע", שימלען ערגעץ פאַרגעסענע אין די אַרכיווען? אַלזאָ: למי ולמה כל העמל הזה?

ווען אימיצער פון אייך לעזער, קומט מיט דער דאָזיגער פראַגע, אָסור אויב איך וואָלט געוואוסט וואָס צו ענטפערען! איינס וויים איך, און דאָס זאָג איך גאַנץ אָפענהערציג: כ'האָב געשריעבען גאָר אהן אַ פארוואָס און אהן אַ פאַר־וועןץ איך האָב געטונקען די פען אין מיינע טרעהרען, און אינ'ם בלוט פון מיינע חברים — די אימיגראַנטען און טריי פאַרצייכענט אַלע אונזערע פריידען — געצעהלטע, און ליידען — דוקא היבשלאָך. כ'האָב דעם אמת אויסגעטהאָן נאַקעט — אויף וויפיעל דער שטאַטליכער געזעץ פון עטהיק ערלויבט, און די וואָרהייט געצייכענט אויפ'ן פאַפּיער.

פּאַסירונגען פון דרייסיג יאָהר קאָלאָניזאַציע, וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהען און וואָס איך אַליין האָב אַדורכגעלעבט, האָב איך אין פּשוט'ן לשון וואָס מיין מאַמע האָט מיך געלעהרענט, אָנגעשריבען אין דיזען בוך. כ'האָב קיינע פּראַזען ניט געזוכט און ווייס אויך ניט זייער באַדייטונג... כ'האָב קיין פּרעטענזיען אויף איי ער ליטעראַטור, זוך ניט קיין עהרע און האָב קיין מורא ניט פאַר'ן היפּוך... דען וואָס אייגענטליך קענט איהר מיר טהון?

כ'לעבען, איהר פאַרמאָגט בכלל ניט אַזוי פיעל שטיינער, אום מיין פעלד צו פאַרוואַרפען... איך בין קאָלאָניסט, ווינש עס מיין גאַנץ לעבען צו פאַרבלייבען און באַגעהר, דאָס מיינע קינדער און אַלע ליעבע זאָלען עס זיין. אַ שרייבער? ווער דאַרף איהם דען?...

איך בין אַ פּשוט'ר אַקערבויער. אַלס אַזעלכער וועל איך אייך פיהרען איבער אונזערע פעלדער און אָנציינען אונזער דרייסיג־יעהריגען מיעדען וועג. יעדע שטעשקעלע, יעדע סולעפּקע, יעדען דאָרן און יעטווידע בלום... כ'וועל אייך ווייזען די סימנים פון די ווילדע אינדיאַנער, וואָס זיינען מיט צוועלף יאָהר פאַר אונזער אָנקומען, געווען די איינוואוינער פון דעם גאַנצען געגענד וואו אונזער קאָלאָניע מאָאוריציא געפינט זיך. צוזאַמען מיט מיר, וועט איהר אַדורכברויזען אַלע בלאָטעס, אַריבערקריכען די קאַנאַוועס און די גריבער אַריבערשפּרינגען, — און דערוויילע טאַקע דאָס בוך איבערלייענען...

איך וועל אייך אויפהויבען דעם טלית שכולה תכלת און וועלבען אונזערע מנהגים האָבען זיך איינגעוויקעלט... איהר וועט דערזעהן וואָס זיי פאַרדעקען פאַר אַ פרעמדענס אויג... איהר וועט זיך אויך איבערצייגען דאָס אונזער ישעיהו'ס ווערטער: "שריך סוררים וחברי גנבים", זיינען דאָ פאַרווירקליכט געוואָרען... איך וועל אייך אָנדייטען ווי פאַרקריפּעלט אונזער פאָלק ישראל איז דורכ'ן גלות געוואָרען און ווי פאַרפרעמדט ער איז צו אַגריקולטור...

טאָג ביי טאָג, נאַכט ביי נאַכט, חודש און יאָהר, אַלצדינג וואָס מיט אונז פּיאָנירען האָט פּאַסירט פון 1891־טען יאָהר ביז היינט, וועט פאַר אייך לעבעדיג ערשיינען... און וועמען פון אייך, ליעבע לעזער, דער גוטער גאָט האָט מיט אַ פילבאַרער נשמה געלייט־

זעליגט, וועט ניט איין טרעהר שטילינקערהייד ארונטערגעשלינגגען.

אָבער עס זאָל דאָס מיך אָנהויבען אַארען... זעהט איהר, איינס קימערט מיך יאָ אַביסעל! וואָס כ'בין געצוואונגגען געווען אנצו־ריהרען אין דיזען בוך די כנופיה אָ ר ע נ ט ל י כ ע ל י י ט, און ניט אכטענדיג וואס איך האב זייערע כשר'ע נעמען פארדעקט און איבערגעדרעהט, דאָך וועלען זיי זיך אויסגעפינען און געווים אויפ־הויבען אַ גאַנצען קאראאול — דאָס מאכט מיר צייטענווייז נאכ־צודענקען...

געווים וועלען דיזע לייט ניט שווייגען! זיי וועלען אפשר דינ־גען אַ פּאָאר באַצאָהלטע פענעס, אויפרייצען די ליטעראַרישע ציינגער און אָנשטעלען אַ גאַנצע כאַפּטע קעגען דער לבנה... איך באַגרייף יעס גאַנץ גוט און בעת'ן שרייבען האָב איך עס אויך גע־וואוסט: ווייל אָפּטמאָהל האָט ווי אַ בת־קול אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן זייערע־פּאַרטעמפּטע קולות און זייער גרילצען וועט זיך געווים הילכיג צעצווויסטשערען, ווי נאר דאס בוך וועט אין דער עפענטליכקייט קומען... דער שטאָדטיגער קהל'ס־מאַן, וועט הייזע־ריג ווערען דורך זיין גלייכגילטיגען געלעכטער.... דער דאָרפישער, וועט גראַמקע זיך צעוואָרפען מיט קללות... און אַט די אַלע זויבערע נפשות בחברותא, וועלען די צורות זייערע פארקרימען און פּילייכט זוכען עפּעס א דאנאסאָל אונטערצוטראָגען. . . אַ קשיה אויף אַ מעשה וואָס עס קען געשעהן!

נאָך וואָס האָט מיר געטויגט דער גאַנצער עסק?

מיין גאָט! בין איך דען אימשטאַנד דאָס צו ערקלעהרען? עפּעס אַ מחשבה האָט מיר מיין מוח געעגבערנגט: עפּעס אַ געהיימע קראַפט האט מיר כסדר באפוילען: „ש ר י י ב ! האב פאר קיינעם קיין מורא ניט, שרעק זיך ניט אפילו פאר דיינע אייגענע חברים, וואס זיינען איצט בבחינות: ש ב ע ל ק י א ו, וואס כאפען זיך מיט אומפעט איינצושלינגען דאס עסען וואס זיי האבען מיט דרייסיג יאהר פריה־הער אליין אויסגעמייקעט" — און איך האב געשריבען.

נאר איין געדאנק טרייסט מיך: ס'קען זיין דאס מיין מיה וועט נוצען ברייננגען צו יענע אָרימע ברידער, די עמיגראַנטען, וואָס וועלען אָנקומען פון אייראָפּעאישען גיהנום און דאָ זיך קאָלאָני־זירען — וואָס כ'ווינש זיי הערצליך. אַט צוליעב זיי אַליין, איז

שוין ווערטה געווען די דאַזיגע מיהזאַמע אַרבייט! פאַר זיי האָב איך די געשיכטע ביז'ן יאָהר 1917 אָנגעשריבען.

די לעצטע פיער יאָהר, הגם כ'האָב זייער בלוטיגקייט געגוג אָנ־געדייטעט, אָבער זיי דורכצוגרונטעווען, זיך אין זייער טיעפקייט ארונטערצולאָזען האָט איך ניט געוואָגט... פשוט אַ רחמנות־גע־פיהל האָט דאָס מיר ניט דערלאָזט צו טהון! די העלדען דרעהען זיך אַלע ארום פאַר מיינע אויגען... די קהל'שע אַפּוטרפּוסים פון דער קאָלאָניזאַציע לעבען נאָך — און אַ לעבעדיגער קען זיך בע־סערן, חרטה האָבען, תשובה טהון... דעם עיפּוש פון די לעצטע פיער יאָהר מוז מען האַלטען גוט באַדעקט... זאָל די היסטאָריע דערווייל דערפון ניט וויסען... אויך די שטרענגע דינים פון'ם געזעצליכען קאָדעקס פאַראָרדענען: ש ו ו י י ג!

און זאָל דער אמת'ר און ריכטיגער היסטאָריקער, דער וואָס וועט אַמאָהל די אידישע ליידען געשיכטע פון אַרגענטינאַ צונויפשטעל־לען, אנהויבען זיין היסטאָריע פון וועלכען יאָהר ס'וועט איהם בע־סער געפעהלען... ער וועט שוין אויסגעפינען די פיינע לייט, די ליעבהאַרציגע ברואים פון די לעצטע יאָהרען אויך.

איהר מיינע ליעבע לעזער, נעהמט און ליעזענט איבער מיינע בלעטלאַך. צי איהר וועט מיך בענטשען אָדער שעלטען — איז מיר היינו הך.

**מרדכי בן ישראל אַלפּערסאָן**

סט. מאַאוריציאָ הירש. (קאָלאָניע מאַאוריציאָ) 1922.

# קאָלאָניא מאַאוריציאָ.

## דרייסיג־יעהריגע יק״א קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינא.

---

1.

### אָנגעקומען קיין בוענאָס־אַיירעס.

אין א זונטאָג טאָג, י״ט אָב, אָדער דעם 23־טען אויגוסט פון 1891, האט מיך די דייטשע שיף ט י אָ ק א מיט נאָך 300 עמי־גראַנטען, געבראַכט פון האמבורג קיין בוענאָס־איירעס, נאָך א רייזע פון 32 טאָג אויפ׳ן ים.

איידער דער דאמפפער איז צום האפען צוגעשוואומען, ווען מיר האבען פון וויטענס דערזעהן די שטאדט, איינגעהילט אינ׳ם שאטען פון די פאלמען־בוימער, האט אונז א שטארקע שמחה באהערשט. די מאַמעס האָבען זייערע קינדער אין דער הויך גע־הויבען, ערקלעהרענדיג זיי מיט פרייד:

— זעהט קינדערלאך! אָט דאָרט איז דער גן־עדן. דאָס שעהנע גרינע לאנד, וואָס דער גוטער באראָן הירש האָט פאַר אונז גע־קויפט.

— ערד ארבייטער, קאָלאָניסטען וועלען מיר ווערען: פרייע אידען וועלען מיר זיין. אוים פאָגראָמען! אוים איגנאטיעוו מיט זיינע גזרות! — האָבען די ארויסגעטריבענע דארפס־אידען גע׳טענה׳ט.

קליינע שיפלאך זיינען צו דער ט י אָ ק א צוגעקומען, ארויפ־גענומען צו צוויי־דריי משפחות מיט זייערע פעקלאך און טלומ־קעלאך, זיי צוגעפיהרט צום ארגענטינער באדען, וואו מען האט געלאנדעט.

עס געדענקט זיך נאָר ווי היינט, יענער עפּיזאָד אין שיפעל.

ווען איך, מיין פרוי און מיינע דריי קינדערלאך, פון וועלכע דער עלצטער, מיין בכור אברהם, איז אכט יאהר אלט געווען — ווי ער האט זיך איבעראשט צו זיין מוטער געווענדעט:

— זעה נאר מאמע, דארט אויפ'ן ברעג, שטעהט א שווארצער "אוריאדניק", רויכערט א גרויסע ליולקע, ציהט און ציהט און ס'געהט אלץ קיין רויך ניט!

ערשט שפעטער האבען מיר זיך דערוואוסט, אז דאס האט דער שווארצער "וויזשילאנט" געצויינגען דורך דער "באמביזשע", די פארפארעטע "זשערבא" טהעע, — דער נאציאנאל - ארגענטינער געטראנק וואס איז בעקאנט אונטערען נאמען "מאטע" און וואס ווערט דורך א בלעכען אדער זילבער־רעהרעל געטרונקען פון א קירבעס־טעפעלע.

די לאדקעס האבען אונז עמיגראנטען געבראכט אינ'ם אימיגראנ־טען - הויז; אן אלטע, גרויסע, מיט מאך און שימעל באוואקסענע הילצערנע געביידע, וואו עס זיינען געווען צימערן און חדרים'לאך אהן א שיער. דארטען האבען מיר אנגעטראפען, נאך א צוויי הונ־דערט אידישע אימיגראנטען וואס די שיף ליסאבאן האט פריהער מיט א פאאר טעג געבראכט.

עטליכע פארברוינטע פארשוינען, האלבע נעגער, האבען דורך מימיק אונז צום טיש צוגעוואונקען, אנצייגענדיג מיט'ן האנד אין מויל אריין, — ווייל שפאניש, האט פון אונז קיינער ניט איין ווארט פארשטאנען. — און מיר האבען זיך ארום די לאנגע טישען געזעצט.

די שווארצע האבען ברוידט און א בלעכענע שיסעלע מיט פלייש דערלאנגט א יעדערן. קיין אפעטיט האט קיינעם פון אונז ניט גע־פעהלט. אלע, סאמע יונגע מענשען, נאך א לאנגער ים־רייזע, האט מען זיך געשמאק צו דער אכילה גענומען... פלוצים איז אויסגע־וואקסען א דאר אידעל, א קליינטשיקס, מיט א משופע געלע בערדעל און גרויסע גרויע אויגען, האט ווי א וויכער זיך געטראַ־גען פון איין טיש צום צווייטען און יעדען איינעם, עפעס א סוד איינגערוימט אין אויער. ס'איז א שושקעריי געווארען און פיעלע האבען די שיסעלאך מיט'ן געשמאקען עסען אפגערוקט אן א זייט. הונגעריגע קינדער האבען זיך פאנאנדער געוויינט:

— מאמע, מאמע, כ׳וויל עסען! פאר־וואס נעהמסטו־צו דאס עסען?

די פרויען האבען ניט געענטפערט און שווייגענד ביי די קינדער זייער שפייז אוועק גענומען. עלטערע אידען, פרומע, וועלכע האבען דאס עסען סיי ווי סיי ניט אנגערירט, זיינען פון וויטען געשטאנען. געצויגען מיט די אקסלען און פארכמורעט געשוויגען...

איינינגע פרויען האבען זיך איילענד אויפגעהויבען פונ׳ם טיש און זיינען אוועק אין דרויסען, וואו זיי האבען צוריקגעגעבען זייער עסען...

דאס האט אונז אנגעהויבען צו פאראינטערעסירען; אבער איידער כ׳האב נאך געוואלט אנהויבען נאכצופארשען, איז יענץ אידעל אויך צו אונזער טיש צוגעקומען און האט אונז פארטרויליך מיטגעטהיילט:

— עסט ניט! דאס איז פערדען פלייש! אלטע שקאפעס קוילעט מען דא און מען גיט זיי די אימיגראנטען צום עסען!

אבער כהרף עין איז ארויסגעשפרונגען א יונגערמאן, ש מ ו א ל ה א ל ב מ י ל י א ן, אליין א קיעווער, און האט אויסגעשריען:

— אוועק צבוע׳יאק, ווער פרעגט דען דיך, ווער? — דערביי האט ער איהם מכבד געווען מיט א מתנת־יד. וואס האט רוישיג אפגעהילכט איבערן גאנצען זאאל.

דער נפש האט זיך אין דרייען איינגעקארטשעט און איז אונטער די הענד נעלם געווארען... שפעטער האבען מיר איהם פיעלע מאהל באגעגענט: ער איז אנגעקומען פאר א קאלאניסט אין מאַאוריציא, וואו ער האט אונז א סך צרות פארשאפט.

דער יונגער מאן וואס האט דעם צבוע׳יאק אויסגעפאטשט, איז צוזאמען מיט זיין שוועער, א ב ר ה ם פ ע פ — א זעהר בכבוד׳גער איד, ארומגעגאנגען די טישען און דעם עולם בארוהיגט, אריינ׳טענה׳נדיג:

— דער שבתי צבי׳ניק איז א כזבן! עסט קינדער און גלויבט ניט אין זיינע ליגען. ארגענטינא איז געגוג רייך אין פיה, זי דארף ניט געבען איהרע אימיגראנטען, וועלכע זי האט אזוי גערען — קיין פערדען פלייש. מיר קאנען איהם, אט יענעם פארשוין נאך פון גאליציע, וואו ער איז מיט אונז צוזאמען געפאהרען. אויף דער רייזע האט עס זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז א שנארער און דערצו נאך א פשוט׳ר באטריגער...

און אַט האָט איהר, וואָס זיי האָבען איבער איהם דערצעהלט, וואָס קאָן אויך דינען אַלס שעהנער אַנעקדאָט:

"אין לעמבערג איז ער צום קולטוס־פאַרשטעהער געקומען און געבעטען מען זאָל שיקען אַ מוהל, מ'ל צו זיין דאָס קינד וואָס זיין פרוי האט אויף דער אכסניה געבוירען. מען זאל איהם אויך שטיצען מיט איינינע גולדען, ווייל זיין ווייב פיהלט זיך זעהר שוואַך. אַ קוויטעל האָט מען איהם תיכף געגעבען צו אַ געוויסען מ א י ר ש י י ן, — א ספעציאלסט א מוהל און א עסקן במצוות. דיזער איידעלער איד, האָט צונויפגעזאַמעלט עטליכע צעהנדליג גולדען, פאַרקויפענדיג די כיבודים אונטער די לעמבערגער גבירים: דער ה' ש ל מ ה  ב א ב ע ר — סנדק: דר. ב י י ז ע ר — כסא של אליהו און א. וו; אויף מאָרגען האט דאס אידעל פון דער געלער בערדעל, מיט דער יולדות און איהר בן זכר ניט געסטייעט... ביי נאכט זיינען זיי אפגעפאהרען קיין קראקוי, זעלבסטפארשטענדליך מיטנעהמענדיג די מזומנים. אין קראַקוי האָט ער די זעלבע שפיעל געמאכט און ערשט אין האמבורג, האט ער ביים ר א ב י נ ע ר ד"ר הירש, מ'ל געווען זיין קינד".

פיעלע פון די עמיגראַנטען, דערהערענדיג די געשיכטע האָבען דעם נפש דערקענט און האָבען זיך ווידער גענומען צום יעסען. אָבער די מעהרסטע, האָבען די עטליכע טעג וואָס מיר האָבען פאַרווילט אין אימיגראנטען הויז, ניט פארזוכט קיין לעפעל געקעכץ...

נאָכ'ן עסען, האָט אַ בעאַמטער יעדען מאַנספערזאָן אַן ערלויבניס-צעטעל געגעבען, אַלס בעוויליגונג אַרויס צו געהן אין גאַס, אויב ער וויל די שטאָדט אָנקוקען. פרויען האָט מען ניט ערלויבט אַרויסצוגעהן. די מענער האָבען געמעגט אַבוועזענד זיין ביז 5 פאַר נאַכט און דאַן, האָט יעדערער זיך געמוזט איינגעפינען צוריק אין "אימיגראַנטען האָטעל".

אַ מרה שחורה איז אויף מיר געפאַלען ווען איך, מיט נאָך איינינע יונגע לייט, זיינען אריין אין שטאָדט. קיין לעבעדיגען מענשען האט מען אין גאס ניט געזעהן. אפגעקלאפטע הייזער, טהירען און פענסטער מיט אייזערנע גראטעס באשלאגען. א פאאר קאנקעס האבען זיך שלעפעריג ארומגעשלעפט איבער די צענטראַל גאַסען פון שטאָדט, פיהרענדיג זעהר ווענינ פאַסאַזשירען. וואו ניט

וואו, האט מען באגעגנט א מאנאשקע אין שווארצע, מיט א ווייסען שלייער איבערן קאפ און א גרויסען צלם אויפ'ן האלדז...

א צוויי הונדערט מעטער פונ'ם "אימיגראנטען האטעל", האבען מיר אנגעטראפען ביידלאך פון ציגיינער מיט א סך קינדער. ציגיינערינ'ס מיט לאנגע, פעך שווארצע צעפ, זיינען געשטאנען אויפ'ן טראטואר, האבען "געוואראזשעט", קארטען אויסגעווארפען און אויפ'ן האנד די שטריכען געקוקט. דאס ציגיינער קליינווארג, האט ניט געלאזט אדורכ־געהן: האבען געבעטעלט אן אפעלסין, א סענט, אדער בדאי נור א שטיקעל ברוידט.

א פאליציסט, אדער ווי מען רופט איהם דא "וויזשילאנט", אין אן אלטען שינעל, בארוועס, (אנדערע אין איין "אלפארגאט" און מיט איין שטיוועל) איז געשטאנען ביי דער "עסקינא" ביים ראג־גאס, האט זיך געשמאקלאך צוגעדרימעלט, אדער געקוקט תמ'עוואטע גלאט אזוי אין דער וועלט אריין, שיילענדיג אפטמאל גאנץ געמיטליך א מאראנץ.

מיר האבען איינער דעם צווייטען אנגעקוקט: "אט דאס איז בוענאס־איירעס, די הויפטשטאדט פון דער ארגענטינישער רעפובליק?"

שפעטער האבען מיר זיך דערוואוסט, דאס מיר זיינען אנגעקומען סאמע נאך דער גרויסער רעוואלוציע פון 1890, וואס דורך איהר, איז נאכדעם דער פרעזידענט ד"ר מיגעל כוארעז סעלמאן ארונטער געזעצט געווארען, דערפאר וואס ער האט א פערשווענדערישע רעגירונג געפיהרט און דארום האט די שטאדט אזוי ארים און קלעגליך אויסגעזעהן.

מיר האבען אויסגעמאסטען די פוסטע גאסען, געקויפט פאר צעהן סענט א טוץ מאראנצען, געגעסען און געשפאנט...

שפעטער, ווי די מאדע איז ביי "גרינע", בשעת מיר האבען שוין געוואלט געהן צוריק אין אימיגראנטען הויז, האבען מיר פארבלאנדזשעט אין בשום אופן ניט דערקאנט די דורכגעגאנגענע גאסען, ניט דעם פריהערדיגען וועג. די אימיגראנטען צעטלען האבען אונז מציל געווען. איין "וויזשילאנט" האט אונז צוגעפיהרט צום צווייטען, דער צווייטער צום דריטען, ביז מיר זיינען בשלום צוגעבראכט געווארען צום טויער פונ'ם אימיגראנטען האטעל.

2.

## די „טמאים“ און זייער עיפוש.

ביים אייזערנעם גרינעם טויער פון אימיגראנטען הויז, נעבען צאם ביי די אייזערנע שטאכעטען, האבען מיר אנגעטראפען א צעהנדלינג רייך געקליידעטע דאמען און איינגע גראב בייכיגע הערען אין צילינדערם. דורך די גראטעם האבען זיי אריינגעטענה'ט מיט אונזערע פרויען; די קינדער אונזערע, דערלאנגט קאנפעקטען און שאקאלאד, און איינציגווייז, זיך אלע ווייל צוגערוקט צום וועכטער, איהם עפעס בסוד געבעטען און ער האט אלץ געצייגט, שאקלענדיג מיט'ן קאפ און די הענד אויף „ניין“ און ווי כ'האב זיך ערקונדיגט, האט ער זיי בשום אופן ניט געוואלט אריינלאזען אינעווועניג.

איינגע פון דיזע לייט, לויט'ן אויסשפראך פוילישע, האבען צווישען די אימיגראנטען דערקענט פריינד, אדער סתם באקאנטע און האבען זיך געשמאק צעוויינט; זייערע טרעהרען האבען זיך אויף די אייזענם געגאסען און כ'האב דאמאלסט ניט געקענט באשטימען, צי דאס זיינען געווען פריידען, אדער טרויער טרעהרען...

אויף שטום לשון, האב איך דעם וועכטער ביים טויער גענומען אויספרעגען ווארום ער לאזט די דאמען מיט די הערען ניט אריין אינוועניג; אבער ער האט עפעס מאדנע, אלס ענטפער, צוגעפינטעלט מיט אן אויג, געשמייכעלט, געדרעהט מיט זיין שווארצען געקרויזטען קאפ און שעלמיש צוגעבאמקעט: „נא, נא, נא!“.....

אינדעם איז אנגעקומען א יונגער־מאנטשיק, א געלער מיט א געשפרענקעלטען פנים, טראגענדיג א בינטעל פאפיערן אונטערן ארעם און האט זיך פארגעשטעלט, אלס פארטרעטער פון באראן הירש'ס ביורא. דער וועכטער האט פאר איהם מיט דרך ארץ געעפענט דעם טויער. דיזער, האט אונז געמאלדען אין נאמען פון דר. לעווענטהאל, אז אין א פאאר טעג ארום, וועט מען אונז

אוועק־שיקען אויף לאנד וואס דער באראן הירש האט דורך איהם געקויפט פון אונזערטוועגען. „עס האנדעלט זיך נאר אין אונ־טערשרייבען איינינע „פארמאלנאסטען" מיט דער רעגירונג אי־בער דער קניה פונ׳ם לאנד" — האט ער אונז פארטרויליך גע־זאגט, — „און אלעס איז פערטיג!"

דאן האט ער פאר אונז א שעהנע רעדע געהאלטען: האט בא־דויערט וואס די „קאמיטעטען" אין גאליציע און אין דייטשלאנד האבען זיך צוגעאיילט מיט אונז... דאס הייסט אז מיר זיינען געקומען אביסעל פאר דער צייט... ער האט אונז אויך אנגע־זאגט, קיין מגע ומשא ניט צו האבען מיט די אידישע דאמען און העררן, וואס שטעהן ביים טויער און ביי די גראטעס: „זיי זיי־נען פון די טמאים!" — האט ער ענערגיש בעטאנט: — „איהר זאלט אייערע פרויען און מיידלאך ניט לאזען געהן אין גאס אריין". — און האט פארטגעזעצט:

— דא זיינען קיין ארענטליכע אידען ניטא. ס׳געפינען זיך נור אט די דאזיגע א ו מ ר י י נ ע נ פ ש ו ת, דער אבפאל פון דער מענשהייט. איינינע שפאניאלישע און ענגליש־אידישע כשר׳ע משפחות, שעהמען זיך צוליעב די טמאים, אלס אידען זיך אויס־צוגעבען...

דער יונגערמאן האט א ווײלע גערעדט מיט די בעאמטע פונ׳ם אימיגראנטען האטעל און איז אוועק־געגאנגען.

אבער ווי נאר ער האט די שוועל אריבערגעטראטען, האט זיך צעווישען עולם גענומען קאכען. יענער קליינער אידעל, וואס האט אונז כלומר׳שט געוואלט פון פערדען־פלייש פארהיטען און אנדע־רע אויך אזוינע עהרליכע לייט, האבען געהיצט:

— מען האט אונז פארקויפט! — האבען זיי געשריען: — ס׳איז גאר קיין לאנד נאך נישט געקויפט געווארען! מען האט אונז פארנארט! די גאנצע קאלאניזאציע איז גאר א ליגען!...

— מיסיאנערן! — קוויטשעט דאס אידעלע און שאקעלט גע־שווינד מיט׳ן שפיץ בערדעלע. — מ׳וויל אונז אויס־שמד׳ן. מעביר זיין על דת!...

די טמאים פון יענער זייט טויער, האבען אונטערגעבלאזען דעם פייער. האבען צוגעטראגען זייערע זיידענע קאלירטע טיכלאך צו

די אויגען, און באוויינט די אימיגראנטען. א פּאאר גרענעץ אידלעך, האבען זייערע קונצשטיק באוויזען און דורך די אימיגראנטען־צעטלאך, אריינגעשמוגעלט איניגע טמאים אין הויף אריין... און אט דיזע ברואים האבען מיט זייערע זונה־ליפּעלאך אנגעהויבען אפּמאלען מיט שווארצען די לאגע אונזערע. א מאסע פון אונזערע נאאיווע פרויען, האבען זיך צו־וויינט, ו ה ע ם ב ו כ ה ל מ ש פּ ח ו ת י ו...

מעהרערע פון אונז האבען פּראטעסטירט. האבען גענומען ארויסיאגען די אריינגעשמוגעלטע זונות. ס'איז געקומען ביז צו פּעטש, ווייל דער וועכטער האט שוין הפּנים גענומען און יד אריין... דער רעזולטאט איז געווען: דאס א פּאאר זויבערע פּוילישע ציצית־אידען, זיינען מיט האק־און־פּאק, מיט די ווייבלעך זייערע און מיט די דערוואקסענע מיידלאך, אוועק פון אונז אהין, פון וואנען מען קומט שוין ניט צוריק... און, דאס פייער איז איינגעלאשען געווארען.

אויף מארגען נאך דיזער פּאסירונג, איז דער ד"ר לעווענטהאל געקומען אין אימיגראנטען הויז.

מיין גאנצען לעבען וועל איך ניט פארגעסען דעם הדרת פּנים פון יענעם שטאלצען אידען: זיין הויכע פּראכטפאלע פיגור און איבערהויפּט זיינע שווארצע מאגנעטישע אויגען, וואס קיינער פון אונז האט מעהר פון איין סעקונדע נישט געקענט אויסהאלטען זייער בליק. אלע ביז איינעם, האבען מיר זיך אויסגעשטעלט אינ'ם גרויסען הויף פונ'ם האטעל, רונד־ארום דעם דאקטאר. ער האט מיט זיין האנד א מאך געטהאן און ס'איז תיכף מורא'דיג שטיל געווארען.

— "קינדער! — האט ער אין פליין מאמע־לשון אנגעפאנגען — דער גוטער באראן האט מיך און דעם סער קוליען געשיקט אום אויסצעזוכען א מקום מנוחה, ערגעץ א פריי פּלאטץ אויף דער גרויסער וועלט, וואו יעם זאל קענען געשאפען ווערען א היים פאר אייך און פיר אלע אונזערע אונטערדריקטע ברידער. מיר האבען געפונען די פרייע רעפּובליקא ארגענטינא אלס פּאסענדען ארט. א גרויסע און ברייטע, א פרייע און פּרוכטבארע מדינה, וועלכע קען אריינ'נעהמען אלע ליידענדע און פארפאלגטע אידען.

מיר האבען גענוג ערד געקויפט אום אייך פאר ערד ארבייטער צו מאכען דא, אינ'ם דאזיגען געזונדטען און געזיכערטען לאנד. אמת, די קאמיטעטען האבען זיך אביסעל צו געאיילט מיט אייך. מיר האבען קיין צייט נאך ניט געהאט פאר אייך הייזער צו-צו־גרייטען... מיר האבען אייגענטליך אויסער די נאקעטע ערד, דערוויילע גאר ניט געקויפט; אבער אויך זיי, יענע קאמיטעטס לייט זיינען ניט שולדיג. איהר זיינט זיך אנגעלאפען אין די מאסען און די דארטיגע רעגירונגען, סיי פון גאליציען סיי פון פרייסען האבען געפאדערט, אז מען זאל אייך פון דארט אוועק־נעהמען, קוים ניט, — האט ער אין א פארביטערטען טאן, שווער ציהענ־דיג זיין אטהעם געזאגט, — קוים ניט, וואלטען זיי אייך, ווי אומ־געוויינשטע עלעמענטען פארטריבען פון דארט!"

ווארפענדיג זיין שטרענג פארשענדען בליק איבער אלע פאר־זאמעלטע האט ער מילד ווייטער גערעדט:

— "אום אייך דא אין שטאדט צו האלטען, ביז די הייזער און רעמאנענטען ועלען געשאפען ווערען, זעהט איהר דאך ברידער, אז ס'איז אומעגליך. די ר י י נ ע משפחה מוז זיך אפזונדערן פונ'ם ארט וואו זי קען פארשוועכט און טמא ווערען... אט זיינען נעכטען אייניגע פון אייך אוועק אויפ'ן וועג וואס פיהרט צום שרעקליכען תהום... איך טהאר אייך דא ניט האלטען! פיערציג יונגע־לייט האב איך ארויסגעשיקט, אום פאר אייך דארט אויפ'ן לאנד א שטיקעל וואוינונג צו שאפען און אין א פאאר טעג ארום, וועלען מיר אייך אלע אהין אריבערפיהרען. איך בעט אייך נור געדולדיג צו זיין! נוצט אוים דעם געדולד מיט וועלכען אונזער אומה איז בעקרוינט: דולדעט, ליידעט, טראגט נאר אריבער, די ערשטע אומפערמיידליכע שוועריגקייטען וואס די קאלאניזא־ציאן פאדערט און איהר וועט ענדליך קומען: "אל המנוחה ואל הנחלה" און גלויבט מיר, ס'וועט אייך גוט זיין! ברידער! א גרוי־סער, נאבעלער אידעאל האט דעם באראן באהערשט; זיין הארץ קלאפט מיט ליעבע צו אייך, האלט אייך פעסט און געהט ניט אראפ פונ'ם וועג!"

— שיקט אונז דאקטאר! מיר פאהרען! מיר געהען! הורראי! לעבען זאל דער באראן! — האט עס געדרוישט פון אלע זייטען.

דער דאקטאר לעווענטהאל איז אוועקגעגאנגען א צופרידענער.

מיר האבען גענומען איבער'חזר'ן זיינע רייד; אייניגע האבען אויף זיי פירושים געמאכט און מען האט זיך צוגעגרייט צו דער רייזע: צו פאהרען נאך דער מנוחה ונחלה, אויף אייגענער ערד אריינצוטרעטען אינ'ם נייעם לעבען און אזוי האט זיך עס געצויגען ביז שבת, אין לאנגע פרעהליכע קאמענטארען און אלגעמיינער צופרידענהייט.

שבת גאנץ פריה, איז געקומען א רויטער הערר פון א יאהר 35, אנגעטאהן אין א הויכען צילינדער־הוט, עהנליך צום "קוימען" פון א קוטשער און נעבען איהם, איז רעספעקטפול מיטגעגאנגען א שווארצער יונגערמאנטשיק און ביידע, זיינען העפליך באגריסט געווארען פון די האטעל בעאמטע. פאר אונז האט זיך דער דאזיגער הערר פארגעשטעלט אלס ראבינער פון די מערב-אייראפעאישע אידען: פראנצויזען, דייטשען, ענגלענדער און בעלגיער, און דורך זיין דאלמעטשער, האט ער אונז איינגעלאדען צו געהן דאווענען מיט מנין אין זיין שוהל, וואו דער שווארצינקער איז געווען דער שמש און גערעדט אידיש, אי פאר זיך אי פאר'ן ראבינער, וועלכער האט זיך מיט אונז ניט געקענט צוזאמענריידען ניט אין ענגליש און ניט אין שפאניש, די לשונות וואס ער האט באהערשט.

א צעהן מענשען זיינען מיר געגאנגען מיט זיי. ערגעץ אין א שמוציג און בלאטיגען געסעל, אין אן ענגען פינסטערן צימערל, איז געשטאנען אן ארון קודש מיט אנ'עמוד, א פאאר בענק אויף וועלכע ס'האבען זיך געוואלגערט א צעהנדליג סדורים. דאס איז די דאמאלדיגע שוהל געווען.

היינט האבען די אויסלענדישע אידען דעם שעהנעם טעמפעל, די קאנגרעגאציאן, וואו עס שפיעלט אן ארגעל מיט א שעהנעם ארקעסטער און א גוטען קאנטאר און וועלכע איז די איינציגע שוהל אין בוענאס־איירעס, וואס פארמאגט אן אייגענע געביידע.

מען האט פאנאנדער געטהיילט קארטלאך מיט'ן אויפשריפט: "כהן", "לוי", "שלישי"... דער שמש האט פאר'ן עמוד געדאווענט און געבענשט ראש חודש אלול פון תרנ"א. חוץ אונז, דעם רב און שמש און א פאאר זקנים, איז אין שוהל מעהר קיינער

ניט געווען.

באלד נאכ'ן דאווענען, איז דער רויטער ראבינער תיכף אוועקגע־גאנגען, און דער שמש האט אונז דערצעהלט גענוג טרויעריגע מעשיות.

"דער ראבינער הענרי יאזעף, וואוינט מיט א קריסטין. זיינע קינדער זיינען ניט גע'מל'ט — אמת'ע גוים. די אידען שעה־מען זיך דא אלס אזעלכע אויסצוגעבען אין דער עפענטליכקייט, ווייל אלע פוילישע און גאליציאנער אידען וואס האבען זיך נאך פריהער אין לאנד באזעצט, גיבען זיך כמעט אלע אפ מיט שאנד־הייזער. די רוסיש־פוילישע משפחות, וועלכע לייזער קויפמאן האט אהער פארפיהרט. זיינען פון די קאלאניעז פאלאסיאס און מאניגאטעס, טהיילווייז צולאפען און דאס רוב פון זיי, געפינען זיך איצט אין שטאדט... אויב זיי אליין האלטען ניט קיין שאנד־הייזער, זיינען זיי אבער דארט די משרתים און זייערע פרויען דיענען אלס קעכניעס און דיענסטען אין די בתי זונות...

— און אט דאס איז די אידישע געמיינדע פון בוענאס־איי־רעס. — האט ער אונז געזאגט. — א גאנץ יאהר איז זעלטען א מנין צו טרעפען, נור ראש השנה און יום כפור קומט מען זיך צוזאמען, די כשר'ע מיט די טרפה'נע און מ'דאווענט אינאיינעם. איך אליין, — האט דער שמש פארענדיגט; — בין אויך פון די, וואס קויפמאן האט מיט א דריי יאהר צוריק אהער געבראכט...

ביי דיזע רייד בין איך אויפגעציטערט געווארען.

— איהר זיינט פון קויפמאנ'ס אימיגראנטען? — האב איך אי־בערראשט געפרעגט: — קענט איהר אפשר די פאמיליע ווייי־נער, וועלכע האט אויך מיט דעם סמאטריטשען אידען, קויפמאן, אויסגעוואנדערט? וואס מאכען זיי ערגעץ און וואו געפינען זיי זיך?

— געהערען זיי זיך עפעס אן מיט אייך? אייערע פערוואנדע־טע? — האט ער זיך ערקונדיגט.

— יא, מיין פרוי'ס א פעטער איז ווייגער. אבצעהן יאהר האט ער מיט זיין משפחה געוואוינט אין א דארף; אבער איגנאטיעוו'ס גזרה פון 82־טען יאהר, האט איהם פון דארט פארטריבען און ער איז מיט די הונדערט פאמיליעס פון קויפמאן'ס פארטיע, געפאהרען צו דער גליקליכער קאלאניזאציע!

— אייער פעטער, הירש וויינער מיט זיין זוהן אברהם אליהו, זיינען די גליקליכסטע; — דערצעהלט ער מיר. — זיי האבען דארט אין מאגניגאטעס, אנגעטראפען אן "אלבאניל" (א מוליער). וואס ער צאהלט זיי א פעזא א טאג און זיי טאסקענען בלאטע מיט ציגעל און פארדינען זייער ברויט: אייער מוהמע מיט דער שנור, וואשען דארט גרעט און האבען אויך וואסערע אבציג סענט א מעת־לעת, און ווען ניט דער אומגליק מיט די קליינע קינדער, וואלט זיך דארט ניט געפיהלט אזוי דאס שלעכטס! — האט ער פארענדיגט און געשמאק אפגעזיפצט.

מיר האבען איהם געבעטען ער זאל אונז דערצעהלען אלע איינצעלהייטען פון קויפמאן'ס קאלאניזאציע, באמערקענדיג דערביי: "מיר געהען דאך זיך אויך קאלאניזירען, לאמיר וויניגסטענס אלעס וויסען".

— ניט פאר אייך געדאכט! מיט אייך קען אזעלכעס ניט טרעפען! — האט דער יונגערמאן פארזיכערט. — קויפמאנ'ען האט מען פשוט באשווינדעלט; ניט אומזיסט האבען איהם די אימיגראנטען געוואלט הרג'ענען!

— דערצעהלט! דערצעהלט! — האבען מיר איהם איינשטימיג געבעטען, און ער האט פארצעהלט:

"אין יאהר 1887, ווען די אידען פון די דערפער און די קליינשטעדטעלדיגע, האבען זיך געפונען געדריקט און געשטיקט דורך איגנאטיעוו'ס גזרות, האבען זיי ארויסגעשיקט דריי שתדלנים קיין פאריז און לאנדאן כדי אויסצו־ווירקען ביי די גדולים, דאס מען זאל זיי אריבערפיהרען קיין אמעריקא, קאנאדא אדער פאלעסטינא. צוויי פון דיזע, לייזער ניסענזאהן און משה הענדלער פון קאמענעץ פאדאלסק, האבען זיך, נאך א לאנגען יאהר וואלגערן הינטער די טהירען פון די אידישע פילאנטראפען, אומגעקעהרט מיט ליידיגען אהיים. דער דריטער, קויפמאן, וואס האט דאס אומגליק געהאט, זיך צו באקענען מיט אן אגענט, וואס האט זיך אנגעגעבען אלס שליח פון דער ארגענטינישער רעגירונג און וועלכער האט איהם צוגעזאגט גאלדענע גליקען: ערד, בהמות, רעמאנענט און געלד־שטיצע פאר דער ערשטער צייט. א הונדערט משפחות האט קויפמאן אויף דיזען סמך צונויפגעשטעלט און זיי

זיינען מיט איהם געפאָהרען קיין אַרגענטינא, אום פאַראומגליקט צו ווערען. אַלע הבטחות פונ'ם אַגענט האָבען זיך אויסגעלאָזען אַלס פוסטע, פאַלשע און באַטריגערישע. צווישען די באַהן־סטאַנציעם פאַלאסיאס און מאַניגאַטעס, האָט מען די פאַמיליעס אָפּגעוואָרפען, אָהן ברווידט און אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ... מעהר ווי דריי הונדערט קינדער, זיינען אויסגעשטאָרבען אין איין חודש צייט — דורך הונגער און קעלט... אַ סך פון יענע פאַמיליעס, זיינען אַוועק צו פוס און זיך דערשלאָגען ביז בוענאָס־איירעס: זייערע מיידלאַך און שניר זיינען אין די "הייזלאַך" אריין... פיעלע משפחות זיינען נאָך דאָרט פאַרבליבען און ליידען אַזעלכע שרעקליכע צרות, אַז ס'איז גאָר אונמעגליך אַזוינס אויסצודערצעהלען. יעצט שמועסט מען, אַז דער דאָקטאָר לעווענטהאַל וועט די דאָרטיגע אויפנעהמען אונטער די פליגלען פון דער איצטיגער קאָלאָניזאַציאָן און זיי וועלען דערלייזט ווערען!" — האָט ער פאַרענדיגט.

מיר האָבען זיך אויסגעזיפצט, אָפּגעקרעכצט, אַ פּאָאַר טרעהרען אָפּגעווישט און פאַרטרויערטע צוריק־געגאַנגען אין אימיגראַנטען האָטעל.

דעם זעלבען שבת, נאָכמיטאָג, האָט מען אונז געפיהרט צום וואָקזאַל, אום אָפּצופאָהרען אויף אונזער לאַנד...

און פון יענער רגע אָן, ציהט זיך פאַנאַנדער די קעהט מיט צרות. וואָס איהרע רינגען קניפּען און פלעכטען זיך דורך די גאַנצע דרייסיג יאָהר. — כמעט אַ דריטעל יאָהרהונדערט פון עבדות, פינסטערנעש און דערנידערונג... זעהר ווייניג ליכטיגע טעג האָבען מיר פאַר דער גאַנצער צייט גענאָסען. אַ שווערען פאַרצווייפעלטען און מיהזאַמען קאַמפּף האָבען מיר אַדורכגעמאַכט און זעהר ווייניג פון יענע ערשטע פיאָנירען זיינען געקומען אל המנוחה ואל הנחלה, ווי דער ד"ר לעווענטהאַל האָט דאַמאַלסט פאַרשפּראָכען, סיידען אַריינרעכענען די הרוגים וועלכע זיינען געפאַלען דורך גאַאוטשאָ־הענד, אָדער יענע וואָס האָבען זייער רוה אויפ'ן נאַטירליכען וועג געפונען אין דער אייגענער ערד...

נור לאָמיר דערצעהלען כסדר ווי אַזוי אַלעס איז פאָרגעקומען.

די קאַנקע אָדער טראַמוויי געשלעפּט פון אַ פּאָאַר פערד פגירות,

איז צוגעקומען צום אימיגראנטען־האטעל און דער געלער בעאמטער פון ביורא, האט באפוילען אז מיר זאלען ארײנשטײגען אום צום וואקזאל צוצופאהרען. וויפיעל די פרומע אידען האבען זיך ביי איהם ניט געבעטען: „מיר ווילען געהן צופוס, ס'איז דאך שבת! מיר ווילען ניט און טהארען ניט פאהרען מיט דעם טראמוויי!”, האט װעניג װאס געהאלפען; ער האט שטרענג זיין באפעהל געגעבען: „איהר מוזט פאהרען, אז ניט װערט איהר אן די באהן!” — הגם, װי ס'האט זיך שפעטער ארויסגעװיזען, איז עס געװען א פשוט'ר ליגען: דער צוג איז ערשט אפגעגאנגען בײען א זײגער אין אװענט...

דער שוחט, גדליה װײנער, װאס איז דאמאלסט געװען מיט אונז, האט זיך געלאזט לױפען צופוס נאך דער טראמװײ; ער איז אבער גיך מיעד געװארען. מיט פארדראס און טרעהרען אין די אויגען, האבען זיך די פרומע אידען אײנציגװײז נעבאך, ארויפגעכאפט אויף דער קאנקע, באמערקענדיג אלס ענטשולדיגונג: „אונס רחמנא פטריה”...

מיך האט דיזע טהאטזאך שוין מעהר ניט איבערראשט: װײל דורך דער גאנצער רײזע האב איך באמערקט, דאס די גדולים פון דער עמיגראציע און קאלאניזאציע, האבען סיסטעמאטיש שטענדיג אויסגעקליבען דעם שבת'דיגען טאג, אום אונז צו טראנספארטירען אדער אנדערע שװערע ארבײטען דורכצומאכען...

אויפ'ן װילדען גראז פון דער איצטיגער פלאסע אנסע, אנטקעגען װאקזאל, האבען מיר זיך אויסגעזעצט און פרעהליך, אזױ־װי עס פאסט פאר גליקליכע מענשען װאס פאהרען זיך באזעצען אויף אײגענער ערד, האט דאס יונגװארג געזונגען אליקום צונערם: „סאכע” און די װײבער האבען אײנגעקױפט שפאט ביליג אי אפעלסינען, אי באנאנעס, האבען געביעטען די רוסישע קאפיקעס אויף נײע צעהן סענטיגע פאזיטלאך, באקומענדיג פאר 5 קאפיקעס — צעהן סענט און פאר הונדערט רובל — גאנצע 210 פעזאס. די שטימונג איז א געהויבענע געװען.

די זון האט יענעם טאג עפעס אזױ הערליך שעהן געשײנט, דער װעטער איז געװען מילד און ליעבליך װארים; אלעם האט

אזוי מחיה'דיג געבליהט און געגרינט, אז עס האט א יעדען פשוט ענטציקט.

— וואס זאגט איהר אויף דעם ארגעטינישען ווינטער? — רופט זיך אן א יונגע, שעהנע ווייבעל צום עולם. — נו, א לאנד, טאטע מיינער! א חידוש, א חידוש! אייביג לעבען זאל דער באראן פאר דאס שעהנע לאנד וואוהין ער האט אונז געבראכט!

—הורראַ! לעבען זאל דער באראן דע גירש! דא וואדראסט־וואיעט באראן דע גירש! — האבען דארפישע אידען געדונערט!

נייען אזייגער אין אווענט האט דער צוג געריהרט און מיר פאהרען.

3.

## אויפ׳ן באהן.

קיינער פון אונז איז א גאנצע נאכט ניט געשלאפען. יעדערער האט געברענט מיט אומגעדולד דאס אייגענע לאנד שוין צו זעהן.

ווידער־אמאהל האט מען זיך גענומען פלאנעווען, גרופירען, איינארדנען און פארזארגען אלע קהל׳שע ענינים. הגם אויפ׳ן שיף נאך, האט מען שוין אלצדינג פיקס און פארטיג איינגעלא־דעוועט, אפילו ר א ש י ם אויסגעקליבען, איינגעטהיילט די פא־דאליער באזונדער אין א דארף, — מיט גדליה שוחט אלס רעלי־גיעזען מנהג; די בערסאנער און בעסאראביער אין אן אנדער קא־לאניע, אריינגעבענדיג זיי אין נדן דעם אלטען ש ו ח ט, איז אבער דערביי א צרה געווען — די עטליכע ליטוואקען וואס מען האט טאקע באמת זיי ניט געהאט וואוהין צו צוטשעפען... אט דורך זיי, איז ארוים א געפעהרליכע מחלוקת אויפ׳ן שיף, וואס האט געבראכט צו דער אריינמישונג פונ׳ם קאפיטאן און די איינ־שפארונג פונ׳ם יונגען מג״...

אבער ס׳איז אפטמאל כדאי איבערצודערצעהלען ווי דאס איז פארגעקומען.

חיים טאקערם פרוי, האט אויפ׳ן שיף א אינגעל געבוירען. די גאנצע מאנשאפט איז כאדראם געגאנגען. פונ׳ם קאפיטאן ביז׳ן קלענסטען מאטראז, זיינען אלע געווען מלא שמחה. ס׳איז פרעה־ליך געווארען אין אלע ווינקעלאך. עפעס א קלייניגקייט: א גע־בורט אויף דער שיף! א גדולה אויף זיי!

— אה דעם יונג ווערדען וויר אינ׳ם שיף רעגיסטער איינטרא־גען; איינע פרייע רייזע קארטע ווירד־ער אויף אלע וועלט מעערען בעקאמען! — האט דער קאפיטאן פון שיף, אין פאראידישטען דייטש פארזיכערט דעם קינד׳ס פאטער.

דער יולדות האט מען אין שפיטאל געהאלטען. די ערשטע קלאס־נע פאסאזשירען, האבען איהר אלערליי מתנות געבראכט. הכלל

ס׳איז געווען אַ לעבעדיגע שמחה! צו די אכט טאָג, האָט מען דעם ברית מילה געפּראַוועט כיד המלך... דער קאַפּיטאַן איז סנדק גע־ווען און האָט מכבד געווען דעם אידישען עולם מיט צוויי־הונ־דערט פלאַש מאַדעראַ־וויין... האָבען אונזערע פּוילישע חסידים דעם "מאַדעראַ" גע׳כשרט און גיך געוואָרען בגלופנ׳דיג... דאַרף איינער, אַ ליטוואַק דערצו, מוסר ־זאָגען און וועלען איבערצייגען אַז דער וויין איז נסך... האָט זיך צעפלאַקערט די התלהבות ביים חסיד מג" און מיט אַ ליידיגער פלאַש פאַרפאַהרען אין בעל־מוסר׳ס קאָפּ, און כדי די חסידישע היציגקייט אָפּצוקיהלען, איז ער אלס ארעסטאַנט פאַרשפּאַרט געוואָרען אין סאַמע אונטערשטען טרום און אַט צוליעב דיזער סיבה, האָט זיך צוברענט דער מחלוקת און דאָס צאַנקעריי האָט אַזוי געדויערט ביז תשעה באָב. אין אָווענט, בעת מיר זיינען אַלע געזעסען אויבען אויפ׳ן פּאַלוב און משה מעלמאַן, (שפּעטער חזן ומוהל אָהער "רעוורענד" אין ניו־יארק), האט מיט זיין טענאר שטימע די קינות געזאגט, דער עולם האָט צוגעשלוכצט, די ווייבער צוגעכליפּעט און אייניגע אונטער־געוויינט שנייצענדיג זיך די נאָז, זיינען זיך די אפיצירען און די גע־הויבענע פּאַסאַזשירען, געשטאַנען רונד ארום פון אויבען און האָ־בען אונז באַדויערט, איז פּלוצים ארויס עפּעס אַ יונגער דייטש, (אפשר איז ער געווען אַ יאַהודי) און באַלד נאָך די קינות אונז אַ מוסר דרשה געהאַלטען: אונז פאָרגעהאַלטען וואָס מיר זיינען ניט אַיינשטימיג, ניט פעראייניגט און פערברידערט: און דאַנ־קענדיג זיינע איינדרוקספאַלע רייד, איז דאַמאָלסט שלום געמאַכט געוואָרען און אַ ח ד ו ת האָט מען געשלאָסען און די ליטוואַקען האָט מען צוגעקלעפּט צו אונז פּאַדאַליער.

האָט זיך אָבער אין באַהן די פראַגע ווידער ערוועקט און די ליטוואַקען זיינען ווייטער געבליבען שטעקען ווי אַ בייהן אין האַלדז... זייענדיג נאָהענט פון "אייגענעם לאַנד", דאַרף דער שטן די ליטוואַקעס אַוועק שטעלען אין סאַמע מיטט וועג און יעהערער האָט געוואַלט, דאָס די צווייטע פּאַרטיע זאָל צו זיך נעהמען דיזע שוועסטער קינדער...

אַך ווי נאַרעש און ווי בלינד דער מענש איז! ווען מיר וואָלטען דאַמאַלסט געוואוסט וויפיעל צרות מיר וועלען אויסשטעהן, ווי־

פיעל אומגליקען עס וועלען אונז טרעפען און אז נאך דרייסיג יאהר צייט, בעת פיעלע פון די אראנזשירער שלאפען שוין לאנג זייער אייביגען שלאף און דער חסיד מיט'ן ליטוואק האבען שוין אין עולם האמת אן עוויגען פרידען געשלאסען — אז נאך יעצט, איז נאך אלץ די קאלאניע ניט אראנזשירט און ניט ארגאניזירט, — מעגליך אז מיר וואלטען געווים אויסגעמידען די נארישע צאנקערייען און דעם דומען האס צווישען ברידער! אפשר, ווער ווייסט? פיליכט איז עס גאר א גליק פאר דער מענשהייט וואס די צוקונפט איז שטענדיג פארשלייערט און פארבארגען פאר'ן שכל און פאר'ן בליק!

נאר לאמיר בעסער צוריק געהן צו דער ערצעהלונג.

א גאנצע נאכט האט עס אין באהן גע'רעש'ט פון די היציגע דיסקוסיעס און פייערדיגע דעבאטען און מיט'ן טאג, זיינען מיר אנגעקומען צו דער סטאנציע ק א ס א ר ע ס.

אויף שטום לשון, וועלכען מיר האבען שוין דאן זיך גוט אויסגעלעהרענט, האט מען אונז צו פארשטעהן געגעבען אז מיר דארפען אפשטייגען פון די וואגאנען. דער לאקאמאטיוו האט זיין סיגנאל געגעבען און דער צוג איז זיך אוועק זיין וועג.

פון צעווישען די הויכע גראזען, וועלכע האבען במעט די רעלצען פארדעקט, האט זיך א בלאסער מאטער זונען שיין דורכגעריסען און באלויכטען די פוסטע געגענד. בלויז צוויי הייזקעס — איינע צונויפגעשלאגען פון ברעטלאך און די צווייטע פון בלעך און אין וועלכע עס זיינען אינסטאלירט געווען קליינינקע קאמפס שענקלאך, — האבען מיר דארט אנגעטראפען און דיזע, צוזאמען מיט'ן טל ומטר'דיגען וואקזאלטשיק, האבען דאמאלסט פארגעשטעלט קאסארעס.

אויף ווי ווייט דער בליק איז געפאלען האט מען נאר געזעהן בוריאן: הויכע, ווילד אויסגעוואקסענע גראזען מכל המינים און צעווישען זיי, וואו ניט וואו, שמאלינקע אויסגעטראטענע סטעזשקעס וואס דער סקאט האט הפנים געמאכט, געהענדיג צום וואסער און די שטענגען האבען זיך געשלענגעלט צווישען דעם וואלד גראז און זיינען פארלוירען געגאנגען ערגעץ ווייט, ווייט אין די אונענדליכע פאמפאס.

4.

## מיר געהען צו אונזער לאַנד.

קיין לעבעדיגער מענש האָט אונז ביים וואָקזאַל ניט עמפּפאַנ־גען: קיין איינציגער בעאַמטער פון באַראָן'ס קאָלאָניזאַציע האָט אונז ניט אָפּגעוואַרט. דעם שעף פון קאַסאַרעסער באַנהויף, א הויכער ברונעט, מיט א געדיכטער היטשקע האָאַר, — האָט זיך אַלע ווײַלע אַרויסגערוקט פון'ם וואָקזאַל־הייזעל, צוגעשמיי־בעלט שעלמיש צו אונזערע שעהנע ווייבלאַך און דערזעהענדיג, דאָס ניט איינע פון זיי שענקט איהם וועלכע ס'איז אויפמערק־זאַמקייט, איז ער הפּנים בעז געוואָרען, האָט א טרעסעל געטהאָן די קוטשמע האָהר, זיך פאַרמאַכט אין שטוב און מעהר זיך ניט געוויזען.

ווער פון אונז עס האָט נאָך אין זיין קלומעקיל געהאָט א שטי־קעל ברוידט, האָט עס אויפגעגעסען. די קינדער זיינען ביסלעכ־וויז הונגעריג געוואָרען און מען האָט זיך צעלאָזט נאָך די שענק־לאַך אום ברוידט צו קויפען: אבער זיי האבען אזא ארטיקעל גאָר נישט געהאָט... די אויגען זיינען פון אומגעדולד אַרויסגעקראַ־כען, קוקענדיג אויף אַלע זייטען, פיליייכט קומט אימיצער, כדי אונז צו פיהרען אויף אונזער לאַנד.

א שעה נאָך א שעה איז פאַרפלאָסען און ס'איז נאָך אַלץ קיי־נעם נישט צום זעהן געווען.

דער עולם איז אויפגערעגט געוואָרען: ס'האָט אָנגעהויבען קאָ־כען. צום אנפאנג שטיל — שפּעטער אַלץ רוישענדער און העכער. בינטלאַך אידען האבען זיך אויסגעשטעלט נעבען די רעלצען און אריינגע'טענה'ט מיט די הענד און פיס... אונצופרידענהייט און פאַרצווייפלונג האבען לאַנגזאַם אריינגעדרונגען אין די הערצער און פון מינוט צו מינוט זיך פאַרשטאַרקט.

אַלעמענס אויגען האבען זיך איינגעגעסען אין די גראָזען:

"אַט קומט מען!" — האָט זיך געדוכט. אייניגע האָבען אויפ'ן חשבון פון די פוילע קאָלאָניזאַטאָרישע בעאַמטע, זיך איבערגע־וואָרפען מיט עכט רוסישע מי שברך'ס... אַנדערע האָבען זיך אָוועק געלאָזען מיט די סולעפקעס, צעווישען די הויכע גראָזען און בוריאַנעס, אָבער גיך האָבען זיי זיך אומגעקעהרט פאַרסאָפּע־טע, פאַרשוויצטע און בעטונקען אין די געלע בודזשיקעס און גרינע בערלאַך.

אַזוי האָט זיך דער טאָג געצויגען ביז צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג.

פּלוצים האָט זיך דערהערט דאָס קנאַלען פון אַ בייטש און פון די גראָזען אַרויס, איז אויסגעוואַקסען אַ וואָגען מיט צוויי משונה הויכע רעדער, געשפּאַנט צו אַ גאַנצען מנין פערד. הינטער איהם, נאָך איינער און נאָך איינער, — ביז אַכט: אַלע אויף צוויי אומ־געלומפּערטע רעדער און זיי האָבען זיך אויסגעשטעלט אין אַ רייהע, ביים לענג פון דער באַהן ליניע.

אַ בלאָנדער יונגערמאַן, רייטענדיג אויף אַ שטאַרקען ווילדען פערד, איז אינדעם אַנגעלאָפען און האָט עפּעס אויף שפּאַניש באַפוילען צו די שוואַרצע אַנטרייבער פון די וועגען און גלייך האָט יעדערער פון די בעלי עגלות, אַראָפּגעשאָטען פון זיין הויכען וואָגען אויפ'ן גראָז אַרויף, אַ באַרג מיט האַרטע, צעטריקענטע פלעצלאַך: — וועלכע זיינען דורך דער קאָלאָניזאַציע באַריהמט געוואָרען אונ־טער'ן נאָמען "גאַליעטען". נאָך איינער, אַ יונגער הערר, וויים ווי מילך, מיט צאַרטע און איידעלע געזיכטס־שטריכען און באַווע־גונגען, איז אַנגעקומען אויף אַ שעהן באַפּוצטען פערד, האָט אונז באַ־גריסט אין דייטש און זיך פאַרגעשטעלט אַלס אונזער אַדמיניסטראַ־טער: הערר גערביל.

— ווער הונגער האָט, זאָל דיזע בולקעליך, "גאַזשעטאַס" נעהמען, אונד עסען! — האָט ער אונז ערקלעהרט.

די בושה וואָס איז שוין ביי אונז אַ צוקאַליעטשעטע געוועזן נאָך פון דער דייטשער גרענעץ אָן: וועלכע האָט זיך גענומען ברעקלען ביים ערשטען רחמנות־ביסען, וואָס די דייטשע אידען האָבען אונז צוגעוואָרפען און טהיילווייז טאַקע, דער דריקענ־דער הונגער, האָט קיין שום שטערונג און אַבוועגדונג מעהר ניט געמאַכט: — מען האָט זיך ניט געלאָזען לאַנג בעטען און זיך ווילד

געוואָרפען אויף די שנאָרער בולקעלאך און ס'איז געוואָרען א באַפעריי...

די פנים'ר ביי די טונקעל געקופּערטע ארגענטינער, האָבען זיך ספּאַזמיש צעקרימט, דערזעהענדיג דיזע סצענע און האָבען עפּעס שטאַרק צופּאַכען מיט זייערע הענד און ווען זיי האָבען באַמערקט, דאָס די הונגעריגע קינדער קענען מיט זייערע ציינגלאך נישט איינבייסען די פארשטיינערטע "גאַליעטען", זיינען זיי פון די וועגען ארונטערגעקראכען און אונז אנגעהויבען לעהרנען, ווי מיט דעם דאָזיגען מאכל אומצוגעהן: אַז די אייזערנע שינעם פון די רעדער, האָבען זיי די "גאַליעטען" אָנגעקלאַפּט און זיי זיינען זיך צעפאַלען ווי שטיקלאך גלאָז; די שטיקלאך אריינגעלעגט אין וואסער צום ווייקען און נאכדעם יעם דערלאנגט די הונגעריגע קינדער, מורמלענדיג דערביי: "פּאָווריעם ניניאָס! פּאָורעם עמיגראַנטעס!" — ארימע קינדער! ארימע עמיגראַנטען!

אַז מען האָט מיט די איינגעווייקטע פּלעצלאך דעם הונגער גע־שטילט, זיינען פון די פיער־מעטרדיגע הויכע וועגען, ארונטער גע־לאזען געוואָרען לייטערס און דער אדמיניסטראַטער געֶרביל, האט זיין צווידאשקאַווע היטעל — איין דאשעק פארענט, איינער היני־טען, — אין האַנד גענומען און זיך גאַר מעשה קאַוואַליער, פאַר־נייגט פאַר אַלע אונזערע ווייבלאַך, זאָגענדיג העפליך:

— יעצט ליעבע פרויען אונד קינדער, שטייגען זי אויף די וועגען הינויף, אונד זי ווערדען צו זיך אויף לאנד, אין אייער היים פאהרען!

צו די מענער האט ער זיך שוין געווענדעט אין גאַר אַנאַנדער טאָן:

— איהר צוקינפטיגע קאָלאָניסטען, ווערט מוזען דעם וועג צו פוס מאכען: וויר האָבען זאָ פיעלע וועגען פיר אייך ניכט בעקאמען קאנען! — און אומווענדענדיג זיין געזיכט צום בלאָנדען יונגענמאַן האָט ער געזאָגט:

— סעניאָר טיראַטשיני: איהר ווערט גיטיגסט בעשטעלען פיער "וואַקיאַנאָס" (ערפאַהרענע לייט. וועגווייזער), אום די קאָלאָניסטען דעם וועג אַנצייגען. אַדיע קאָלאָניסטען! — האָט ער אונז צוגעשריען, — דער העֶרר אינזשעניער, ווירד שוין אַלעס, אַלעס בעזאָרגען.

מיט די שפּאָרען האָט ער זיין פערד די ריפּען אנגעקלאַפּט און איז שנעל פערשוואונדען געווארען אין דעם וואלד פון דערנער און גראזען.

אזוי זי די הערינג אין פּאס זיינען די פרויען מיט די קינדער צונויפגעפרעסט געווארען אויף די וועגען. די בייטשען האבען די לופט פארהילכט מיט זייער קנאַלען און די אומגעלומפּערטע עגלות, מיט׳ן טאבון פערד, זיינען אוועק מיט אונזערע משפּחות.

דער בלאנדער אינזשעניער האט אונז, מענער, אויך איבערגע־לאזען און איז אוועק אין שענקעל אריין, מן הסתם דארט עפּעס איבערכאַפּען, אדער אפשר זיין גארגעל דורכצושווענקען... אבער ער האט זיך, ווייזט אויס פארגעסען אן אונז; ווייל די שעה׳ן זיינען געפלאסען, איינע נאך דער אנדערער און מיר זיינען געשטאנען ביי דער באהן ליניע און שיער צעפּלאצט פאר אומגעדולד... פון אינזשעניער האבען מיר קיין זכר ניט געזעהן.

— וואוהין זאלען מיר איהם געהן זוכען? — האבען מיר זיך איינאנדער געפרעגט. — מען דארף געהן איהם ארויסשלעפּען פון שענקעל, זאל ער אונז פיהרען, דעם וועג ווייזען! — האבען מיר בעשלאסען.

די זון האט זיך וואס אמאהל אלץ מעהר געזעצט הינטער דער נעביידע פון דער סטאנציע. די נאכט איז שנעל צוגעפאלען. פלוצים זיינען פייער רייטער פאר אונז אויסגעוואקסען, ווי זיי וואלטען פון די וואלקען אראפּגעפאלען; מחמת קיינער האט ניט באמערקט, פון וועלכער זייט זיי זיינען אנגעקומען!

ברונעטען, הויך געוויקסיגע, מיט לאנגע שווארץ גלאנצענדיגע האהר און טיעפע טונקעלע, אבער ברענענדע אויגען, — זיינען זיי געווען. ברייטע גארטלען, ארומגעקלאַפּטע מיט זילבערנע מטבעות, האבען זייערע לענדען ארומגענומען, און פון אונטער׳ן גארטעל, איז רונד־ארום אראפּגעהאנגען די "טשיריפּא", א וואהלענע טוך, וואס הילט איין ביז צו די קניה, דעם אונטערשטען טהייל קערפּער. די זאטלען זייערע, זיינען אויך באשלאגען געווען מיט זילבערנע באפּוצונגען און ריין בלוטיגע פערד האבען געברענט אונטער זיי.

זיי האבען אונז פריינדליך באגריסט און זיך גאנץ עלעגאנט

פארנייגט, און דערזעהענדיג אונזערע חסידים אין די לאנגע קאַ־פאָטעס, האָט זיך אַ שמייכעל פאַנאַנדער געקרייזעלט איבער זיי־ערע גראָבליכע ליפּען, צומורמלענדיג דערביי מיט נייגעריגקייט:

— קוראס! סאַנטאָס?! — (גלחים, הייליגע?)

באַלד דאַרויף איז אויך אָנגעקומען דער בלאָנדער טיראַטשיני. האַלב שיכור׳לאַך איז ער געווען און חוצפה׳דיג האָט ער געקאָ־מאַנדעוועט: "צו צוויי הינטער צוויי!" "צו צוויי אין רייהע!" — און ביי יעדען אין הארצען האָט זיך ווי עפּעס אָפּגעריסען.

אזוי ווי סאָלדאַטען אין דער ליניע, האָט ער אונז אויסגעשטעלט פאָארוייז, און ווען אברהם "דער גיהנום שמש", — אַ צונאָמען וואָס ער האָט באַקומען פאַר זיין דאַרקייט, לאַנגקייט און פאַר זיין פאַנאַטישער פרומקייט, — איז ניט אויסגעקומען גלייך ווי אַ סטרונע אין דער רייהע, האָט איהם דער באַזויפענער אינזשעניער אַזאַ שטופּ געטהון מיט׳ן ברוסט פון זיין פערד, אז ער האָט זיך נעבאַך אויסגעצויגען אין זיין גאַנצער לענג, ווערהענד דער שיכור מיט די "וואַקיאַנעס" האָבען זיך צעשמאָלצען לאַכענדיג... בעת מיך און פיליכט נאָך אייניגע, האָבען זיך די אויגען אָנגעפיהלט מיט טרעהרען.

— מאַרש — האָט דער אינזשעניער אויסגעשריען, אַ מאַך טהוענ־דיג מיט זיין האַנד.

— "וואַמאָס!" — קומט! האָבען איהם די "וואַקיאַנאָס" מיט־געהאָלפען און צוויי פון זיי, זייענען אַרויסגעריטען צום פראָנט בעת די אַנדערע צוויי, האָבען זיך געשטעלט ביי אונזערע ביידע זייטען און די קאַראַוואַנע וואַנדערער האָט זיך גערירט אין וועג אַריין.

דער אָנגעטרונקענער אינזשעניער האָט צעיאָגט זיין האַלב־ווילדען פערד, איז פאַרבייגעפלויגען אונזער לאַנגער שורה און איז פאַרשוואונדען געוואָרען הינטער די טיפע גראָזען.

די זון איז הינטער די פליצעס אַלץ טיעפער פאַרזונקען געוואָרען אין די הויכע "זשוזשעס", אָדער דערנער; אַ רויטהע־צעפלאַמטע, אַנ׳אָנגעצונדענע, האָט זי דאָס גאַנצע פעלד ווי מיט פייער באַגאָסען. די פיער שפּאַניער, אונזערע טרייבער, האָבען איינער דעם אַנדערען אָנגעוויזען מיט׳ן האַנד אין מערב־זייט.

— א רעגען! — האט אנ'עלטערער דארפס־איד באמערקט. — די נאכט רעגענט...

איינינגע האבען זיך הילכיג צעלאכט.

— עס איז דאך שטיל און ווארים — א מחיה! קיין גרעזעלע גיט זיך קיין ריהר ניט, וואלקענס זעהט מען נים, וואו־זשע האט זיך אייך גענומען א רעגען? — האט איינער אויפ'ן קול געזאגט.

— אט דארטען! — האט דער אלטער געענטפערט אנצייגענדיג אויף א שמאל פאסיקעל כמארע, וואס איז געלעגען צוצויגען ווי א סאמעטענע שווארצע ליענטע, ביים סאמע זוים פון הימעל, וואו די זון איז זיך געגאנגען בעהאלטען אין דער נאכט.

— אט האט איהר אידען א נייעם תוכן, א נייעם אסטראנאם, א חיים זעליג סלאנימסקי! — האט זיך געוויצעלט שניאור מלמד פון דיניוויץ. — וואס זאגט איהר עפעס אויפ'ן דארפישען שטע־רענזעהער? שטעלט פים קינדער! מיר וועלען נאך אי"ה נעהמען אביסעל בראנפען און אונזער נייער היים, איידער דער רעגען וועט געהן!

און מיר האבען פלייסיג געשפאנט צעווישען די בודזשיקעס, בוריאנעס און גראזען.

5.

# דער "פאמפערא", שטורם און שלאנגען.

די נאכט איז מיט אמאהל צוגעפאלען, ס'איז מאמענטאן פינסטער געווארען.

די פיער ארגענטינער האבען זיך אפגעשטעלט; זיינען פון די פערד אראפגעקראכען, פון אונטערן זאטעל האבען זיי אפיר־גענומען א גרויסע שאל, — אזוי ווי א טלית, מיט א שפאלט אין דער מיטט, די "פאנטשא" און דאס אנגעטהון ווי אן ארבע כנפות, — דורכ'ן קאפ. זיי האבען פארדויכערט צו ציגארעטלאך, ווידער ארויפגעשטיגען אויף די פערד און הארט, איינער נעבען צווייטען, זיינען זיי אלע ארויסגעריטען אויפ'ן פראנט ארויס.

דער הימעל האט באקומען אן אש קאליר; ערטערווייז אזש גרוי. באלד האבען זיך די קאלירען געביטען: שטיקער געווארען גרין, שטיקער שווארץ. אויף אונז האט זיך ווי אנגעהויבען שיטען א פינסטערנעש, א מין געדיכטע שווארצקייט האט אונז איינגעהילט. דער חושך האט אונז איינגעדעקט און ווי אין אייזערנע קליאמערעס איינגעשלאסען. אינסטינקטיוו האבען מיר זיך צוגערוקט און איינגעפרעסט איינער אנעם צווייטען: עפעס א מין געהיימער פחד האט אונז באהערשט און טאקע באלד, האבען מיר דערהערט דעם טומפען שומען פון די גראזען. די גאנצע פוסטיניע ארום האט פלוצים גענומען רעש'ן, רוישען און אויפציטערן... די פערד פון די שפאניער, האבען שטארק געפארסקעט מיט די נעזער און זיך געריסען פונ'ם צוים, אונטער די לייצעס...

— פאמפערא! פאמפערא! — האבען די "וואקיאנאס" דערשראקען איינער צום צווייטען געזאגט.

מיר האבען דאמאלסט די בעדייטונג פון דיזען ווארט ניט פארשטאנען: אבער אין א רגע ארום, האבען מיר די פארטייטשונג באגריפען. פון צפונית־מערבית, האט דאס הודיען פונ'ם שטורם־ווינט זיך צו אונז דערטראגען. דער "פאמפערא" איז אנגעקומען.

האט א כאפ־געטהון די קעפלאך פון די גראזען און מיט כעס זיי געשלײדערט איינס צום צווייטען, זיי צעריבען, צעריסען אויף פיצ־פיצלאך און די פאלאווע, אונז אין פנים־אריינגעשאטען... די גאנצע לופט האט אויפגעציטערט און דער ווינט האט זיך צובר־שעוועט, האט געוואיעהט, זיך געבייזערט און מיט קולי־קולות געברומט און געשטורעמט... שטראמען ווינט, ווי די כוואליעס פונ׳ם ים, האבען זיך געקייקעלט איבער אונזערע קעפ. צעריבענע שטרוי אויסגעמישט מיט זאמד, האבען אונז די אויגען פארשאטען. וויי־טער געהן, — איז אונמעגליך געווען און ווי אונטער א מיליטע־רישער קאמאנדע, האבען מיר, אלע דריי הונדערט נודדים, איג־סטינקטיוו זיך אויף דער ערד אויסגעלעגט.

מיט אמאל איז דער ווינט אפגעהאקט געווארען און א פיינ־ליכע שטילקייט האט איינגעטראטען. א בליץ האט דורכגעריסען דעם שווארצען הימעל און ס׳האט א שרעקליכער דונער אויפ־געקנאלט, אז עס האט אזש פון דער ערד געהויבען. ביים שיין פון בליטץ האבען מיר דערזעהן, ווי אונזערע וועג־ווייזער טרא־גען זיך שנעל אפ און ווערען נעלם... טאקע באלד, האט שניאור מלמד מיט א ציטערדיגער שטימע, די ברכה אויף א דונער גע־מאכט און ווי עס שיינט, אלס צושטימונג, האט עס אנגעהויבען קראכען און דונערן פון אלע זייטען, איינס נאכ׳ן אנדערן. איי־נער געפלאכטען אינ׳ם צווייטען און די בליצען האבען אזוי לאנג אנגעהאלטען, אז מיר האבען זיך געקענט געגענזייטיג אנקוקען.

גראבע טראפען רעגען, אנפאנגס וואריםע און באלד אייז־קאלטע, האבען אנגעהויבען פאלען אויף דער ערד: דער ווינט, וואס איז געהאט אויף א ווײלע אנשוויגען געווארען, האט איבערמאלס אויסגעבראכען און געבושעוועט נאך מיט מעהר כעס ווי פריהער: האט געשטורעמט, געריסען, געמאכט א משונה׳דיגען רעש און דעם רעגען אפגעטריבען פון אונז....

א שרעקליכע מלחמה, א לופט שלאכט, צעווישען דעם "פאמפע־רא" און דעם רעגען, איז אויבען איבער אונז, געפיהרט געווא־רען און דער לעצטער האט גובר געווען. א מבול וואסער האט זיך א גאס געטהון פון די וואלקען. האט דעם שטורם באזיעגט און איהם שווייגען געמאכט.

— געגאנגען! — האבען מיר זיך געגעגזייטיג געמוטהיגט און פיס געשטעלט. דער רעגען האט ווי מיט עמער געגאסען און אונז דורכגענעצט ביז די ביינער. די וואלענע קאלדרעס פונ׳ם שיף, וואס כמעט יעדערער האט מיט זיך אזעלכע געטראגען, זיינען געווארען ווי בליי. דורכגענעצט ביז׳ן מארך, האבען מיר זיך כנופיה׳ס־וויז ביי די הענד גענומען און זיך געשטופט פארווערטס, גלייך אין חושך אריין. וואוהין? דאס האבען מיר אליין ניט געוואוסט! מען האט געברויזט אין די נאסע גראזען און געוויקסען, אהן א וועג און אהן א ציעל.

בעגלייטעט פון אונאויפהערליכע בליצען און הילכענדע דונערן, האבען מיר, ציטערנדיג מיט אלע נערוועו, זיך אזוי געשלעפט קעגען א שעה צייט ביז מיר זיינען צוגעקומען צו א הראטענעם פליט. אן "אלאמבראדא", מיט וועלכע די היגע פעלדער ווערען ארומגעצוימט.

— סטאפ! א וואנט! — האבען זיך דערהערט קולות פון די פאדערשטע רייהען, וועלכע האבען זיך שוין געהאט צעקלאפט די נעז און צוקאליעטשעט אן די "פאסטעס" — די סלופעס, דורך וועלכע הער דראט איז דורכגעצויגען.

— היט זיך, א וואנט! — אבער ווער האט דען געקענט אין אזא וועטער הערען? מען האט זיך אנגעשלאגען, זיך געשטויסען און זיך צו־נהרג׳ט, צעבלוטיגט און צעטראטען. דאס גליק איז נאך געווען וואס דאמאלסט האט מען נאך קיין שטעכעדיגען דראט ניט גענוצט, זאנסט וואלטען נאך פיליכט געווען געפעהרליך פארוואונדעטע און אפשר אויך טוידטע... דער גאנצער עולם האט זיך דערשלאגען צו דער דראטענער וואנט און איז שטעהן געבליבען, אליין ניט וויסענדיג וואס ווייטער צו טהון.

אינדעם האבען מיר דערהערט א געשריי: "רוסאס" און א הלכענדער פייף פון די גאאטשאס האט דורכגעשניטען די לופט און אפגעקלונגען אין די אויערען.

ביים שיין פון א לאנג־דויערנדען שטארקען בליטץ, האבען מיר פון דעם אנדערער זייט דראטה, דערזעהן צוויי פון אונזערע מורה דרך׳ס, רייטענדיג גאנץ געמיטליך אויף זייערע פערד און מיר האבען זיך געדרונגען, אז אונזער לאנד איז געווים אויף יענער זייט

צאם. מיר האָבען איילענד גענומען אריבער קלעטערן די אנ־ דערטהאַלבען מעטערדיגע וואַנט. — (גרינגע חיות, דער שכל האָט ניט געטראָגען זיך דורכצושטופען צעווישען די דראָטען!) — מיט מיה און אנשטרענגונג איז אונז ענדליך געלונגען אריבער צוקריכען אויף דער צווייטער זייט.

דער רעגען האָט נאָך אַלץ געגאָסען מיט צעבערס און מיר, דענקענדיג דאס אט־אָט קומען מיר שוין צו א ישוב, האבען זיך געמוטהיגט, זיך געשטופט דורכ'ן ווינט מיט דער שארגע, און אלץ ווייטער פאראוים געגאַנגען.

אַ פּאאר מאָל האבען מיר נאָך געהערט דעם גרילצענדען גאַ־ אוטשאַ־פייף פון אונזערע טרייבער, וועלכע סוויטשען אויפ'ן זעלבען אופן, בעת זיי טרייבען אַ סטאַדע פיה און נאכהער, האָ־ בען מיר זיי שוין מעהר ניט געהערט.

אומגעפעהר אַקעגען נאָך אַ שעה צייט, האָט דער שלאַגס־רעגען נאַכגעלאַזט, דער מבול האָט אויפגעהערט און אַ זומערדיגער דריבנער רעגענדעל האָט פלייסיג דעם פּלאַטץ פארנומען. די על־ טערע מענשען זיינען מיעד געווארען; דער רעגען האָט די קאַפּאַ־ טעס אנגעווייקט און די פּיס האָבען זיך אפגעזאגט זיי ווייטער צוטראָגען, — און זיי זיינען צוגעשטאַנען. די שטארקערע, די אינגערע, האָבען אוועק־געשפּאַנט פּאַראוים. וואוהין? גלייך דעם חושך אין מויל אריין.

די קאראוואנע איז צעשלאָגען געווארען. פריהער גרויסע גרופּעס, צו דרייסיג פערציג מאַן; נאכהער קלענערע און גאָר קליינינקע, צו 5־6 פּערזאָן. אַט אזוי האָט מען זיך געשלעפּט איבערן סטעפּ, געשריען איין בינטעל צום צווייטען: העפּ! העפּ! ביז מען האט זיך הערוווייטערט איין גרופּע פון דער אנדערער און די קולות זיינען פארשטומט געווארען...

איך בין פארבליבען אין אַ גרופּע זאַלבעפיערט. מיר האבען זיך ביי די הענד געהאַלטען און געשפּאַנט אַלץ ווייטער.

איינער פון די פיער איז אַ שיפס־ברודער געווען, פון דער ט י אַ ק אַ און די אנדערע צוויי, פון דער ל י ס א ב אַ ן. מיט אַלע קויעפטען האָבען מיר געשפּרייזט ווייטער און ווייטער, אין דער ריכ־ טונג וואו ס'האָט זיך צולעצט געהערט דער קול פון די "וואַקיאַנאָס".

פלוצלונג האט זיך איינער פון אונז אפגעשטעלט. ער האט מעהר ניט געקענט געהן, די פיס האבען ניט געדיענט...

— לאזט מיר ברידער, לאזט מיך דא: — האט ער פאראומער־טער זיך געבעטען — די כוחות האבען זיך מיר אויסגעשעפט! — מינה וביה, איז ער שוין געלעגען אויפ׳ן נאסען גראז.

— וואס רעדט איהר פעטער? שטארקט זיך! קומט, באלד וועלען מיר שוין צו א ישוב אנקומען!

אבער ער ריהרט זיך ניט פונ׳ם ארט... דערווייל שמייסט דער רעגען און ער געפינט זיך כמעט ווי אין א טייך. וואס טהוט מען?

מיר האבען איהם גענומען אונטער די ארעמס און געטאסטשעט... אפגעשלעפט א הונדערט מעטר, — אבער שלעכט, מיר ווערען מיעד! וואס־זשע טהוט מען פארט? מיר קענען דאך איהם ניט לאזען דערגעהן!

—הערט ברידער: — זאגט צו אונז דאס אידעל, מיט א שוואך קול: — לאזט מיך איבער אט־דא. איהר קענט מיר גאר ניט העלפען: די כוחות, פיהל איך, געהען מיר אויס... כ׳בין א מענש אריבער חמישים: אויף דער שיף די גאנצע צייט ניט געגעסען: אין אימיגראנטען הויז איז אויך טריפה געווען... היינט דעם גאנ־צען טאג געפאסט... קאלאמבוסעס בולקעלאך, די דארע פלעצלאך, זיינען ניט פאר מיינע צייהן... יעצט דאס לויפען אין מדבר — האט מיך גאר דער׳הרג׳ט! נעהמט ארויס פון מיין בוזעם קעשענע א ביכעל מיט׳ן פאשפארט און אין איין זאק, אויפן לינקען פוס, האב איך 35 רובעל אין א שטיקעל סיראטע בעהאלטען, כדי די רשעים אין לעמבערגער קאמיטעט זאלען עם ניט געפינען: — איך האב געדענקט דאס געלד מיין ווייב מיט די פיער מיידלאך מיינע צו שיקען, זיי געהען ממש אוים פון הונגער, דארט אין ״שווארץ טומאה״; יעצט וועט דאס געלד צונויז קומען אויף בגדים... — און אינדעם צוכליפעט זיך דער אלטער, אקוראט ווי א קינד.

— האט קיין מורא ניט, אלטיטשקער! — האבען מיר אלע דריי איינשטימינג געזאגט. — איהר שטארבט חלילה ניט. דאס געלד, אויב ס׳איז נאך ניט צעווייקט געווארען פונ׳ם וואסער, וועט איהר דאס נאך אי״ה אהיים שיקען, צו אייערע פיער בתולות.

— חברה א נאסילקע! אין דרייען וועלען מיר איהם טראגען! — האט איינער פארגעשלאגען. א קאלדרע פון די שיפס־דעקעס איז אויסגעשפרייט געווארען, צוויי פארענט, איך ביי די פיס, האבען מיר איהם אזוי עקשנות׳דיג געטאסטשעט און ווייטער געגאנגען.

דערוויילעט האט דער רעגען אויפגעהערט; אבער מיר זיינען אלע דריי אין שוויים איינגעטונקען געווארען... פלוצים זיינען מיר אויף א בערגעל ארויף, און איינער פון אונז האט פרעהליך אויגעשרייען:

— ליכט! איך זעה דארטען פייער!

מיר האבען די משא אראפגעלאזט און זשעדנע אונזערע בליקען אנגעשטרענגט אין דער אנגעוויזענער ריכטונג. ריכטיג! א שיין פון פייער האבען מיר אנטקעגען אונז דערזעהן, ״א ישוב״ — האבען מיר מונטער אויסגעשריען.

דער אלטיטשקער, וואס האט אויסגעוויזען ווי א בר מנן, איז ביי דעם ווארט גאר פון דאס ניי לעבעדיג געווארען. ״מיר זיינען גערעטעט!״ — האט ער מיט שמחה געזאגט און זיך אויף די פיס געשטעלט.

א צעהן מינוט האבען מיר זיך אויסגערוהט און מיט פרישער האפענונג, פיהרענדיג דעם אלטען אונטערן ארעם, האבען מיר זיך צום פייער געצויגען.

גיך האבען מיר קולות דערהערט: ״הו־הא! הו־הא! ע־ע־העפ!״ — מיר האבען אפגעענפערט און האסטיגער געגאנגען צו די שטימען.

— א הער! אהער! אט־דא זיינען מיר! — האבען מיר גאר נאהענט דערהערט און מיט די לעצטע קרעפטען זיינען מיר צוגעקראכען צו יענעם ארט.

6.

# איך ווער מגלגול אין אַ אידענע און זעה אידיש בלוט...

אין א שיטערן וועלדעל, צווישען הויכע בוימער, האט א גרויסער פייער געברענט. די אונזעריגע זיינען אנטקעגען געקומען, טראגענדיג בלעכענע שיסלאך מיט ווארעם יאויך.

— נאַט, זופּט, דערווארעמט אייך! טריקענט זיך צו, דא נעבען פייער! — האָבען מיטפיהלענדע און מיטליידענדע שטימען זיך צו אונז געטראגען פון אלע זייטען.

אונטער א געדיכטען צעצווייגטען בוים, ביים פייער, איז געשטאנען א געזונדטער, ברייט־בייהנערדיגער מענש, מיט א לאנגע רויטע באָרד און געדיכטע ברעמען, פונקט ווי ביי א קאצאפ און האט פון אַ קעסעל אַרויס, אויסגעטהיילט פּאָרציעס זופּ מיט פלייש, וואס ער האט צוגעגרייט פאר די אנגעקומענע. דאס איז געווען דער ליטווישער שוחט, י צ ח ק ק ר ע ל ל, איינער פון די פיערציג בחורים וואָס ד"ר לעוועטהאַל האָט אַרויסגעשיקט, בכדי צוצוגרייטען וואוינונגען פאר די פאמיליאנטען... מיר האבען דאס ביסעל יאָאויך אויסגעזופּט און צוגעקוקט ווי עס קומען אָן אַלץ פרישע בינטלאך אויסגעווייקטע אין פערשמאכטע אידען, און אויסגעהערט ווי זיי דערצעהלען, דאָס א סך פון זיי האָבען פארבלאָנדזשעט און בעטען, מ'זאל וואס שנעלער זיי שיקען אויסזוכען, זאנסט וועלען זיי דארט אין פעלד דערגעהן פון נעץ און קעלט.

באלד האב איך נעבען מיר דערזעהן מיין פרוי מיט'ן קלענסטען קינד אויף די הענד. מיט טרעהרען אין די אויגען האט זי גאט געדאנקט, וואס זי זעהט מיך א לעבעדיגען.

— אוי־וועה! — זאגט זי. — א שרעקליכע שטיקעל צייט האבען מיר, אלע פרויען דא איבערגעלעבט. די נפשות, וואס האבען אייך ווי סקאט געטריבען, זיינען שוין דא אריבער דריי שעה און האבען געמאָלדען, דאָס זיי האָבען אַייך אין פינסטערן פאַרלוירען. מיר האבען אונזערע קליידלאך צוריסען, די שטיקער אין קעראסין



דער שוחט קרעלל פאַרטהיילט דאס עסען אונטער די אימיגראַנטען. (ז. 43).

געטונקען, עס אנגעצונדענע אויפגעהאנגען אויף די צווייגען **אלס** סיגנאל פאר די פארבלאנדזשעטע, אום זיי זאלען וויסען וואוהין זיך צו ציהען...

איך בין זעהר נאס געווען און ס'איז מיר געווארען מורא'דיג קאלט.

מיין פרוי איז אויף א שכל געפאלען: זי האט פון זיך דעם שאל אראפגענומען און מיר דערמיט איבערן קאפ איינגעדעקט און גע־בענדיג מיר דאס קינד אויף די הענד, האט זי, צובויגענדיג זיך, שטיל אריינגעמורמעלט אין אויער:

— יעצט ביזטו א פרוי, שווייג און געה מיר נאך!

אויף אזא אופן האט זי מיר פארבייגעפיהרט פאר'ן פאליצמאן וואס איז געשטאנען נעבען אריינגאנג פון א גרויסער לייוועגטע־נער פאלאטקע און אינוועניג אריינגעפיהרט.

כ'בין אריין אין דער גרויסער פאלאטקע, וואו א טונקעלקייט האט איינגעהילט הונדערטע פרויען און קינדער, וועלכע זיינען אויסגעמישט געלעגען אויף דער ערד. פיער גאז קענעצלאך, האבען די פערוואגעלטע מיט זייער רויך ווי איינגעדעקט.

— לעג זיך דא אויף דער ערד נעבען אונזערע קינדער; — האט צו מיר מיין פרוי געזאגט; — זאל חלילה דער פאליציייסקע ניט דערזעהן אז דו ביזט א מאנסביל, ווייל ער היט, דאס קיין מענער זאלען זיך אהערצו ניט אריינכאפען...

איך האב זיך צווישען די קינדער געלעגט און זי, האט אלע איהרע שמאטעס און קליידלאך אויף מיר ארויפגעווארפען, מחמת די צייהן אין מויל האבען זיך מיר פאר קעלט אזש געטרייסעלט און פון מיעדקייט, אנשטרענגונג און יאדענעש, בין איך געשמאק אנשלאפען געווארען ביז אין דער פריה.

מאנטאג, דעם 31־טען אויגוסט פון 1891, פרשה שופטים, האב איך מיט'ן באגינען פונ'ם שלאף ערוואכט.

דאס איז געווען דער ערטשער טאג פון אונזער געפינען זיך אין מ א א ו ר י צ י א, און פון דיזען טאג אן, האבען מיר אנגע־הויבען פיהלען דעם יאך פון די קאלאניזאטארישע שופטים, די דירעקטארען, אדמיניסטראדארען, אינספעקטארען, מושלים און נוגשים מכל המינים...

דורך אן אפענעם שטיק דאך פון דער "קארפא", די פאלאטקע אונזערע, האט לאנגזאם אנגעהויבען אריינדרינגען שיין און ליכטיגקייט, ביז ס'האט ענדליך, מיט'ן גרויסען טאג, א גאנצער ים ליכט אריינגעשטראהלט און באלויכטען דער מאסע פרויען און קינדער, וואס האבען זיך נעבען מיר געוואלגערט אויף דער ערד. כ'האב זיך געוואלט אויפהויבען פונ'ם געלעגער, האט אבער די קאנטראבאנדיסטען, וועלכע האט מיך אינ'ם לאנגער אריינגעשמוגעלט — ניט געלאזט, באמערקענדיג שטיל:

— ליעג רוהיג, דער פאליצמאן קוקט! אז ער וועט זיך אוועקדרעהען וועל איך דיך ארויסלאזען!

א ברירה האב איך געהאט? כ'בין געלעגען און דערווייל באטראכט דעם באראן הירש'ס אכסניה, וואוהין די בעאמטע האבען די קינדער זיינע, — ווי מען האט אונז גערופען, — איינגעקווארטירט און דעם ערשטען לינת לילה געגעבען.

א גרויסע קיילעכדיגע פאלאטקע פון צוזאמענגענעהטע שטיקער פרעזענט, אנגעצויגען אויף שטיקער דראט: — דאס זיינען די ווענט מיט'ן דאך אינאיינעם געווען... פערשידענע קולות, געוויין געמישט מיט געזאנג, האבען זיך געהערט פון דער מענגע קינדער, וועלכע האבען ניט איין רגע גערוהט. צעהנדליגע יונגע מאמעס, האבען די נאקעטע בריסט געשטופט זייערע עופה'לאך אין מיילכעל אריין און יעדע ווייבעל, האט מיט אנאנדער ניגונדעל איהר קינדס מאהלצייט צוגעזונגען. די "קארפא" איז פול געווען מיט אזא שרעקליכען געפילדער און גערויש, אז ס'איז ממש געווען צום טויב ווערען... א הייסער דאמף, געמישט מיט'ן ריח פונ'ם קליינוואַרג און מיט'ן ליעבהארציגען שיפס גערוך, — האט אין האלדז געווארגען — פשוט דערשטיקט צום ווערען... צו דער צרה איז נאך אונזער שורה אויסגעקומען די דריטע פונ'ם אויסגאנגס - טהיר און דארום האב איך די זכיה געהאט, דאס מ'זאל איבער מיר אריבערשפאנען. יעדע פרוי וואס איז אריין און ארויסגעגאנגען, האט שיער מיך ניט דורס געווען... א גליק נאר איז מיך געשעהן, וואס כ'בין ניצול געווארען פון פאלגענדען אקצידענט: א ווייבעל, ארויסטראגענדיג א השתנה טעפעל, האט זיך פארטשעפעט אן מיין געלעגער און איז אומגעפאלען און האט מיט דער

פליסיקייט, — אקוראט ווי המן'ס טאכטער; — געטראפען אויפ'ן קאפ פון אנ'אלטער באבע... דיזע האט נעבאך גע'חלש'ט און א גוואלד, איבערגעריסען דורכ'ן הילכיגען קינדער־געלעכטער, האט זיך צעטראגען איבערן געצעלט...

איך בין געלעגען אין אנגסטען און געקוקט צום טהיר, טראכ־טענדיג ווי מ'כאפט זיך ארויס פונ'ם ווייבערשען גיהנום... דער־צו האט מיר די נייגעריגקייט אויך ניט געלאזט רוהען און כסדר דעם מוח געגעבערט. ס'האט זיך מיר שטארק געוואלט וויסען, וואס עס טהוען די איבעריגע קאלאניסטען! — איך האב דאן שוין אלע־מען פאררעכענט פאר קאלאניסטען! — וואס עס מאכט דארט, דער אידעל פון שווארץ טומאה? אבער ביים טהיר שטעהט אלץ דער געשטופעלטער "וויזשילאנט", מיט'ן צונויפגעהעפטען שראם, וואס האט זיך געצויגען ווי א רויטער שנור איבער זיין ברוינעם גע־זיכט, פונ'ם אויג ביז'ן ליפ... דארט שטעהט ער מיט זיין חרב המתהפכת, קוקט און היט געטריי.

און איך ליג ווי אויף קוילען, לייד חיבוט הקבר און ווער בעשטראפט פאר'ן חטא: אריינצוגנב'ענען זיך צווישען הונדערטע ווייבלאך און פערוואנדעלט צו ווערען, — כמו איינע פון זיי...

פלוצלונג האב איך דערזעהן ווי א דיקער געזונדטער איד, מיט א געדיכטער בלאנדער בארד, באווייזט זיך אין טהיר. דער גע־שטופעלטער "וויזשילאנט" צייגט איהם אן מיט'ן האנד אויף "נייין"... אבער דער פעסטגעבויטער איד, וויל דוקא אריין געהן און טענה'ט צו איהם אויף רוסיש: "מיין מאשא, מיין ווייב, מיינע קינדער!" — דער פאליצמאן דרעהט מיט'ן געקרויזטען קאפ, און ווייזט איהם, דאס ער פארשטעהט ניט וואס ער רעדט.

אבער דער איד גיט זיך א שטופ אויף כוח און שטויסט אפ דעם "ארדנונגס היטער" און כהרף עין, האט א בליטץ - געטהאן דער שווערד איבער דעם אידענס קאפ: א שטראם בלוט האט זיך א גאס געטהון איבער זיין פנים און זיך צורונען איבערן בארד...

— בלוט. — האבען די ווייבער געמאכט א גוואלד. — בלוט! מען קוילעט! מען הרג'עט!

די מענער אין דרויסען האבען דאס דערהערט און זיינען זיך צונויפגעלאפען. דער ברוינער "וויזשילאנט" האט שכל געהאט און

האט זיך שנעל אפגעטראגען.

מען האט ביים אידען דאס בלוט אפגעהאלטען, איהם פארבאנ־דאזשירט... די וואונד איז ניט געפעהרליך געווען, אבער דער גוואלד און טומעל איז עד לב השמים געגאנגען.

— בלוט! — האבען אידען געגוואלדעוועט. — דעם ערשטען פריה־מארגען אין אונזער נייער היים און שוין גיסט זיך אונזער בלוט!

— הפקר אידיש בלוט! — האט זיך אויפ'ן קול צעוויינט דער בערדיטשעווער מנקר.

— אנטלויפען! — האט די מעננע אונטערגעכאפט. — "אנטלוי־פען!" — האבען די ווייבער הייזעריג געיאממערט.

רעדלאך מיט אידען, אידענעס, ווייבלאך, מיידלאך, יונג און אלט אויסגעמישט, לאנגע קאפאטעס, געגאלטע מארדעס, געקריי־זעלטע פאות'לאך, ווייבער אין טשיפיקעס און מיט פאנאנדער־געלאזענע צעפלאכטענע צעפ, לאקירטע קאצאפסקע דאשקעס און קאסטווירענע חסידישע קאפעליושלאך, — האבען זיך אין א קא־ראהאד געדרעהט; אלע האבען גע'רעש'ט, געשריען, אריינגע־טענה'ט, מיט די הענד געפאכטען און אין דעם דאזיגען ווירבעל, בין איך מיר אונבאמערקט ארויסגעקראכען און צוריק אין מיין מאנסבילשער נשמה אריין...

א בלאנדער יונגער־מאן, מיטברילען אויפ'ן נאז, בלומענפעלד האט ער געהייסען, איז אויף אנ'איבערגעקעהרטער פאס ארויף, און האט זיך צעשריען:

— "שווארץ! איך זעה אז אלעס איז שווארץ! די צוקונפט פון דער קאלאניזאציאן זעה איך א פינסטערע. מיר זיינען אפגע־נארט געווארען. ברידער, מען האט אונז בעטראגען! דא איז ניט דער פלאץ פון דער מנוחה צו וועלכער דאס אידישע פאלק גארט און שטרעבט. ניט די בעאמטע פונ'ם באראן הירש, זיינען די פא־סיגע שיפסקאפיטענער וואס זאלען אימשטאנד זיין אונזער בלאנד־זשענדע שיף ארויסצופיהרען פון די שטורמישע כוואליעס וואס ווי־לען זי פארשלינגען... ניט זיי זיינען די געטרייע פאסטוכער פאר די פארשטויסענע און פארלוירענע בלודנע שאף! צי האט איהר דען, ברידער, ניט געזעהן דורכ'ן גאנצען וועג, פון לעמבערג,



משה דוד גרוסמאן. (דער ערשטער פארוואונדעטער).

קראקוי און האמבורג, אין אלע קאמיטעטען, האבען אונז די בעמטע מיט אכזריות באהאנדעלט! אזוי ווי ארעסטאנטען האט מען אונז די קעשענעס באזוכט, געלד גענישטשערט... אז ניט, — איז געה צוריק צום רוסישען גרענעץ! ווען ניט יענער מלאך אברהם מיט זיין פרוי, וועמעס פאמיליע־נאמען ס'איז מיר לײדער אומבעקאנט, וואס איז דארט אין קראקויער קאמיטעט אין א ווינקעלע געזעסען און א יעדען ארימען מיטגעהאלפען, באצאהלענדיג פאר איהם הונדערט, אדער מעהר קראהנען: ווען ניט ער, — וויפיעל אומגליקען וואלטען געוועסט פאסירט?! איך זאג אייך ברידער, — האט ער מיט ענטוזיאזם זיך היציג צעשריען. — די דייטשע אידען, דאס פאלק, די מאסע, האט אונז מיט ברוידט און מילך ביי די גרענעצען עמפפאנגען, מיט ברידערליכע ליעבע און מיטלייד אונז באגלייט: בעת זיי, די גדולים, די מנהיגים און פילאנטראפישע פארזארגער, האבען אונז באהאנדעלט מיט פאראכטונג און מיט שפאט! געדענקט איהר דען ניט ווי מ'האט אייך די מוסקולען געטאפט, אזוי ווי ביי די פארצייטיגע שקלאפען? דאס איז געווען דארט — אין די קאמיטעטען און שוין דא, אויף ארגענטינער באדען, האבען זיי אונז נעכטען ווי א סטאדע פיה, אין אזא שטורעמדיגען וועטער, דורך דער נאכט געטריבען. פיעלע ליעגען דארט יעצט קראנקע אין וואלד און אין פעלד, זיי וועלען געוויס אין פיעבער ארייננפאלען: (ווי ס'האט ווירקליך פאסירט). א סך זיינען צושלאגען און צוקלאפט געווארען און אייניגע זיינען נאך ניטא, וואלגערן זיך ערגעץ־וואו אין סטעפ און איצט אויפ'ן פריהמארגען: שוין בלוט! משה דוד גרונמאן דער ליטניוועצער, ליעגט שוין מיט א צושפאלטענעם קאפ!" — ער האט זיין רעדע פארענדיגט כליפענדיג און אויף איהם קוקענדיג, זיינען די ווייבער ארויס מיט א יללה, און א יאמער האט באגלייט זיין ארונטערקריכען פון דער פאס.

איך, פונקט ווי נאך פיעלע יונגע לייט, וואס מיר האבען אויך דורכגעמאכט דעם גאנצען וואנדערער מארשרוט; איך, וואס האב אויך פארזוכט דעם טעם פון די קאמיטעטען און וואס מען האט מיר אויך די ארעמס געטאפט דארט אין האמבורג און אויסגעפונען, דאס מיינע מוסקולען זיינען פעסטע: "א געזונטער קערל, ער

קאן געהן!" — האט יענער פילאנטראפישער רעוויזער באשטע־טיגט. איך, ווען דער מלאך אברהם, האט מיט פופציג מארק געשטיצט, נאכדעם ווי די קאמיטעטסלייט האבען ביי מיין פרוי די לעצטע הונדערט גולדען צוגענומען: (אמת, דיזע סומע איז אנער־קאנט און דיסקאנטירט געווארען אין מיין חשבון מיט דער יפ"א). איך און מיינע חברים פון דער טיאקא, האבען אונגע־אכעט אלע פאסירונגען, וויינען ניט געוואלט... אונזער האפ־נונג איז אונגעהייער שטארק געוועזן און אונזער לעבענס־פלוס, האט האסטיג געשטראמט אין אלע אונזערע חושים... אלע פעלערן פון די בעאמטע, זיינען עס ניט אימשטאנד געוועזן אפצו־שווא־כען און קיין זאך האט ניט געקענט פערטונקלען די גלענצענדע צוקונפט וואס מיר האבען זיך געמאלען.

א פאאר שעה האט געקאכט און געשטורעמט, ביז עס איז איבער־געריסען געווארען דורך דאס דריזגען פון א גלאק. גלין! גלין! גלין! מיט אמאהל איז געווארען שטיל און רוהיג.

# 7.

# דעם לחם הקלוקל, חזיר שטאלען, אָדם הראשון׳ס געצעלט.

ווען דער גלאק האט מיט זיין הילך יעדען די אויערן שוין צולעבערט און איז לסוף אנטשוויגען געווארען, זיינען פון דער אדמיניסטראטיווער געביידע ארויסגעקומען צוויי יונגע לייט: איינער אהן א האנד און דער לעדיגער ארבעל פון זיין רעקעל איז שלעפעריג נאכגעהאנגען: דער צווייטער דאגעגען, א געזונטער נפש פארפוצט מיט לאקירטע שטיוועל. דער אהנעם האנד, האט א קאמאנדעווע געטהאן:

— אימיגראנטען! שטעלט אייך אויס אין א שרענגע!

מיר האבען דעם באפעהל אויסגעפאלגט; דורך דער רייזע זיינען מיר שוין איבערגענוג דיסציפלינירט געווארען. פאר דער ערשטער שרענגע איז פארפאהרען א וואגען.

— גאליעטען! — האט דער מיט די לאקירטע שטיוועל אויסגעשריען. — איין גאליעט אויף א פערזאן.

און דער איינהענטעלדיגער, האט אויסגעטהיילט די פלעצלאך, פאמיליאנטען האבען באקומען צו 4-5, לויט די צאהל פאמיליעמיטגליעדער. אונפארהייראטע — נור צו איין גאליעט: תיכף אויפ׳ן פלאטץ, האבען זיי איהם צוקייט און פארטיג... איך בין מיט מיינע פינף פלעצלאך אוועק אין פאלאטקע און די סוכארעס איבערגעגעבען מיין פרוי. אליין בין איך געגאנגען באטראכטען די געגענד וואוהין דער ווינט האט אונז נעכטען צוגעטראגען.

א קליין, שיטער וועלדעל. איינינע דיקע ווערבעס. מעהרערע טאפאליעס און גאר ווענינ אקאציען. אין דער מיטט — א הויז פון לעהם געדעקט מיט טשערעפ. די טהירען און פענסטער אפגעפארבט גרין. דאס איז געווען די ביורא פון דער אדמיניסטראציע, צוזאמען מיט דער וואוינונג פונ׳ם יונגען אדמיניסטראטער, גערביל, א דייטשער אפיצער און א משומד... נעבען הויז איז צוגעבויעט געווען א צימער פון בלעך, די דירה פונ׳ם פראנצויזישען איד, דער אינזשעניער טיראטשיני, מיט זיינע געהילפען. אויף א

מרחק פון 150 מעטער פון דער ביורא, איז געווען די פּאַלאַטקע, וואו, צעווישען פּערענעס און בעטגעוואַנט, עס האָבען זיך אויף דער ערד געוואַלגערט, די פרויען און קינדער און צוויי "ווישי־לאַנטען" שטעהען שוין ביים אריינגאנג: מען האט מורא דאס די מענער זאָלען אהין ניט אריינגעהן...

באמת איז טאקע געווען וואס מורא צו האבען: ווייל שמוץ האט דארט, אין פּאַלאַטקע, בכלל ניט געפעהלט... מעגליך אז דערפאר איז זי באקרוינט געווארען מיט'ן נאמען "מאטושקא"...

ניט ווייט פון דער "מאטושקא", האט זיך געפונען אַ לאַנגער חזיר־שטאַל, געדעקט מיט שטרוי. די שטאַל האָט נאָך דאַמאָלסט געהערט צום פריהערדיגען בעל־הבית, דעם סעניאר רעמעלאַ פּראַנקאַ, וואס האט דאס לאַנד צום באראן פארקויפט און די חזרים האט ער נאך פון דארט ניט צוגענומען. איז אט דיזען שטאַל, האָט מען אָפּגעגעבען פאַר די מענער. אמת, די פריהערדיגע שכנים זיינען אפילו נאך געקראכען, — מעשה דבר אחר! — אבער מיר האבען זיי צעטריבען און איינגעאָרדענט אונזער אכסניה. "האָטעל טשאַנטשאַ", — האָבען מיר איהם גערופען, אויפ'ן נאמען פון די פריהערדיגע איינוואוינער...

איך צוזאמען מיט מיינע פריינד, זיינען מיר ארומגעגאנגען, אנגעקוקט און אלצדינג באטראכט.

דערווייל האבען די שפּאַניער צוגעטריבען עטליכע פעטע קיה: איינער האט געווארפען די לעדערנע פעטליע, די "לאַסאָ" און אויגענבליקליך זי פארצויגען אויף די הערנער אדער האלדז: אַ צווייטער האָט די הינטערשטע פיס "געלאַסירט" און אַזוי די בהמה אומגעשליידערט. מאָמענטאַל האָט דער נעכטיגער אויסטהיילער ביים קעסעל פלייש מיט זופּ, איהר געקוילעט. זעקס שטיקלאך האט מען אזוי געשאָכטען און אַלע זיינען כשר געוואָרען...

ס'ברענען פייערן און מען בראט דאס פלייש.

אייניגע האבען געבעטען זאלץ. זיי ווילען דאס פלייש זאלצען און קאכען. האט געבריל פארזיכערט, אז אין ארגענטינא איז זאלץ טייערער פון פלייש. האט מען גאנצע זייטלאך געבראטען! די בחורים, אדער ווי מען האט זיי גערופען: "כאלאסטאיעס", — דערפאר וואס אייניגע זיינען געווען אהן פרויען און אנדערע

נאך גענצליך אונפארהייראטע, — זיי האבען זיך באשעפטיגט מיט׳ן בראטען. אז ס׳איז פארטיג געווארען, האט מען די פאמיליעס דערלאנגט שטיקער פלייש, לויט די צאהל מיטגליעדער פון יעדער משפחה. אין לאגער איז מונטער און פרעהליך געווארען. מ׳טראגט די שיפס-שיסעלאך, מ׳נעהמט שטיקער האלב - רויע פלייש, איינס ביים אנדערען בעטעלט מען אויס אביסעלע זאלץ און מ׳קייעט ״קארנע״ מיט גאליעט.

נאך איידער מען איז פארטיג געווארען מיט׳ן עסען, איז די נאכט צוגעפאלען. גערביל האט א ״פאווערקע״ געמאכט, אום צו זעהן צי אימיצער פעהלט און ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, דאס דריי ״כאלאסטאיעס״ זיינען נאך פון נעבטען אן ניט געקומען. די ״וואקיאנאס״ זיינען ארויסגעשיקט געווארען אין האבען זיי נאך בעפאר ס׳איז רעכט פינסטער געווארען, געבראכט האלב טוידטע, הונגעריגע, מיט אונטערגעשלאגענע פיס... מ׳האט זיי אין האטעל טשאנטשא דעם אויבען־אן אפגעגעבען און אלע האבען זיך צוגעהערט צו די ניסים ונפלאות וואס זיי האבען דורכ׳ן מעת-לעת אדורכגעלעבט...

די נאכט איז רוהיג פאראיבער. די פרויען זיינען אין דער ״מאטושקא״ געשמאק געשלאפען, אונטער דער וואך פון די פאליצלייט און די מענער זיינען געלעגען אין ״האטעל״, אדער פשוט אין דרויסען. תחילת האבען מיר געגוג צוטהון געהאט מיט די חזירים: גרויסע, שווארצע, אונגעהייער בעזע, האבען זיי אונז פונ׳ם ״האטעל״ געטריבען אלס אומגעבעטענע געסט: אבער ארום האלבע נאכט האבען זיי מיט אונז שלום געשלאסען: — האבען זיך איינגעקנורעט נעבען אונז און צוזאמען האבען מיר געשנארכעט...

אויפ׳ן צווייטען טאג האט מיין פרוי צו מיר געזאגט:

— קום, לאמיר אין פעלד ערגעץ אויסזוכען א גרוב אדער א בערגעל וואו מיט די קינדער צו נעכטיגען. אין דער ״מאטושקא״ געה איך ניט צוריק, ווען אפילו כ׳זאל דארפען שטארבען... דעם געפילדער און די לופט איז ניט איבערצוטראגען.

מיר האבען איבערגעווארט די חלוקה פון די גאליעטען מיט דאס פלייש, אפגעגעסען, גענומען די דריי קינדער און זיך געלאזט

בראָדזשען אין די טיעפע גראָזען. אזוי ווי די פויגעל וואָס ווערען פאַרטריבען פון נעסט, זיינען מיר אומגעגאנגען זוכען אַ פּאַסיגען ארט וואו געלעגערס אויסצובעטען, אום דארט מיט די קינדער צו קע־נען שלאָפען.

ס'האָט אונז אָפּגעגליקט: מיר האָבען געפונען אַ פערדען־פעל וועלכע איז פונ'ם רעגען פייכט געווען. מיט דער הילף פון מיין פרוי, — די טייערע נשמה, וואָס האָט פאר דער דרייסיג־יעהרי־גער קאָלאָניזאַציאָן, גלייך מיט מיר זיך געפּלאָגט, געליטען און געאַרבייט; — האָב איך די פעל אויסגעצויגען. פונ'ם וועלדעל דריי דריקלאך געבארגט, א טריאנגעל אויפגעשטעלט, מיט'ן פעל איבערגעצויגען און א געצעלט, ווי אין טאטען אדם'ס צייטען — איז פארטיג געוואָרען... אה, ווי געפרעהט האט זיך דאן מיין פרוי, ווען זי האָט די קינדער אונטערן ציגיינער דעכעל אַנידער־געזעצט! דעם עלטערן אנגעזאגט אויף די קלענערע אכטונג צו געבען און מיר ביידע, האבען גענומען צונויפקלייבען ווייכען גראָז וועגען געלעגערס. דעם באַגאזש האָבען מיר ערשט מיט זעקס מאנאט שפּעטער באקומען און ביי פיעלע איז עס אין גאנצען פארלוי־רען געגאנגען.

נאהענט פונ'ם ארט וואו ס'געפינט זיך יעצט מאאוריציער בית עלמין, האָבען מיר מיט די שיפס־מעסער אָנגעשניטען פריש־גראָז, אויסגעבעט אונטערן פעל און פון דער "מאַטושקאַ" אונזער פארמעגען איבערגעטראָגען: דריי שיפס־דעקעס, 4 בלעכענע שיסע־לאך, א קעסטעל און א בינטעל שמאטעס... און גאט צו דאנקען: געוואָרען בעלי־בתים פון אַנ'אייגענער וואוינונג אין אַרגענטינא! אַ פּאָאר גאַלייעטען און פלייש האָבען מיר נאָך געהאַט. אָפּגעפּראַ־וועט א נאכטמאהל און מיט זונען אונטערגאנג געשמאק געשלאָפען אונטער אונזער דאַך. פון מורא האָבען מיר דאַמאָלסט נאָך ניט געוואוסט. די צוויבערהאפטע האפנונג האט אונז רייכע אילוזיעס געוועבט איבער א גליקליכע צוקונפט און די נאכט איז רוהיג פאַראיבער.

אין דער פריה האבען מיר שרעק געהאט: מיין פרוי האט נעבען איהר געלעגער באמערקט עפּעס א קיילעכדיגס.

— זעה נור! — האָט זיך צו מיר געזאגט. — מיר דוכט אַז ס'איז

א לעבעדיגע זאך!

מיר האבען דערזעהן א גרינע שלאנג מיט שווארצע פלעקען אויפ'ן רוקען, ליגט זיך דארט צוזאמענגעראלט... אומגעטראכט, אימפולסירט פון דער מורא אז ס'זאל אויף די שלאפענדע קינדער ניט ארויף, האב איך איהר גלייך אויפ'ן קאפ ארויפגעטראטען. דער געלעגער איז אבער געווען ווייך, די שלאנג איז ניט גע־טוידטעט געווארען אויף דיזען אופן, נור ס'האט מיט איהר עק ארומגעוויקעלט מיין שטיוועל. אלס גרינער, ווען די דאזיגע געפאהרען זיינען אומבאקאנט, האב איך זיך ניט דערשראקען, נאר געהייסען מיין פרוי מיר צו דערלאנגען א מעסער און דערמיט אפגעשניטען די שלאנג דעם קאפ... דאן אלס טראפּפּעס ארויס־געהאנגען אויפ'ן שפּיציגען דאך פון פעלענעם געצעלט.

ערהאלענדיג זיך קוים פון דיזען שרעק, איז אונז אנאנדערער באפאלען: דריי רייטער אויף אויסגעפוצטע פערד, האבען אונזער געצעלט ארומגערינגעלט. צוויי האב איך גלייך דערקענט: גערביל און טיראטשיני. דער דריטער איז געווען א פרעמדער. א טונקעל־ברוינער, מיט זעהר גרויסע וואנצעס, שווארצע אויגען איינגע־פאסטע אין רויטליכע ווייסלעך, א פלאטשיגע נאז און די אונ־טערשטע ליפּ איז איהם אראפּגעהאנגען איבער א קויל־שוואר־צער בארד. אלע דריי האבען א הקפה געמאכט ארום געצעלט, דורך די אפענע זייטען בעטראכט אונזערע געלעגערס, די שלא־פענדע קינדער, דאס געשיהר... האבען די טויטע שלאנג, וועלכע האט זיך נאך געצאפּעלט אראפּגענומען און גערביל האט געפרעגט:

— וואו האבען זי דיזע "קולעברא" געטוידטעט?

אזוי ווי כ'האב איהם גלייך ניט געענטפערט, האט ער באגריע־פען דאס איך פארשטעה איהם ניט און ער האט ערקלעהרט:

— איך פראגע איהנען, וואו זי דיעזע שערצע, דען שלאנגע, געטראפען האבען אונד ווי זי איהן טוידטשלאגען?

— אויפ'ן געלעגער, נעבען מיין פרוי'ס זייט. — האב איך איהם געענטפערט און דערצעהלט ווי ס'איז פארגעקומען. ער האט דעם שפּאניער דאס איבערגעגעבען.

— האבען זי פיעל שרעק געהאבט?

— יא. אביסעל און גאר ניט ווייניג! — ענטפער איך איהם,

— ס'איז'ט איינע "קולעברא", האָט קיינען גיפּט: זי דירפען זיך פיר זעלבע ניכט שרעקען... וואָ האָבען זי דאָס פעל, אונד דיזע שטאַנגען בעקאָמען, אום דיזען, פאלאַטע צו בויען?

כ'האָב דערפיהלט ווי דאָס בלוט איז מיר אין פּנים אריין. איך האָב מיט פאַרוואורף א בליק געוואָרפען אויף מיין פרוי, ווי איינער זאָגט: דורך דיר וועל איך נאָך אָלס גנב ערקלעהרט ווערען...

— האָט קיין פורכט, זאָגען זי די וואָרהייט! — האָט ער ווידער־האָלט, באַמערקענדיג מיין אונרוהיגקייט.

איך האָב איהם דרייסט דעם אמת דערצעהלט, דאָס מיין פרוי האָט אין דער מאַטושקאַ ניט געקענט זיין און זוכענדיג אַנ'אָרט צום נעכטיגען, האָבען מיר דאָס פעל געפונען. "גלויבט מיר העדר גערביל, ג ע פ ו נ ע ן!" — האָב איך בעטאַנט, און ער האָט מיינע רייד איבערגעגעבען דעם ברוינעם, וועלכען ער האָט אַלע מאָהל באַטיטולט: "סעניאָר קאָמיסאַריאָ", וואָס האָט נאָך מיר מעהר פּחד געבראַכט, אַזש די דמים זיינען מיר איינגעפאַלען..

— פאָן וואַנען זינד זי?

— פון יאַרמאָלינעץ, פּאָדאָליער גוּבערניע.

— ווי הייסען זי?

— מאַרקוס אַלפּערסאָן.

— פאָן וואַנען איזט איהרע פרוי, ווי הייסט זי?

— פון באַרטשאַוו, גאַליציע, זי הייסט גיטעל וואָלפּבערג.

— ווי אַלט זינד זי? וויפיעל קינדער האָבען זי?

איך האָב איהם אַלעס געזאָגט און ער האָט אין זיין נאָטיץ ביכעל פאַרצייכענט.

— האָבען זי שוין ערד געאַרבייטעט? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— איך האָב שוין אַלעס איבערגעטהאָן, מיט אַלצדינג געהאַנ־דעלט, נור ערד האָב איך ניט געאַרבייט...

— שפּעטער מיט אַ שטונדע זאָלט איהר קאָממען אין דער אדמיניסטראַציאָן. — האָט ער באַפוילען און הערזעהענדיג, דאָס כ'בין פונ'ם פאַרהער שטאַרק צושראָקען געוואָרען, האָט ער שמייכלענד געזאָגט:

— מיר וועדען אייך נאָך צוויי פעל געבען פיר די זייטען־

זוענד, אויך האלץ, שטאנגען אונד שטריק, זאנסט ווירד דיזער פּאַ־לאַטץ אונד איהר'ר פארמעגען פאָן ווינד וועקגעטראגען... אדיע! — האָבען זיי אלע דריי געזאגט און אפּגעריטען.

— ווי כ'האב זיך דאס דערשראקען! — האט מיין פרוי גע־זאגט: — ווי ער האט דאס אלעס אויסגעפרעגט: ווייזט אויס ניט קיין שלעכטער מענש...

דער גלאָק האָט געקלונגען, מ'דאַרף געהן נאָך גאליעטען.

אנקומענדיג צו דער אדמיניסטראציע, זיינען שוין אלע געשטא־נען אין דריי שרענגעס און דער מיט'ן פּוסטען ארבעל, האט שוין געטהיילט די פלעצלאַך און דערביי איז ווידער אַ שמערצהאַפטע פּאסירונג פארגעקומען, וואס האט אונז ערשיטערט.

אַ "כאלאסטאָי" אַהרן דאָבשיץ, אַ גוטער אַבל'ער, האָט גע־וואלט באקומען מיט א גאליעט מעהר. האט ער א שווינדעל גע־מאכט. אפּנעהמענדיג זיין חלק אין דער ערשטער שורה האט ער זיך דאָן אין דער צווייטער געשטעלט: אבער דער פאנאנדערגע־בער האָט איהם דערקאָנט און בעת יענער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד, האָט דער בעל מום איהם מיט'ן דאַרען גאַליעט פאַר־פאָהרען אין די צייהן און דאָס בלוט האָט איהם בעוואָשען...

דאָבשיץ'עס אַ לאַנדסמאַן, דער עסטרייכער ישראל ביטעלמאַן, איז צום שלעגער צוגעשפּרונגען און איהם מכבד געווען מיט א פּאַטש... אָבער דער ברוין־טונקעלער קאָמיסאַר, האָט איהם מיט'ן הענטעל פון זיין אראַפּניק אזא זעץ געטהון אין די ציין, אז צוויי זיינען תיכף ארויס... — נאך היינט צו טאג טרעפט מען דעם אָנגערופענעם, אַלס שטאָדטישען רייכען סוחר מיט צוויי פע־דערשטע גאָלדענע צייהן...

כ'האָב מיינע פינעף גאַליעטען גענומען און אַ בעטריבטער אוועק אין מיין ביידעל אדער סוכה, האב מיין פרוי דיזע שענד־ליכע טהאַטזאַך איבערגעגעבען, אָבער זי האָט מיך געטרייסט.

— מ'מוז איינפיהרען דיסציפּלין! קארג שארלאטאנעס, ברא־דיאגעס, זיינען פאראן צווישען אונז? געווים ליידעט דער ארענט־ליכער אויך. כ'בעט דיר, מיש זיך ניט!

מיר זיינען צעווישען עולם געגאַנגען. די קעסלען פלייש זיינען שוין אויפ'ן פייער געווען. דער רויך איז אַקוראַט ווי דער עמוד

ענן ביי די אידען אין דער מדבר, זיך געגאנגען גלייך. מען האט אויסגעגראבען א קיילעכדיגע קאנאווע, א רונדען גראבען פון א 60 צענטימעטער די טיעף, כדי ס'זאל באקוועם זיין ביי אזא קיילעכדיגען נאטור־טיש צו זיצען און די פיס אראפגעהאנגען צו האלטען אין גרוב אריין. דורך דיזער המצאה, איז געשאפען געווארען דורכ'ן עולם, א גרויסער טיש מיט בענק. די פאמיליאנטען האבען זיך ארומגעזעצט און די "כאלאסטאיעם" האבען אונז צוגעטראגען די פארציעס פלייש און דעם מיטאג האבען מיר שוין געגעסען פון די שיסעלאך, גאר מעשה מענש.

נאכ'ן עסען איז געקומען די סדרה בריעף. דער גרויסער "טיש", איז רונד־ארום באזעצט געווארען פון די "כאלאסטאיעם". די ארימע, וואס האבען נעבאך זייערע ליעבע געלאזען ווייט אין דער היים, האבען בריעף געשריבען, אין וועלכע זיי האבען בעז און גיפטיג אויסגעגאסען זייער טרויעריגע שטימונג. מען האט אויך א לעבענס־שיין אין לאגער געזעהען: יונגווארג האבען זיך אין וועלדעל פארקליבען און געזונגען האפנונגספולע ליעדער. אבער די עלטערע האבען דיזע לוסטיגקייט דערשטיקט און די יונגע הערצער אנגעפילט מיט יאוש. זייער פרעהליכקייט איז אין טרויער פארזונקען געווארען: זייער פריינדליכקייט איז אין האס צו דער אדמיניסטראציע פארוואנדעלט געווארען. דער אויבען דערמאנטער בלומענפעלד, דאן שלמה קאביץ, משה גערצקי, האדישניק. בוריכאוויטש און סטאליאר, — זיי האבען די קערנער פון שנאה און בזיונות פארזעעט צעווישען אונז און די בעאמטע פונ'ם באראן הירש.

יענע זריעה האט פרוכט געטראגען. מיר פיהלען זי אין דער טיעפעניש פון דער נשמה, די גאנצע דרייסיג יאהר. ס'וואקסט און ס'וועט וואקסען. יעדער בעאמטער פון דער קאלאניזאציע האט אונז פיינט און מיר איהם אויכעט. דאס איז ניט די שנאה פונ'ם אדון צום עבד אדער פון דער שפחה צו דער גבירה, — נור עפעס אקוראט ווי צעווישען א שטיפמוטער און קינדער... מיר זעהען אין זיי — די פקידים, א מין גזלה... זיי בגזל'ענען דאס פארמעגען פון אונזער פאטער, דעם באראן הירש און לעבען א משוגע'נעם טאג דורך גנבה געלד און דערצו־נאך, קוקען זיי אויף אונז מיט

פֿעראַכטונג... נור ניט דאָס וויל איך דערצעהלען.

מ׳האָט יענעם טאָג בריעף געשריבען און גאָר ניט קיין פרעהלי־כע. איך האָב אויך, אויפ׳ן ערדענעם טיש, אַ קאָרעספּאָנדענץ צו־געגרייט צו אַ ל כ ס נ ד ר צ ע ד ע ר ב ו י ם, אין "המליץ".

גיך האָבען איינינע שיפּס־ברידער, מאָזעס לעמבערסקי און בוזי שאַראַגראָדסקי מיין ביישפּיעל נאָכגעפאָלגט: האָבען נעבען מיין געצעלט אויסגעגראָבען זעמליאַנקעס, צוגעהעקט מיט טשעראָט און זיך "כאַטעס" געמאַכט, פּטר׳נדיג די מאַטושקאַ.

ביי טאָג פלעגען מיר פאַרברייגגען צווישען עולם און אָוונדס־צייט געגאַנגען אונטערן פעל.

## 8.

# קארפאס, קאפאטאסען, קיזיק און שאר ירקות.

נאך דריי וואכען זיך וואלגערן אין זעמליאנקעס, פעל־געצעלטען און דאס רוב אין דער "מאטושקא", וואו די אונציכטיגקייט האט כמעט אויפגעפרעסען, זיינען זונטאג פריה, דעם 21־טען סעפטעמבער, אנגעקומען 850 "קארפאס", — פאלאטקעס פון לייווענט. יעדע משפחה האט בעקומען א פאלאטקע און צו 5־6 כאלאסטאיעס אויך א באזונדער "קארפא". אין א ל ג א ר א ב א, ווי מען האט יענעם פרימיטיווען כוטער אנגערופען, אנטקעגען דער אדמיניסטראציאנס געביידע, איז אויסגעשטעלט געווארען א גאנצע שורה פון דיזע ווייסע ביידלעך. א דריי קילאמעטער פון דארט, אויפ'ן פלאטץ וואס האט געהייסען קאמיסאריא, האט מען אויך אויפגעשטעלט א עהנליכע שרענגע און אזוי האט גערביל צוטהיילט די "מאטושקא" אין צוויי חלקים: פאמיליעס מיט פיצלעך קינדער, זיינען פארבליבען אין אלגאראבא: די משפחות מיט גרויסע קינדער, די שטרענג ארטאדאקסישע, האט ער אריבערגעפעקלט ווייטער. אייניגע כאלאסטאיעס פון "חברה הינטען", — ווי מען האט זיי א צונאמען געגעבען, דערפאר וואס זיי האבען געגעסען די הינטערשטע־טהייל פון די בהמות, וואס מיר האבען נישט טועם געווען, צוליעב דער אבוועזענהייט פון א מנקר, — דער גרופע "זאדיעק," האט ער אוועק געשיקט קיין "אליסע", וואו ס'איז געווען א שייער מיט א צינקענעם דאך, אלס אנדענק פון פריהערדיגען "פאטראן", אדער ווירטה פון לאנד. דארט אין אליסע, איז אויך געווען א שעהנער וואלד, א היבשער סאד און דאס אלעס, האט ער אפגעגעבען דער טרפה'נער חברה, זיינע ליעבלינגע, פון וועלכע ער האט די פוזשאלעס אויסגעקליבען, אום אונז צו שמייסען. זיי זיינען געווארען די שוטרים, אדער "קאפאטאסען" בלע"ז.

אך! וויפיעל צרות און וועטאגען האבען זיי אונז פאראורזאכט! מיט דער צייט זיינען זיי אלע אוועק פון דער קאלאניע. די פאאר

פון זיי וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען, זיינען יעצט אויפריכטיגע בעלי תשובה געוואָרען.

אַזוי אַרום האָבען מיר זיך אַראַנזשירט אין די לייוועגטענע ביידלאַך. פלייש איז געווען איבערגענוג — ס׳איז אַזש, ווי דער שלו אין מדבר, געקראָכען צוריק... דאָס נויטהיגסטע צום פלייש, זאַלץ, וואָס גערביל האָט געזאָגט אַז ס׳איז ניט בנמצא אין אַר־גענטינא, האָט אַ ליטוואַק אויסגעפונען. ביי די ברעגען פון דער גרויסער „לאַגונאַ״, דער זומפּ וואָס ציהט זיך נעבען איצטיגען בית־עלמין, האָט ער באַמערקט אַ ווייסען שטויב, — סאַליטר, אַ גאַנץ גוטער, ווען אַפילו ניט קיין דיסטאַלירטער זאַלץ. אַ צרה איז נור מיט די גאַליעטען געווען: מ׳פלעגט זיי ברייגנען פון שטער־טעל נועווע־דע־כוליאַ, אַ שעה רייזע מיט׳ן באַהן פון קאַסאַרעס. זעלבסטפאַרשטענדליך האָט מען פון דאָרט צוגעשטעלט אַלע פאַר־שטיינערטע אָדער פאַרשימעלטע גאַליעטען, מעגליך נאָך פון קאָ־לומבוסעס צייטען און מיר, האָבען זיך ממש די צייהן מיט זיי אויסגעבראָכען. אַ סך קאָלאָניסטען האָבען זיך איינגעוועהנט טענווייז אָפּצולעבען בלויז מיט פלייש, אויסמיידענדיג דאָס מוטשענעם מיט די פאַרהאַרטעוועטע פּלעצלאַך. דאָס ציגיינער־לעבען אונטער די „קאַרפּאַס״ האָט זיך נאָרמאַליזירט. ס׳וואָלט שוין געווען „אָלרייט!״ — ווי די ענגלענדער זאָגען, אָדער „מואַי ביען!״ אויפ׳ן היגען לשון; איז אָבער אָנגעשטאַנען אַ נייע פראַגע: הייצונג. דאָס האָלץ האָט זיך פאַרענדיגט און ס׳איז ניט געווען מיט וואָס פייער צו מאַכען אום די „קאַרנע״ צו בראָטען אָדער קאָכען.

— הערר גערביל, הייצונג! — האָט מען געשריען.

האָט מען ביסלעכווייז זיך גענומען צו די בוימער פון וואַלד און די אַקאַציעס זיינען אַלס ערשטע כפּרה געפאַלען.

— מיט אַ האַנדטוך — פאַרזיכערט אַנשעל פּאַק: — בינדט מען אַרום דאָס בוים און אַזוי הערט זיך נישט דאָס האַקען. און ביי נאַכט, ווען גערביל מיט די קאַפּאַטאַסען שלאָפען, מ א כ ט מ ע ן ה אָ ל ץ...

אָבער ניט אַ יעדער האָט אַזוי געקענט „מאַכען האָלץ״. מען האָט אַפּאָר געכאַפּט און זיי אַריינגעצעהלט יעטליכע אַראָפּני־

קעם... די פּראָבלעם האָט זיך פאַרשאַרפט. הייצונג — האָט מען געשריען.

די פראַגע איז גיך, גאַנץ לייכט געלייזט געוואָרען. דריי רייטער האָבען זיך צעלאָזט איבער׳ן לאַגער און געבען יעדער לייווענטע־נער טהיר, אַראָפּגעוואָרפען אַ לעדיגען זאַק. יענקעל עדעלמאַן, איז אין טלית און תפילין פון קאַרפּאַ אַרויס אין טיראַטשיני, איז אָנגע־לאָפען מיט זיין פערד און איהם מכבד געווען מיט אַ צוויי ״רעווענ־קעם״ איבער׳ן קאָפּ.

— וואַרף אַראָפּ פון זיך די ״פּיקאַסאָ פּאַנטשאָ״ (געפלעקטע פּאַנטשאָ). נעהם דעם זאַק און געה קלויבען די קוה־מיסט, וועט איהר האָבען הייצונג! — אַזוי האָט ער איהם דעם טייטש פון די שמייץ ערקלערט.

מען האָט פון די געצעלטען אַרויסגעטריבען קינד און קייט. אַלט און יונג און זיי פאַר ״מקוששים״ געמאַכט: ״געהען זי, געהען זי קוה־מיסט זאַמלען!״ — איז אַ פאַראַל געוואָרען.

— יאָ, אַרבייטען מוס מען! קוה־מיסט צוזאַמענשאַרען איזט אויך איינע אַרבייט! — האָט געברביל געדרונגען.

מיר, די רוסיש־פּוילישע שטאָדט־לייט, וואָס מיר האָבען אַזאַ הייצונג קיינמאָהל ניט גענוצט, האָבען צונויפגעטראָגען מכל הבא, נאַסע באַליגע און מ׳האָט אָנגעהויבען אויסרויכערן מיט׳ן קיזיק, די אַרגענטינער לופט. די ווייבער זיינען פונ׳ם געדיכטען שטיקענדען רויך, שיער בלינד געוואָרען און האָבען גיך די קיך אוועקגעוואָרפען, איבערגעבענדיג די מענער דיזע שטיקעל אַר־בייט...

מיר האָבען אין דער ערד גריבער אויסגעגראָבען, אויפ׳ן פייכ־טען קיזיק אָנגעלעגט שטיקער חלב, פון די בהמות וואָס מ׳האָט יעדען טאָג געשלאַכטעט און אין אַזעלכע פּרימיטיווע קיכען, האָ־בען מיר געהייצט און געקאָכט. די טעג זיינען פאַראיבער אין דער וויכטיגער אַרבייט: קלויבען קיזיק, הייצען און בראָטען דאָס פלייש און ביי נאַכט, פלעגט מען זיך פערזאַמלען אין רעדלאַך, גע־פילאָזאָפירט און די צוקונפט באַטראַכט... און דערווייל האָבען די ימים נוראים אָנגערוקט.

— ״ —

ס'איז אָנגעקומען ראש השנה תרנ"ב.

מ'האָט אויסגעוועטאַלירט די "מאַטוּשקאַ" און דאָרט די זאַ־גענאַנטע שוהל געמאַכט. די ליטוואַקען האָבען זיך מתעסק געווען מיט'ן רויבערן און רייניגען, באַקרויגענדיג איהר, מיט'ן טיטעל: בית המדרש.

זשוראַווסקי, אַ יונגערמאַן פון קיעוו, אַ שעהנער מנגן, האָט מוספים געדאַוונט און דער פרומער פוילישער שוחט, אייזיק גלאַזערמאַן, — האָט שחריתים געפּראַוועט.

נאָך היינט, דערמאָנענדיג זיך אָן יענע תפלות, קען איך מיר ניט אָפּוואונדערן: וואו זיינען דאַמאָלסט אַנטרונען געוואָרען די ראש־השנה ויום כפור טרעהרען? ניט איינער פון אונז האָט גע־וויינט! מ'איז אויף די פּיס געשטאַנען, (קיין ביינקלאך זיינען אין דער אימפּראָוויזירטער שוהל ניט געווען). מ'האָט געקוקט צו דער פּאָס, וואָס האָט אלס עמוד געדיענט, זיך צוגעהערט צו די סקאַרבאָווע ניגונים, נאָר אַ טרעהר? חלילה! דאָס לעבען האָט הפנים צו שטאַרק געשטראָמט, די האָפנונג אויף אַ גלענצענדער צוקונפט, האָט יעדען באַהערשט און קיין דאָגה ניט צוגעלאָזט... אַביסעלע משקה, וואָס די אידעלאך האָבען דורך די שפּאַנישע "דאָנען" פון ערגעץ אַריינגעשמוגעלט אין לאַגער אריין, האָט דעם יום־טוב "מלא" געמאַכט און אַז ס'איז פרעהלאך געוואָרען, האָט מען גענומען באַדויערן דעם באַראָנ'ס מיליאָנען. מ'האָט באַ'חשבונ'ט וויפיעל גערביל און טאַקע דר. לעווענטהאַל אליין, גנב'נען.

פרומע, אידען און אידענעס, האָבען אָנגעהויבען אַריינקוקען אין די פּאַלאַטקעס און קיין מה טובו אהליך יעקב... האָבען זיי ניט געקענט זאָגען... אַ היבשע ביסעל שמוץ האָט דער עמיגראַ־ציאָנס־שטראָם אהערצו פאַרטראָגען: אייניגע רוצחים פון די אָסטראָגען אַרויס; פיעלע גנבים; אַ פּאָאר משומדים און אומעטום די וואַרשאַווער און אָדעסער פּראָסטיטוציע... די אַדמיניסטראַציע האָט עס שפּעטער מיט אַ סך מיה און אויסגאַבען קוים אויסגע־ראַמט...

הכלל דער געמייזשעכץ, מיט אונצעהליגע רמשים, די פיעל־פאַר־ביגע ברואים מכל המינים, האָבען אַלע זיך געפּלאָדיעט און דער־ביי תכליתים געזוכט. אייניגע האָבען חטאים געזוכט און אַנדערע

האָבען זיך באַשעפטיגט מיט דער פראַגע: וואָס וועט זיין דער סוף? וואָס טהוען מיר אייגענטליך דאָ אין דעם נייעם לאַנד? אויף וואָס אַנדערע האָבען שוין בקול רם אויסגעדריקט מיט יאוש: וואו איז דען דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד? די פעלדער, וואו זיינען זיי ערגעץ?

אום שמחת תורה האָט מען די אַדמיניסטראַציע באַלאַגערט. ס'האָט געהייסען מ'געהט אָפּגעבען כבוד גערביל'ן... און ס'איז שיער צו אַ סקאַנדאַל געקומען. שלמה קאַביץ מיט זיינע אנהענגער, האָבען איהם דירעקט אַטאַקירט:

— דו לאַנגער אַחשתרון! — האָט ער געוואַלדעוועט. אויף דיין דייטשמערישען עהרען־וואָרט האָסטו אונז פאַרשפּראָכען, דאָס אין פיערצעהן טאָגע, וועט איהר אַלעם בעקאָממען: לאַנד, פיה, "רעמאַנענט"... די פיערצעהן טעג, זיינען שוין, פילע מאָהל פאַראיבער און וואו איז דאָס לאַנד? — די טרפה'נע חברה האָבען אָבער געשיצט גערביל'ן און ס'איז כמעט אַרויס אַ געשלעג... שפּעטער איז עס אָנגענומען געוואָרען אַלס כלל אין **לשון סגי נהור, אַז** "פיערצען טאָגע" — באַדייטעט אַ יאָהר; "בוענאָ" (גוט) — איז אַ ליגען; "מאַניאַנאַ" (מאָרגען) — איז קיינמאָהל ניט! מיט דיזע דריי אויסדריקע: "בוענאָ", "מאַניאַנאַ" און "אין פיערצעהן טאַגע אַרום" — האָבען אונז די בעאַמטע טעגליך געקאָרמעט.

די וואס זיינען דא מיט זייערע משפחות געווען, האבען געליטען און געשוויגען: ווייל ווי קלעגליך די ביידלאך און די שפייז איז געווען, זיינען זיי כאָטש געווען מיט ווייב און קינד צוזאמען, אבער די "כאלאסטאיעס", וואס האבען נעבאך זייערע פאמיליען ערגעץ אויפ'ן וועג, אדער אין דער ארימער היים געלאזען, זיי האבען אלע אומרוהען אין לאגער געמאכט:

— גיט אונז ארבייט! — האבען זיי געשריען. — גיט אונז צו פאַרדינען! לאָמיר וועניגסטענס קענען עפּעס געלד אַ היים שיקען.

גערביל האָט לעווענטהאַל'ן דערפון געשריבען און אין אַ פראָסטען מיטוואָך, האָבען מיר זוכה געווען צו זעהן דאָס אָנקומען פון אַ וואָגען מיט רידלען. אויף דער הענטעל פון יעדען רידקאַל, איז אויסגעברענט געווען דער חותם פון דער "קאָלאָניע מאַאוריציאָ" און ערשט דאַמאָלסט, האָבען מיר זיך אויף אַזאַ

מערקווירדיגען אופן דערוואוסט דעם נאָמען פון אונזער קאָלאָ־ניע. דריי הונדערט "כאַלאַסטאַיעס" האָט מען מיט די דאָזיגע "זאַסטופּען" באַטהיילט און זיי געשטעלט ערד־גראָבען. דאָס האָט געהייסען אָפּצוגראָבען אַ וועג פון דער אַדמיניסטראַציע ביז צום הויפּט־שליאַך וואָס פיהרט צו קאַסאַרעס און יעדען "אַרבייטער" איז באַשטימט געוואָרען אַ טעגליכער לויהן פון צוויי פּעזאָס.

דער אַדמיניסטראַטאָר און דער אינזשעניער זיינען געווען די הויפּטמאַכער און צווישען דער חברה "הינטען", האָבען זיי אויס־געזוכט די "קאַפּאַטאַסען" אָדער אויפזעהער, ערנענענדיג־זיי אַלס די אַבאַכט־געבער, שומרים, וואָס זאָל היטען דאָס די אַרביי־טער זאָלען ניט פאַלשעווען... זיי וועלען אויך זיין די יעניגע, וואָס זאָלען באַשטימען, וועמען יאָ און וועמען ניט אויפצונעהמען, דאַן פאַרצייכענען די אַרבייטס־טעג. אויף דיזען אופן האָט זיך ווידערהאָלט די אַלטע היסטאָרישע מכה פון מצרים, — נוגשים און שוטרים!

דער רוסישער איד, אויפגעצויגען אויפ'ן "קנוט" פונ'ם "נאַ־טשאַלניק", דורכגעקנאָטען מיט'ן הייוועץ פון "כאַבאַר", האָט גיך די זעלבע רפואה אָנגעווענדעט צו די ניי־מאָדנע קאַפּאַטאַסען.

— "גאַספּאַדין", פאַרשרייבט מיר אַ טאָג אַרבייט! חצי שלי וחצי שלך... — די טרפה'נע חברה לייט האָבען געשריבען.

מ'האָט אין גיכען אויך אויפגעשטעלט אַ גרויסע געביידע פון בלעך, אַלס אַן "אַלמאַסען" — אַ שפּייז־קראָם, אום דערין צו האַלטען עסענוואַרג און סחורות וואָס די קאָלאָניסטען פאַרצערען. "כאַלאַסטאָיעס" האָבען פאַרדיענט, אַרבייט האָט ניט געפעלט. פיעלע האָט מען אין זייערע ביכלאַך פאַרשריעבען אַזעלכע "טעג", ווען זיי האָבען די אַרבייט זאָגאַר ניט אָנגעקוקט. דערצו האָט מען נאָר געדאַרפט זיין "בלאַט" מיט'ן "קאַפּאַטאַס": דער־פאַר האָבען אָבער איינינע שלימזלניקעס, נאָר אָרענטליכע לייט, קיין איינאיינציגען טאָג אַרבייט ניט בעקומען.

פון מיין זכרון וועט קיינמאָהל ניט פאַרשווינדען יענע סצענע וואָס איך האָב געזעהן אין יענער נוגשים־ושוטרים עפּאָכע.

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען בין איך מיט מיין שיפס־קאַמע־ראַד, בוזי שאַראַגראַדסקי, אַרויסגעגאַנגען אָנקוקען ווי מען פאַר־

שרייבט די "כאלאסטאַיעס" צו דער אַרבייט. צו יענער צייט האָט מען די פאַמיליאַנטען נאָך קיין אַרבייט ניט געגעבען; ערשט אַז מ'האָט אָנגעהויבען בויען "פּיתום מיט רעמסס", גענומען מויערען די אַדמיניסטראַציע און דעם אָסטראָג, דאַן ערשט, האָט מען אונז אָוועקגעשטעלט ביים לעהם־קנעטען און ציגעל טראָגען. מיר האָבען זיך געשטעלט נעבען דער אַדמיניסטראַציע און געקוקט.

אַט לויפט אָן דער "קאַפּאַטאַס" און שפּרינגט אַראָפּ פון'ם פערד. די יונגע אַרבייטער גיבען איהם אָפּ "טשיעסט פּאַ סאַל־דאַסטקאַמו". עלטערע שמייכלען צו און חנפ'ענען... יעדערער טראַגט צו דאָס ביכעלע זיינס און וועלכען ס'זיינען פאַרצייכענט די אַרבייטס טעג און ווען דער "קאַפּאַטאַס" געפינט אַז איינער האָט שוין צופיעל פאַרדיענט, באַקומט ער שוין מעהר קיין אַרבייט ניט, לויט גערבילי'ס באַפעהל, בכדי אַ יעדערער זאָל קענען פאַרדיענען, אַלע זאָלען זיין גלייך, ניט איינעם גאָר אין גאַנ־צען און אַ צווייטען — גאָר ניט...

די "אויפזעהער" האָבען אָבער געהאַט, ווי שוין געזאָגט, זייערע מיוחסים. לויט אַלע פּליטערלאַך, דער אַלטער רוסישער סיסטעם.

דער "קאַפּאַטאַס" האָט איבערגעקוקט די ביכלאַך און אַ קאָ־מאַנדעווע געגעבען: "יעדער זיין "שופעל" אויפ'ן אַקסעל און מאַרש"! אַזוי איז מען געגאַנגען אויפ'ן וועג צו דער אַרבייט: פאַראויס דעם שוטר, הינטער איהם דרייסיג אָדער פופציג אַרביי־טער. חוץ איהם, זיינען אויך געווען אונטער־קאַפּאַטאַסען, אויפזע־הער איבער צעהן און צוואַנציג און אויך דיזע שרי עשרה, האָבען פאַרשטאַנען ווי אַנצוגעהן מיט'ן "כאַבאַר" סיסטעם...

— אַ שעהנע "סווינסטוואָ" (שווינעריי) פיהרט זיך דאָ, — זאָגט מיר דער שיפס־ברודער. — זעהסט דאָרט ווי זיי לויפען נאָך יענעם מיט די לאַנגע כאַליאַוועס, אַ ביטערער קאַפּאַטאַס, אַ אמת'ר נוגש פון מצרים; עפּעס גוואַלדעוועט ער דאָרט: קום לאָ־מיר הערען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

— נעהמט מיך צו דער אַרבייט! — בעט זיך אַ מיטעל־יעהרי־גער איד. — כ'האָב פיער קינדער אין דער היים, זיי געהען אוים

פון הונגער...

— ווייזט אהער דאס ביכעלע! — זאגט כעס'נדיג דער "אויפזעהער" — שוין דריי טאג האסטו פארשריבענע! גענוג! פאר דיר איז מעהר ניטא, סטופאיי!

ס'קומט א דריטער, א פיערטער. דער נגש שפאנט ווייטער, שמייסט מיט דער "רעוועגקע" איבער די כאליאוועס פון זיינע שטיוועל און האלט אין איין ארומשפאצירען. מענשען לויפען איהם נאך: מיט אלערליי חניפה-ווערטער לעקט מען איהם און מ'לאסטשעט איהם...

— פארשרייבט מיך, "סעניאר"!.. מיך "גאספאדין"!.. מיר, "מילאסטיווי גאסודאר"!.., מיר "מוסיע", הערר, אדון, דאן, מיסטער, עפענדי און אלע מעגליכע און אונמעגליכע טיטלען וואס דער המון האט זיך אנגעהערט אויף דער רייזע... ער אבער שפאנט און קוקט זיך אפילו ניט אום אויף זיי.

עפעס איין אידעל האט זיך איינגעעקשנ'ט און לאזט איהם ניט אפ: "פארשרייבט מיך! — בעט ער רחמים, — כ'מוז מיין פאמיליע עפעס געלד שיקען!"... דער נוגש וויל איהם אבער ניט אננעהמען. הער איד לויפט איהם נאך און פלאנטערט זיך ביי זיינע פיס.

— "פאשאל וואן!" — ברומט דער קאפאטאס. — דער איד הערט אלץ ניט און שטופט זיך איהם אין די אויגען.

— איך מוז עפעס פארדינען! — יאמערט ער: — מיין פאמיליע הונגערט דארט אין דער היים.

— "סטופאי מערזאוועץ." — גיט ער א שטויס דער אידען, וועלכער פאלט אנידער.

מיר לויפען צו. מ'נעהמט זידלען דעם נוגש און די ביישטעהענדע פאמיליאנטען שרייען:

— נעהמט חברה די "זאסטופעס" און צושפאלט איהם דעם קאפ! אזא באד-יונג!

ס'ווערט א טומעל. חברה "הינטען" מיט זייערע בייטענצער ווילען צופיהרען די הענד... ווילען פארטהיידיגען ז י י ע ר קאפאטאס און עס יאוועט זיך גערביל.

— וואס איזט דא? — פרעגט ער דעם "אויפזעהער".

— "גאספאדין" גערביל! — שרייעט א ליטוואק — מע נעהמט "לאפקע" און מע רייבט טעג!

— וואס איזט דאס "לאפקע"?

— "כאבאר" מיין העדר! דער טרפה'ניאק נעהמט כאבאר און שרייבט טעג. וויסען זי?

— ניין איך פערשטעה זי ניכט! — ענטפערט גערביל אומ־געדולדיג.

— וואס דולסטו דעם העדר גערביל א קאפ! — רוקט זיך צו א לאנדאנער אידעל. — דער העדר פערשטעהט ניט קיין רוסיש! איהר ווייסט מיסטער גערביל, "גרעפט" הייסט דאס, מ'נעהמט אין יד אריין, נעהמט מען! — גערביל ציהט מיט זיינע שמאלע אקסלען.

— אה לאזט נאר מיך! — היצט זיך א איד פון זמירנא, אין א ציצענעם כאלאט. — אדוני גערביל, שוחד! באקשיש! נו יעצט ווייסט איהר שוין?

— יא, יא! — שרייען אייניגע אימיגראנטען פון דער טער־קיי! — באקשיש, די קאפאטאסען נעהמען באקשיש!

דער נוגש און א פאאר פון דער טרפה'נער חברה געהען צו און ערקלעהרען:

— סעניאר גערביל! דיזע לייט זיינען פוילענצער, ווילען ניט ארבייטען; קומען בלויז סקאנדאל צו מאכען!

גערביל ווערט אין כעס. א כעס'ן איז ער געווען ביז גאר! צו־לאזט־ער זיינע לאנגע הענד און לויפט אוועק, שרייענדיג: "סקאנ־דאל! סקאנדאל!" ס'וואקסען־אויס די "וויזשילאנטען" אינ'ם מיטט פונ'ם רעדעל, ציהען־ארויס די בלאנקע שווערדען און שא, ס'ווערט שטיל און מען צעגעהט זיך מיט ארונטערגעלאזענע קעפ...

מיט שברון לב האבען מיר ניט איין מאהל צוגעזעהען אזעלכע בילדער: עגמת נפש און פארדראס געהאט און אלץ געווארט אויף א בעסערער ממשלה, — ליידער, איז זי ביז היינטיגען טאג ניט געקומען.

9.

## די באַקעסטיגונג און דער סקלאַד.

די טעג האבען זיך געצויגען. נייע אימיגראנטען זיינען אנגע־קומען. כמעט אלע דריי טאָג איז געקומען א נייע פּארטיע. דיזע זיינען שוין בעסער אראנזשירט געוואָרען, ווייל מיט זיי צוזאמען, האט מען אויך געבראכט א סך האליץ און בלעך. אונזערע ארביי־טער האבען אויפגעשטעלט שייערן, אדער "גאלפאָנען" וואו זיי האָבען זיך פּאָרלויפיג באזעצט, אנשטאט די "קארפּאס" מיט וועל־כע מ׳האָט אונז באגליקט...

דעם באַראָנס גרויסער סקלאַד האָט אָנגעהויבען פונקציאָנירען.

אין דעם דאזיגען גרויסען "גאלפּאָן", האבען זיך געפונען סחורות אויף שווערע טויזענדער. גרויסע אנגעלאדענע וועגען, האָט מען טעגליך געבראכט און איף קלייט אַפּגעלעגט. שרייבערס און פּריקאַזשציקעס זיינען ערנאנט געוואָרען, אום דיזע קלייט צו פיהרען אין ארדנונג... די אדמיניסטראציע האט יעדען ארויסגע־געבען א ביכעלע, אויף וועלכען מ׳האט באקומען אלע מיני פּראָ־דוקטען: עסענוואַרג, רעמאַנענט, אַלעס לויט די צאָהל פאַמיליע מיטגליעדער. אום עפּעס ארויסצוגעבען איז נויטהיג געווען אן ארדער פונ׳ם אדמיניסטראטער, — דער גאנצער בעל־הבית אי־בער אונז און איבער אלצדינג וואס ס׳האט עפעס א שייכות גע־האט מיט די אימיגראנטען.

ווער איז דען אימשטאנד צו באשרייבען די שמחה פון די פּאר־וואגעלטע, ווען זיי האבען פאר זיך דערזעהן דעם "אלמאסען" מיט שפּייז און מיט אלע אנדערע ארטיקלען וואָס האָבען זיי, אזוי שטארק געפעהלט?

מען האט שוין מעהר ניט געדארפט לעבען נאר מיט גאליעטען און פלייש. אויפ׳ן ביכעלע האט מען געקענט באקומען רייז, בויי־מעל, "מאקאראָנעס", ריין זאלץ, שוין ניט מעהר די בלאטיגע פון דער "לאגונא". ווער שמועסט ליכט און קעראָסין! עפעס א קלייניגקייט: ליכט! האט איהר שוין געפרופט לעבען וואכענלאנג

אין דער פינסטער, ווי מיר האבען עס פארזוכט? יעדער פאמי־ליאנט האט בעקומען א לעמפעל: דעם בארגנס לעמפעל, האט מען עס יאהרען לאנג גערופען און ביי איינינע קאלאניסטען איז עס באהאלטען אלס זכר, פון דעם חושך וואס האט אונז ארומגערינ־געלט. מיט וואס פאר א פערגעניגען האבען מיר עס אנגעצונדען דיזען קאניצעל און ווי מיר האבען זיך געפרעהט מיט איהם!!!

די צווייטע שמחה איז געווען: טאבאק. יעדערער האט ערהאל־טען 150 גראם טיטון וועכענטליך. (פון די מיוחסים וועלען מיר שפעטער ריידען, זיי האבען אלעס לרוב בעקומען). וועלכע פעדער איז דען אימשטאנד אבצומאלען די ענויים פונ׳ם רויכערער בעת ס׳פעהלט איהם אוים הער טאבאק! שטיקלעך לושפע פון קוקורו־זע און טרוקענע גראזען, האבען מיר ביז דאמאלסט גערויכערט! מיט שטיקער חלב אין א בלעכעל, אדער פשוט אין א גריבעל, מיט א קנייטעל פון דער ווייבס וואלענעם שאל נאך פון רוסלאנד, פלעגען איינינע דאס געצעלט בעלייכטען און ענדליך האט מען געפטר׳ט דיזע פלאגענעש... אט אזוי ארום האבען מיר זיך דערזעהן אויפ׳ן וועג פון פראגרעס.

דער ״אלמאסען״ איז אפען יעדען טאג. אלעס צום עסען איז פאראן. אפילו ציטריינג מיט ראזשינקעס, א קוגעל צום מאכען איז אויך דא!

די משרתים און אויפזעהער זיינען טהעטיג געווארען. ס׳האט זיך תיקף אנגעהויבען די גרויסע סדרה פון גנבה... אוי האט מען גע׳גנב׳ט! אויף טהאל און אויף בארג! אלעס איז געשטוילען גע־ווארען און ניט נור די בעאמטע אליין האבען דערין א האנד גע־האט, זאנדערן דער גאנצער לאגער איז שנעל אנגעפילט געווארען מיט געלקחנ׳טע חפצים... אויב ס׳איז מעגליך אזוי זיך אויסצודריי־קען, קען מען זאגען: ״הימעל און ערד האבען גע׳גנב׳ט. די זון, די לבנה האבען גענומען״... דער ״לא תגנב״ איז אויף צווייען געשפאלטען געווארען. דעם ״לא״ האט מען משלח געווען קיין איירָאפּא און איבערגעלאזט דא דעם ״אמעריטשקע גנב״...

פיעלע פון די ״כאלאסטאיעס״ האבען דעם זעקסטען ״לא״ פון די עשרת הדברות אויך אוועק געשיקט צו זייערע פרויען אויף יענער זייט אקעאן, זאלען זיי עס דארטען אפהיטען און דא, האבען זיי

ניט געקאָרגט די צווייטע העלפט מקיים צו זיין...

כ'האָב געזעהען אידען מיט באָרד און פאות, האבען אין זייערע קאַפּאָטע קעשענעס פון קלייט אַרויסגעטראָגען צוקער, רייז, וכדומה, אונטער די פּאָלעס האָבען זיי א ח י י ם געטאַסקעט אי טעפּ־לאַך, אי טעה־קווערטלאַך, אי אַנדערע כלים, — מכל הבא בידם... קיינ־מאָהל זיינען זיי פאַר בושה ניט רויטה געוואָרען און זיך איינער פאַר'ן צווייטען גאַר ניט געשעמט; ווייל אייגענטליך האָבען זיי דאָך אַ תירוץ געהאַט: "מ' נ ע ה מ ט ביים אייגענעם טאַטען"...

די טרפהנע חברה, די צוקמאַנ'ס, די שוואַרצמאַן'ס, זיי האָבען בשותפות מיט די גאָר גרויסע בעאַמטע, געשעפטען געמאַכט און קאַ־פּיטאַל געשלאָגען.

נאָך דער "גערביל רעוואָלוציע", האָבען מיר זיך ערשט דער־וואוסט, דאָס גאַנצע הענגען מיט סחורה זיינען פון דער באַהן, אַנ־שטאָט צום "אַלמאַסען", גאָר געפיהרט געוואָרען צו דער סטאַנציע דאַנינא, אַנ'אַכט קילאָמעטער פון קאַסאַרעס, וואו מ'האָט עס אָפּגע־זעצט... דיזע וואַרע, זיינען בלויז אריין אין די ביכער, אָבער ניט אין באַראָן'ס קלייט און דאָך צאָהלען מיר נאָך פאַר זיי יעצט אויך העם פּראָצענט.

אין לאַגער איז געווען פרעהליך. עסען איז דאָ און צום רויבערן אויך! די תקיפים, די יאַבעטניקעס, טאַטעס פון שעהנע טעכטער, האָבען פון קלייט געשלעפּט, וואָס זייער הארץ האָט געגלוסט און די כפּרה איז געוואָרען דער אָרימער "בעזגראַמאָטנע", וואָס אויף זיין חשבון איז פאַרשריבען געוואָרען די "אַרויסגעטראָגענע זאַכען"...

דעם באַראָנס קלייט האָט מיט איהר שם, גיך אָפּגעקלונגען אינ'ם אומגעגענד. פאַרברוינטע, האַלב־ווילדע "גאַאוטשאָס", זיינען אויף זייערע פלינקע פערד געקומען צו רייטען און אויף שטום לשון, חליפין געמאַכט מיט די אימיגראַנטען. מ'האָט אויסגעביטען אַ יונג "גאַ־מאַסיליאַ", פאַר אַ ביסעל טאַבאַק, אָדער די פעהל פון אַ גרויסען הירש, פאַר אַ ביסעל לאַקשען. "גאַמאַס", גרויסע און קליינע היר־שען און שטרויסען, זיינען אין די טויזענדער אין דער סביבה געווען.

ס'האָט געריעש'ט און געזשומעט ווי אויף אַ גרויסען וועלט־יאַריד. נעבען עדער פּאַלאַטקע האָט געוויכערט דער קיזיק; די דאַרע גאַ־

ליעטען האָט מען צושטויסען און געפּרעגעלט לאַטקעס אויף בוימעהל און געלעבט ווי גאָט אין פראַנקרייך!..

באַלד נאָכדעם האָט מען גענומען בויען די תפיסה און די געביי־דע פון דער איצטיגער אַדמיניסטראַציע, געבענדיג אַזוי־אַרום אויך אַרבייט די פאַמיליאַנטען. אונז האָט מען נאָר געצאָהלט איין פּעזאָ מיט צוואַנציג סענט אַ טאָג, מחמת מ'האָט דאָך אונזערע משפּחות געגעבען עקסטראַ צום עסען! — אַזוי האָט מען אונז ערקלעהרט; אַלאַ וואָס אַלעם ווערט דאָך פאַרשריבען אין ביכעלע און וואָס אונ־זער אַרבייט איז אַ שווערערע געווען, מיר האָבען דאָך געדאַרפט לעהם און ציגעל טראָגען?! נור מיט אַזעלכע קלייניגקייטען האָט מען זיך דאַן ניט גערעכענט.

מיר זיינען געווען צופריעדען: ראשית — אַבי ניט זיצען לע־דיג און והשנית — עפּעס פאַרדינען, אום ס'זאָל זיין וועגען אַזעל־כע אַרטיקלען צו קויפען, וואָס די קלייט האָט אויפ'ן ביכעל ניט געוואָלט אַרויסגעבען.

אַ גאַנצע וואָך האָט געטומעלט. איז געקומען שבת — דאַן האָט איינגעטראָטען אמת'ע רוה. אַ מנוחה טאָג. אין אונזער לאַגער פון אַלגאַראָבאַ, האָט קיינער ניט געוואָגט פייער צו מאַכען. מ'האָט געדאַווענט אין מנינים, געגעסען קאַלטע לאַטקעס, פליש, און די מהדרין האָבען אויך אַ קאַלטען קוגעל צוגעגרייט... נאָכדעם האָט מען זיך צוגעלעגט שלאָפען, — עונג שבת.

פאַרנאַכט, האָט זיך אָנגעהויבען דער שפּאַציר אין וועלדעל פון דער אַדמיניסטראַציע און אין גאַס, פאַרביי דער שרעגנגע געצעלטען. אינגלאַך און מיידלאַך האָבען געזונגען: עלטערע בעלי־בתים האָבען זיך נאָכגעפרעגט איבערן תכלית: ווען וועט מען שוין פאַרטהיי־לען דאָס לאַנד? ווען וועלען זיך פאַרענדיגען געדבילט'ס "פּיער־צעהן טאָגע?"

באמת האָט מען געגאַרט נאָכ'ן באַראָן'ס נחלה. יעדערער האָט שטאַרק חשק געהאַט אַ קאָלאָניסט צו ווערען און זיין אַנ'ערד־אַר־בייטער.

אינדעם איז אויך געקומען אַ זעלטענע איבעראַשונג, וואָס האָט אונז אַלעמען שטאַרק משמח געווען.

10.

# אידיש מיליטער.

פון באראן הירש, איז א באפעהל אנגעקומען, דאס מ'זאל שאפען א נאציאנאלע גווארדיע אדער א טעריטאריאלען מיליץ, וואס זאל אפהיטען און באשיצען די קאלאניע. יעדער יונגערמאן פון 18 ביז 25 יאהר אלט, זאל איינגעשלאסען ווערען אינ'ם אידישען מיליטער דיענסט.

מיט א גוואלדאונער בעגייסטערונג איז דיזע פעראָרדנונג אויפגענומען געווארען. פון אלע פאלאטקעס האבען זיך רעקרוטען געמאלדען. יונגע בחורים'לאך, עלטערע אויסגעדינטע סאלדאטען פון רוסלאנד, אלע זיינען געלאפען אין אדמיניסטראציע זיך איינצושרייבען אין "אידישען חיל".

גערביל, — א געוועזענער דייטשער אפיצער און טיראטשיני, א פראנצויזישער הולאנער, האבען באלד ארגאניזירט א רעגימענט קאוואלעריע. א ראטע אינפאנטערי, איז צוזאמענגעשטעלט געווארען אונטער דער קאמאנדע פון ישראל האלצקאן, — א געוועזענער קארפאראל פון רוסלאנד. דאס מושטשירען פונם חיל, איז אנפאנגס זעהר שווער געווען, ווייל די "סאלדאטען", א מיש־מאש פון אלע לענדער: רוסען, עסטרייכער, רומענער, עטליכע ענגלישע און א פאאר טערקישע, — האבען זיך שווערליך געקענט איינפערשטעהן. נאכהער האט טיראטשיני, דער אבערקאמאנדיר, זיין "ארמעע", איינגעטהיילט אין בעזונדערע לעגיאנען: רומענער מיט עסטרייכער און די גאר פרישע רעקרוטען, אדער ווי מען פלעגט זיי רופען: "נאוואבראנצעס" — באזונדער. רוסען, די פאאר ענגלענדער און סיריער, ווידער א לעגיאן בעזונדער. איין "ראטע" אויף פערד מיט געוועהר, די צווייטע א פעכאטנע און אהן כלי־זין. דאס הייסט אז אייגענטליך זיינען פארלויפיג אלע געווען אהן געוועהר. נאר מ'האט געווארט, אז ס'זאל אין גיכען אנקומען...

אך! וואו נעהם איך אזא קרעפטיגע פעדער אום צו קענען באשרייבען אונזער שמחה, אונזער גדולה און גאוה, בשעת מיר האַ־

בען אונזער נאציאנאלער גווארדיע דערזעהן? ווער איז דען אימשטאנד אויסצומאלען אונזערע אילוזיעס, אונזערע חלומות און פאנטאזיען, וואס די דאזיגע אידישע סאלדאטען האבען אין אונזער מח ערוועקט? קינדער פון 15 יאהר, האבען זיך רחמים געבעטען ביים אינזשעניער טיראטשיני, דאס ער זאל זיי אויפנעהמען אין אידישען לעגיאן! ער פלעגט אבער נאר אויסקלויבען די שטארקסטע און שעהנסטע און אין דער ברייטער פאמפא האט אפגעקלונגען דער רוסישער דעזעציר:

— שאגאם ארש! נא ליעווא! נא פראווא! ליעוואאי-אי־אי! ליעוואאי!

— רעכטס'אום! לינקס'אום! מארש! — האט דער עסטרייכישער לייטענאנט, יוסף אמרייך, אויף זיין שטייגער די אידישע יונים דעזעצירט.

מאמעס, שוועסטער, כלות, יונגע־פרוייען, האבען זיך פון תענוג געשמאלצען אנ'קוקענדיג זייערע ליבלינגע, וואס האבען זוכה געווען צו דיענען אין באראנס ארמעע.

אנ'אויסערגעוועהנליכען תענוג האבען די ארטאדאקסישע אידען געהאט פון דער דאזיגער מיליץ. זיי, די אייביגע בענקער און די אויפריכטיגע גלויבער אין דער ווידעראויפלעבונג פון דער אידישער אומה, זיי האבען תיכף אינ'ם חיל דערזעהן אנ'אתחלתא דגאולה... ווען דער עסקוואדראן הולאנער, אויף די פערד, מיט זייער קאמאנדאנט טיראטשיני, אין א רויטן געשטרייפטער העמדעל אן דער שפיץ, פלעגט דורכמארשירען פארביי די פאלאטקעס, האבען די עלטערע אידען מיט עקסטאז, געשריען: "יהודה המכבי קומט!" און פלעגען מיט פרייד צומורמלען: "מי כמוך באלים ד'?"

שניאר מלמד פלעגט מיט חדוה איינקנעלען מיט זיין יאסעלען:

— געדענק מיין זוהן, זאיי א גוטער סאלדאט און פארגעס ניט דעם פסוק: "ללמוד את בני יהודה קשת!"...

א זעהר ברייטער ריינער הימעל, מיט א טיעפען שעהנעם האריזאנט, האט זיך פאר אונז פארשפרייט. א ליכטיגע גלענצענדע האפנונג, האט דאמאלסט פאר די אויגען געשטראהלט און אונז פאנטאסטיש צוגעשעפטשעט: "אנ'אייגען פאטערלאנד! א אידישע

לאנד! וועניגסטענס א נייעם בבל וועט מען שאפען!"

ס'קלינגט מיר נאך אין די אויערן די דרשה פון דעם גרייז־גרויען לייבעלע, וועמעס ווערטער עס זיינען ביי מיר ווי מיט פייער, אינ'ם הארצען איינגעגראווירט געווארען:

"עתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל העולם. — האט ער אנגעפאנגען פאר'ן בינטעל אידען וואס זיינען נעבען זיין פאלאטקע געשטאנען בעת די סאלדאטען האבען אדורכגעמארשירט. — ברידער, דא וועט זיין ארץ ישראל, אן עכט אייגען אידיש לאנד: אייגענע סאלדאטען וואס וועלען היטען אונזער תורה, אונזער טראדיציע: אפילו ווען משיח וועט קומען, דארפען מיר ניט געהן אהין! סיי־ווי־סיי איז דאס אלטע ארץ אבות צו קליין אום אלע אידען אריינצונעהמען... דאן איז דער פעטער ישמעאל דאך אויכעט דארט... און איז נאך היינט אויך דער אלטער פרא אדם... אבער דא, אין דעם לאנד, וועלען מיר מיט די ארגענטינער זיך לעבען בשלום ואחדות... זיי שטאמען דאך אויכעט פון אונזער גזע! ס'איז דאך א סברה, אז זיי זיינען פון די עשרת השבטים... זעהט איהר! — שמייכעלט דער זקן צופרידען: — סאלדאטען פאר משיח'ן אויב ער וועט פארלאנגען, — דאס וועלען מיר איהם געבען! אהן חיל, וועלען מיר איהם שיקען!"

אט מיט אזעלכע רייכע חלומות האבען מיר דאמאלסט אונזערע נשמות געשפייזט. דער געדאנק זיך א זיכערע היים, א גליקליכע אויפצובויען, האט אונז געשטארקט. באמוטהיגט און כוח געגעבען אלע שוועריגקייטען איבערצוטראגען.

מיט פריידען געשרייען מיט "הורראָ'ס!", מיט אויסרופונגען: "לעבען זאל דער בארון הירש! געבענשט זאל זיין ארגענטינא!" האבען מיר שטענדיג אויפגענומען אונזערע לעגיאנען, בשעת זיי פלעגען נעבען אונז דורכמארשירען.

לאנג האט דיזע שמחה ניט אנגעהאלטען. די קאטאסטראפע פונ'ם 26־טען דעצעמבער, האט אלעס פארניכטעט און מיט געשלעפט... דער אידישער לעגיאן איז אויך צעפאלען געווארען...

## 11.

# די ערשטע קאטאסטראפע אין מאאוריציא.

דעם 26־טען דעצעמבער פון 1891, אין א שבת פארנאכט, איז דאס געשעהן, צום אכטען חנוכה ליכטעל.

דער שבת־טאג איז א פראכטפאלער געווען: שעהן און ווארעם. הונדערטע קינדער האבען זיך געשפיעלט פאר די קארפאס און די ליעדער, וואס די מיידלאך האבען אין וואלד געזונגען, האבען זיך געטראגען איבער'ן גאנצען לאגער.

די זון, א צוקאשמערטע, מיט א טונקעל רויטהליכען לעבערקאליר, האט זיך אין דער "לאגונא" ארונטער געלאזען. די וואסער פונ'ם זומפף, האט זיך ווי אנגעצונדען און האט אונז אלע, ביים ברעג שפאצירענדע, בעגאסען מיט א משונה מאדנעם שיין. איינער פון די צווייטען האבען מיר זיך אנגעקוקט מיט שרעק און געפארשט אויף שטום־לשון ביים אלטיטשקען אינדיאנער, וואס האט זיך ביז צו אונז צוגעשלאגען. ער האט אויף די "קארפאס" געוויזען און דורך זיין מימיק צו פארשטעהן געגעבען, דאס מיר זאלען געהן אהין זיך דארט בעהאלטען:

— "טארמענטא!" — האט ער פאראומערט געזאגט. — "טארמענטא!" — און מיט'ן האנד אנגעוויזען צום מעריב־זייט.

מיר האבען געאיילט און אין די געצעלטען געגאנגען.

באלד איז פינסטער געווארען און דושנע הייס, ממש אויף דערשטיקט צו ווערען. פון ווייטען האט זיך געהערט א מין רויש, ווערליג ווי עס וואלטען אנגעקומען ריעזיגע חילות.

ביי יעדען איז די האהר פון קאפ פאר פחד שטייף געווארען. מיין פרוי מיט די דריי קינדער, האבען זיך צוגעטוליעט צום מיטעלסטען דריקעל פון דער "קארפא" און איך מיט'ן כאלאסטאי, מאטעל טאבאקמאן, וועלכער איז גראדע דאמאלסט ביי מיר געווען, האבען מיט די רידלען גיך געגראבען די ערד ארום דער פאלאטקע און אנגעשאטען רונד־ארום אויף די ברעגען, אום דער ווינט זאל זי ניט אוועק־טראגען.

— כ'האָב מורא: — האָט דער קאַלאַסטאַי געזאָגט, — צי ס'קומט ניט ווידער אַמאָהל דער "פּאַמפּעראָ", אַזעלכען ווי מיר האָבען געהאַט ביים אָנקומען אַהערצו. גראָבט שנעלער!

מיט אַלע כוחות האָבען מיר געגראָבען און בערג ערד אַרום אָנגעשאָטען.

דאָס וואָיען פון'ם ווינט, האָט זיך וואָס אַ סעקונדע מעהר, אַלץ מורא'דיגער און דייטליכער געלאָזט הערען. פּלוצלונג איז אַלעס שטיל־געבליבען, אַזוי פּירכטערליך שטיל, אַז ס'האָט אַזש פאַרכאַפּט די נשמה. אַ טיעפער יאָמער, מיט אַ דין קול'כעל ווי פון אַ וויינענדיג קינד, האָט אַריינגעדרונגען און געלעכערט די אויערן. באַלד האָט די גאַנצע נאַטור אַ קרעכץ געגעבען, אָבער אַזוי אימה'דיג, אַז מיר האָבען די זאַסטופּען אַוועקגעוואָרפען און שנעל אַריין אין פּאַלאַטקע און דער ווינט נאָך אונז... כהרף עין האָט ער אַ כאַפּ געטהון דעם פּרעזענט, האָט אָפּגעפּליקט אַלע שריקלעך און דאָס לייווענט אַוועק געטראָגען אין דער לופטען איבער אונזערע קעפּ, פּאַנאַנדערפלאַטערענדיג מיט די שטיקער "קאַרפּאַ", ווי מיט די זעגלען פון אַ שיף... אַלע האָבען מיר זיך אָנגעקלאַמערט אָנ'עם מיטעלסטען סלופּ, וועלכער איז געווען שטאַרק און טיעף אַריינגעגראָבען אין דער ערד און אַזוי האָט אונז דער שטורם ניט געקענט מיטשלעפּען.

די קינדער האָבען מיר צוגעבויגען ביז'ן ערד און מיט אונזערע קערפּער זיי בעשיצט און איבער אונזערע קעפּ זיינען געפלויגען שטיקער צופליקטע שמאַטעס, בלעכענע שיסלאַך, דאָס געשיהר פון'ם לאַגער, קישעלאַך און פעדערען, היטלען, זאַמד, שטויב, שטיקער קיזיק און ערד... משונה'דיגע קולות, האָבען און דער לופט שרעקליך געהילכט און דאָס פינסטערניש איז אַזוי געדיכט געווען, אַז ווימש חושך: ס'איז אונמעגליך געווען אויף אַ שפּאַן פון זיך צו זעהן.

אַ שווידערליכען מאָמענט האָבען מיר איבערגעלעבט. ס'האָט זיך אונז אויסגעוויזען, דאָס נעבען סלופּ וועט אונזער פאַמיליען קבר זיין: אַז די ערד וועט אונז פאַרשיטען און מיר וועלען אויף אייביג לעבעדיג בעגראָבען ווערען.

ס'האָט אַ בליץ געטהון. דער הימעל איז אויף צווייען צושפּאַל־

טען געוואָרען און דער עלעקטרישער שטראָם האָט איהם נאָכ־דעם צוריסען פון עק ביז עק, אָפּגלאַנצענדיג אַזוי העהל, מיט עפּעס אַזאַ קלאָהר־ווייסער ליכטיגקייט, אַז עס האָט אין די אויגען ווי מיט שפּיזלען געשטאָכען און טאַקע תיכף: טראַך! טראַך! טאַר־ראַראַך! איין דונער נאָכ׳ן צווייטען האָבען זיך אין דער לופט געקייקעלט און האָבען אונטער אונז די גאַנצע ערד צעוויעגט און צושאָקעלט.

לסוף האָבען זיך צעעפענט די וואָלקען: אַ שלאַגסרעגען האָט אויסגעבראָכען און אונז ביז די בייהנער, אין איין אויגענ־בליק אַדורכגענעצט. אָבער מיט׳ן מבול, איז דער ווינט געשטילט געוואָרען. יעדער פון אונז, האָט אויף׳ן האַנד אַ קינד גענומען, קוקענדיג דערשראָקען אין אַלע זייטען.

— מיר מוזען זיך ראַטעווען! — האָט מיין פרוי געזאָגט. — לאָמיר זעהן זיך דערשלאָגען ביז צו דער אַדמיניסטראַטיווער געביידע.

מיר האָבען זיך אָנגענומען ביי די הענד און נאָכ׳ן שיין פון די אָפּטע לאַנגע בליצען, זיך געלאָזט געהן אין ריכטונג צו דער אַדמיניסטראַציאָן.

מיר האָבען ביז די קניע אין וואַסער געברויזעט, זיך געשטופּט אַנטקעגען שטראָם פונ׳ם רעגען, ביז מיר האָבען דעם אַדמיניסטראַ־ציאָנס וואַלד דערגרייכט: אָבער ווייטער איז כמעט אונמעגליך געווען צו געהן. פיעלע בוימער זיינען געלעגען אויסגעריסען מיט׳ן וואָרצעל; אָפּגעבראָכענע צווייגען, "אוליאַקעס", האָבען זיך גע־פּלאָנטערט און געקניפּט איינס אָנ׳עם אַנדערן און יעדע סטעזשקע פאַרצוימט. דאָס גליק איז געווען וואָס ס׳האָט אָפט און שאַרף געבליצט און מיר האָבען אַזוי געקענט זעהן ווי אַריבערצוקלע־טערן די קלעצער און זיך דורכשטופּען די צווייגען.

מיט אַלע קרעפטען זיינען מיר ווייטער געגאַנגען און זיך גענע־הענטערט צו דער אַדמיניסטראַציע, פון וואַנען ס׳האָט זיך גע־הערט אַ יאָמער־געשריי און שרעקליכע שמערצפולע קולות.

— דאָרט האָט זיכער עט וואָס שרעקליכעס פּאַסירט: — האָט אונזער באַגלייטער, טאַבאַקמאַן, געדרונגען. — איהר הערט דעם געוואַלד? — מיר זיינען שנעלער געגאַנגען.

וואָס פאַר אַ שווידערליכע בילד מיר האָבען דאָרט דערזעהן! נור די אייביג שטאַרקע "שכחה" איז אין קראַפט דאָס אָפּ צו־וויי־שען פון מיינע אויגען!

אַלע צימערן פון הויז זיינען אַנגעפרעסט און אנגעפילט געווען מיט פרויען און קינדער. דער יאָמער און קלאַג האָט די הימלען געשפּאָלטען... די מענער האָבען געאַרבייט: אַלע רגע געבראַכט אַנאַנדער פרוי, אַ צובלוטיגטע, אַ פאַר'חלש'טע...

דער שטורם האָט שוין אויפגעהערט, אָבער די פינסטערנעש איז געווען אַ אונדורכדרינגבאַרע און דער רעגען האָט ווי מיט עמערס געגאָסען. ס'איז געווען אַ מבול, אפשר ווי אין נח'ס צייטען.

— גוואַלד, מיין ווייב! — שרייט יוסעל מלמד. — כ'פאַרמאַג צוואַנציג פּעזאָס, נאָט איך גיב זיי אייך אוועק, נאַר לויפט ברייננגט זי! זי איז דאָרט ערגעץ פאַרבליבען...

פיער מענשען ברייננגען אריין אַ "קאַטרע", אויף וועלכער זיי טראָגען אַ ווייבעל, ווען ס'האָט זיך אין סאַמע "טאָרמענטאַ" פאַרגלוסט געהן צו קינד... ס'לויפט איינער אריין מיט קולות: "קומט שנעל! אַ מענש ווערט דערטרונקען! דאַ ניט ווייט שרייט ער פון אַ גרוב אַרויס"...

אונזערע סאָלדאַטען לויפען ראַטעווען. גערביל קאָמאַנדעוועט: "גוואַרדיאַ נאַציאָנאַל! לויפט רעטעט!" אַליין געהט ער אַרום צעווישען די אָהנמעכטיגע, טראָגט צו אַביסעל וואַסער, אַ שטיקעל לימענע. (קיין מעדיצין איז ניט בנמצא געווען)...

צוויי גוואַרדיסטען טראָגען אַריין אַ זעקסיעריגעס טוידטעס קינד. אַ דריקעל פון אַ פּאַלאַטקע האָט עס דעם מוח'ל צעשפּאָלטען. די מוטער האַלט אין איין חלש'ן אַז ס'איז איהר אונמעגליך צו דערמאַנטערן.

באַלד קומען אויך אָן די איינוואוינער פון דער "קאָמיסאַריע" געגענד. אַלע האָבען זיך געזוכט צו שיצען אין דער אַדמיניסטראַציאָנס געביידע. אַלע זיינען זיי געווען אָהן הימלען, די ווייבער מיט צושויבערטע און צעפּלאַנטערטע האָהר פון וועלכע ס'האָט דאָס וואַסער געקאַפּעט, פילע מיט צוקלאַפּטע אויגען און צעשלאָגענע צייהן... אין הויז ווערט שרעקליך ענג, ס'קען שוין מעהר ניט אריין.

געפינט מען אַ עצה: די געזינטערע מענער און פרויען שטעלען זיך אין דרייסען אויפ'ן רעגען און די שלאָפע און פאַרוואונדעטע לאָזט מען אריין אינוועניג, אונטערן דאַך.

מיר שטעהען נעבען וואַנט. דער רעגען וואַשט אונז און די קעלט איז שרעקליך בעז און קריכט ביז די געדערים. ס'קומען אָן די ברידער סווערדליק און טראָגען דעם גוף פון זייער טוידטער מו־טער. א צינקענע בלעך פון אַנ'אראָפגעטראָגענעם דאַך, האט איהר אין קאָפּ געטראָפען און דער'הרג'עט. מען לעגט אַוועק די טוידטע און די פרויען הויבען אויף אזא מורא'דיגע יללה, אז ס'גרוילט אַזש דאס לייב.

מיט טאָג גלייך האט דער רעגען אויפגעהערט.

## דער דאָקטאָר יאַפפע. — אַ גוטע נשמה.

אַ ריינע, אַ קלאָהרע, אַנ'אויסגעצעוואָגענע, איז זיך די זון אַרומגעשוואומען איבער'ן הימעל: מילד און ווייך, אומשולדיג איז זי געווען, אַקוראַט ווי עס וואָלט גאָר ניט פּאַסירט. די צוויי טוידטע, דאס קינד און די פיערציג־יעהריגע פרוי, האבען די שעהנע זון שוין מעהר ניט געזעהן.

פון די פּאַלאַטקעס איז גאָר ניט פּאַרבליבען. עטליכע נאַקעטע אפּגעוואָשענע סלופּעס, האבען געהאלטען אנגעבויגען די קעפּ און אַריינגעקוקט אין די קאַליוזשעס, וואו ס'האָבען זיך געוואַלגערט די פּעדערנע קישעלאַך, דאס אידישע גלות פּארמעגען וואָס מיר האָבען מיטגעבראַכט פון דער היים. בלעכענע שיפס־געשיהר, ווייבערשע טשיפּיקעס, קאַפּעליושלעך, האָבען אַרויסגעקוקט פון די טייכלאַך און עראינערט אַן אַ געוועזענעם און פאַרלאָזענעם ישוב. דער אנבליק פון דעם לאַגער, איז אַ פּיינליכער, אַ איומדיגער געווען.

— פּאָגראָם! אַ פּאָגראָם! — האָבען הויך געשריען די יעניגע וואָס האָבען אין רוסלאַנד פּאַרזוכט דעם טעם פון קריסטליכער באַרימהערציגקייט.

— נויטהיג באַדאַרפט קומען קיין ארגענטינע! — הערט זיך אַ פּאַרביטערטע שטימע.

מען האָט אנגעהויבען חרטה האָבען אויפ'ן גאַנצען עסק. די פרויען זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די קאַליוזשעס, צוזאַמענגעקליבען די חפצים, געקלאָגט און געשאָלטען זייער פינסטערן מזל און דעם רוסישען צאַר.

אויף מארגען, ארום אכט אַ זייגער אין דער פריה, איז אנגעקומען דאקטאר לעווענטהאַל מיט'ן רויטהען ראבינער הענרי יאָזעף. גראַדע איז טיראַטשיני געווען אין קאַסאַרעס בעת די "טאַרמענטאַ" האָט געבושעוועט און ער האָט טעלעגראַפּירט צום דירעקטאָר לעווענטהאַל, דאָס די אימיגראַנטען איז די "קאר־

פאס" געפינען זיך אין גרויס געפאהר, אויב דעם "פאמפערא" וועט דארט דורכשטורעמען. דאס האט איהם באוואויגען ארויס־צופאהרען פון בוענאס־איירעס מיט'ן אוועקסטיגען צוג, אום אליין צו בעטראכטען די לאגע אין מאאוריציא. מיטנעהמענדיג דעם ראבינער יאזעף, פילייכט אום אויסצונוצען זיין זא גענאנטען רעליגיעזען איינפלוס...

איך האב דעם דאקטאר גענוי בעטראכט. אלס פילאזאף איז ער ניט געווען קיין מענש פון טרעהרען, נור יעדער נערוו האט אין איהם געצוקט און אין אלע געזיכטסשטריכען, האט מען באמערקט זיין פערביטערונג און זיין פראטעסט איבער אונזער צושטאנד.

— נו, א קאמיטעט! נו, א פילאנטראפיע! — דיזע ווערטער האב איך איהם געהערט ווידערהאלענדיג עטליכע מאהל, בעת ער האט בעטראכט די פערוואונדעטע און צושלאגענע. זיין שטאל־צער קערפער האט זיך מעהרערע מאהל ווי איינגעצויגען, האט געקרעמפפט אונטערן טיעפען צער און שמערץ.

ער האט תיכף באפוילען דאס דער "אלמאסען", — וואו ס'איז קיין שאדען ניט פאראורזאכט געווארען דורכ'ן שטורם און וואו ס'האבען זיך אויך געראטעוועט מעהרערע משפחות, — זאל בּרייט געעפענט ווערן און מ'זאל פון דארט ארויסגעבען אלעס וואס קען נוצען פאר די קראנקע. קיין מעדיצין און קיין דאקטער איז נאך דאמאלסט ניט געווען: האט מען די וואונדען דעסאינפעקצירט מיט ספירט, און פון לייוועגט געמאכט באנדאזשען; אויך תכריכים פאר די טוידטע האט די "קלייט" צוגעשטעלט...

ביי טאג האט מען אפגעקליעבען א פלאטץ אויף א בערגעל, נאהענט פון דער "לאגונא", וואו ס'איז טאקע ביז היינט פארבליע־בען דער בית עלמין. ארום די פרישע קברים, וואו די ברידער סווערדליק האבען זייער יונגע מוטער בעגראבען, די ארימע רומע־נישע משפחה, דוכט מיר צונקבלאט נאכ'ן פאמיליע נאמען, האבען זייער בן יחיד'ל "באהאלטען" און וואו דאס נפל'ע פון דער יולדות האט א קרקע בעקומען, — האבען זיך אלע אימי־גראנטען פערזאמעלט און הילכענדע קולות האבען זיך דארט פלוצ־לונג צעטראגען:

— א היים! א היים! מ ר ווילען צוריק א היים! דאקטאר שיקט

אונז אפ צוריק אהיים! האבען מיר דען קיין קברים ניט און רוס־לאנד? א היים! מען האט אונז נאר גענארט און באטראגען! ברי־דער, דער גאנצער קאלאניזאציאנס פלאן איז א פאלשער! מיר ווילען צוריק א היים!

קורץ: מיט'ן צוג פון צוועלף ביינאכט און אין דער פריה מיט'ן צעהנער, זיינען פיעלע פון דער "נאציאנאלער גווארדיע" אפגע־פאהרען פון אונז. די קרעפטיגסטע, געזינדסטע "באלאסטאיעס", זיינען די ערשטע נברחים געווען. דער דר. לעווענטהאל האט זיי אלעמען באהן־בילעטען געגעבען. פון די פאמיליאנטען האט זיך אבער קיינער ניט גערירט.

ווידער זיינען מיר געשלאפען אין דרויסען. אייניגע האבען מיט א פאאר טאג שפעטער זיך צונויפגעשטעלט ביידלאך פון די רעש־טען וואס דער שטורם־ווינט האט איבערגעלאזען. גיך איז דיזע אומערטרעגליכע לאגע געענדערט געווארען צום בעסערן: דר. לעווענטהאל, האט צוגעשיקט ספעציעל צוגעשניטענעם און געדרעקסעלטען געהילץ, טשוועקעס, שרויפען און בלעכען, און אנשטאט די פאלאטקעס, אדער די ביידלאך אויף היהנערשע פיס־לאך, האבען מיר שוין אויפגעשטעלט פעסטע געצעלטען.

"נאך יעדען חורבן וואקסט אויס א בעסערער בנין; דורך פוי־לענעש ענטוויקעלט זיך און עס געדעהעט א פראכטפאלע פלאנ־צע". — אויך דאנקענדיג דער קאטאסטראפע, האט זיך אנגע־הויבען אויפשלאגען די אידישע קהלה פון קאסארעס.

א פאאר ""באלאסטאיעס" האבען דארט אויפגעשטעלט א בלעכען ביידעל, און איך בעט אייך, זאגט נאר קיינעם ניט אויס, — טאקע פון באראנ'ס בלעכען... זיי האבען דארט גע־עפענט א צירולניע, א שענקעל און אנגעהויבען פיהרען קאמער'ץ מיט די האלב־ווילדע, פון דער אונענדליכער סביבה, וואס האט במעט ווי געפוסטעוועט.

אויפ'ן זעלבען אופן, זיינען שטעדלאך נעבען און ארום די קאלאניעס, געשאפען געווארען דורך די ערשטע "אפגע־פאלענע און אנטלאפענע" און ווען איך זאל א טבע האבען ארויס־צוגעבען, וואלט איך אויך דערצעהלט דעם סוד ווי עס זיינען געווארען די ערשטע גבירים אין קאסארעס און וואס פאר א

שייכות זייער רייכטהום האט געהאט מיט'ן באראָן'ס קלייט... נישט־קשה, מיר צאָהלען פאַר אַלעס פּראָצענט! נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. אויף שכנים טהאר מען בכלל ניט רעדען, איז זאָל זיין שטיל, שאַ!

אין די נייע בלעכענע "גאַלפּאָנעס" האבען מיר זיך איינגעאָר־דענט. צוזאמענגעקליעבען די שטיקער שמאַטעס און דאָס ציגייי־נער לעבען איז ווייטער געפיהרט געוואָרען: מיר האבען געקליע־בען קיזיק, געגאַנגען נאָך פליישׁ, צוויי מאהל אין וואָך מיט'ן בי־כעלע אין "אַלמאַסען" נאָך פּראָוויאַנט און גנבים האָבען געשריע־בען און גערעכענט וואס זיי האבען אליין געוואָלט... (ביי יעדען קאַלאָניסט געפינען זיך נאָך די געלע פּאַפּיערען פון די חשבונות פון יענער גנב'ישער קלייט!) געוואָרט האט מען נאָך אַלץ, דאָס נערבילס "פּיערצעהן טאָגע", זאָלען סוף כל סוף דערפילט ווע־רען און מ'זאָל שוין דאָס לאַנד פּארטהיילען.

* * *

ס'איז אָנגעקומען דער מאָנאַט יאַנואַר פון 1892־טען יאָהר.

די זיד־אַמעריקאַנער היצען, צו וועלכע מיר זיינען ניט געווען צוגעוועהנט: דאָס מיזעראַבלע ציגיינער־לעבען, דאָס רויהע פליישׁ אַלס נאַהרונג: די שמוציגקייט — אַלצדינג צוזאַמען, האט אין לאַ־נגער דעם טיפוס אַריינגעבראַכט. קיין דאָקטאָר און קיין אַפּטהייק איז ניט געווען, דערפאַר איז אבער אין יעדערביידעל און פּאַלאַט־קע געלעגען אַ חולה. מיט קרענעצע וואַסער האָט מען געהיילט די פיעבער־ברענענדע קראַנקע: טאָג און נאַכט האט מען פון אַדמי־ניסטראַציאָנס ברונען געטראָגען עמערס מיט וואַסער, פּרויען און מענער האבען אין דעם די שמאַטעס איינגענעצט און דעריין איינגעוויקעלט די ליידענע.

ווער ווייסט וויפיעל עס וואָלטען געוועסט אומגעקומען פון דער עפּידעמיע, ווען עס וואָלט פון פאַריז ניט אנגעקומען דער גוטער, מענשענפריינדליכער דאָקטאָר יאַפּפּע.

דר. לעווענטהאַל, זעהענדיג די פערוואָונדעטע פון דער קאַטאַס־טראָפע, האָט ער צום באַראָן דעפּעשירט נאָך אַ ארצט און דער גרויסער פילאַנטראָפ, האָט גלייך ארויסגעשיקט אַ דאָקטער.

אַ טהייערער פריינד איז דער דר. יאַפּפּע געווען. אַלס ליכט

אַלס שטערען, האָט ער אונז אין דער פּאָסטיניע געדיענט! גאָט זאָל איהם בענטשען דאָרט וואו ער איז! ווי עהרליך און מיט וויפיעל ליעבע, האָט ער אונזערע קראַנקע געהיילט. וויפיעל טרייסט און נחמה איז אין זיינע ווערטער געווען! ער האָט אונז דאַ, ווי דער עמוד ענן ד א ר ט, אין מדבר דעם וועג געוויזען. ער האָט געמונ־טערט, געשטאַרקט די נ ח ש ל י ם, מוטה אריינגעפּליסט אום אַלע ליידען, געדולדיג איבערצוטראַגען. איהם, דעם דר. יאַפּפּע, איז די קאָלאָניזאַציע א דאַנק שולדיג; — אויב ס'איז נאָר פאַרהאַן פּאַר וואָס צו דאַנקען.

דער דר. יאַפּפּע האָט תיכף באַמערקט די מעשים פון דער טרפה'נער חברה און איינגעזעהן, דאָס גערביל איז א לעמעשקע ביי זיי אין די הענד און דאָס ער וועט קיינמאָהל ניט אימשטאַנד זיין, דאָס לאַנד געהעריג צו פאַטהיילען. ער האָט אויפגעקלעהרט דעם דאָקטאָר לעווענטהאַל איבער'ן דאָזיגען ענין און גיך האָט זיך צעטראַגען א קלאַנג צווישען די אימיגראַנטען, דאָס גערביל איז ענטזאַגט געוואָרען...

חברה "הינטען" האבען אנגעהויבען סטראַשען די "קוגעל אי־הען" — ווי זיי האָבען אונז גערופען. — אונז געדראָהעט מיט קלעפּ, מיט פּאָליציי, באַהויפּטענדיג, דאָס מיר האָבען גערביל'ן פּארמיאוסט ביי לעווענטהאַל'ן אין די אויגען... אבער דעם גו־טען דר. יאַפּפּע איז געלונגען זיי איינצושטילען.

ער האָט זיך אויך פלייסיג גענומען איינצואָרדנען א געמיינדע. האָט איינגעפיהרט א רעגיסטער פון געבורטען, וואו מ'האָט איינ־געשריבען די מאָסע קינדער וואָס זיינען אין די פּאָלאַטקעס און שייערן געבוירען געוואָרען. פיעלע פון יענע נולדים, האָבען שוין לאַנג, אַלס געטרייע ארגענטינער, זייער מיליטער דיענסט ער־פילט.

אויפגערעגט און איבערראַשט איז דר. יאַפּפּע געוואָרען, ווען ער האָט נאָכגעקוקט די טהרת המשפחה צווישען די וואַרשאַווער און אדעסער חברותא און ער פלעגט זיך היצען:

— גוואַלד ברידער, אונזער קאָלאָניע טרינקט זיך אין שמוץ! מען מוז רייניגען! שטאַרק רייניגען!...

אויף ווי ווייט מאָראַליש געזונקען עס זיינען איניגע געווען,

קען דיענען אלס ביישפּיעל פאלגענדער עפּיזאד, פון אן אדעסער פּאאר פאלק. איבער וועלכען דר. יאפפע פלעגט מיט פּארדרוס און צארן זיך עראינערן. איך האב ביידען געקענט. זי, א פרומינקע, א שטילינקע, האט זיך כסדר באריהמט מיט איהר יחוס. — איהר פאטער איז געוועזן סופר ביים רבי'ן. ער, א לאנגער, א בלאנדער און א גרויסער טיפּוש. מיט אונז צוזאמען זיינען זיי אויף דער טיאקא געפאהרען. איהם האט מען געבענטשט מיט'ן צונאמען: "אביש דער לאנגער" און איהר "נעכע, די פרומע טויב"...

אין א שבת ביי טאג לויפט אריין אביש מיט א געוואלד:

— דאקטער, מיין ווייב! אוי גיכער, וואו איז דער דאקטער??..

יאפפע לאזט ניט מעהר ריידען: כאפּט זיין טעשעל אינסטרומענטען און לויפט גלייך צו דער "פּאלאטקע", וואוהין דער צושראקענער יונגערמאן צייגט איהם אן, שעפּטשענדיג כסדר: "אוי, מיין ווייב! דאקטער, מיין ווייב!..."

אויפ'ן טהיר פונ'ם געצעלט קומט איהם דאס ווייבעל אנטקעגען א פארוויטעלטע, א צושויבערטע, נאר א געזונדטע...

— צו וואס האט איהר מיך גערופען? — פרעגט דער דר. אביש'ן.

— אוי וועה דאקטער! זי איז דאך אן אשת איש און ער א גוי! דערצו נאך שבת ביי טאג!... — און צעוויינט זיך יאמערליך.— דאן כוליא איז ערשט דא געוועזן! — כליפּעט ער ווייטער. — כלעבען דר.. איך אליין האב זיי געטראפען.

דער דר. בייגט אראפּ זיין שווארץ געקרויזטען קאפּ און געהט אוועק פארשעהמט... יעטליכע יונגע לייט געהען איהם נאך.

— מען דארף מעלדען דעם דר. לעווענטהאל! — טענה'ט ער באַ'צער'ט. — די זנות־מגפה, וועט ארומכאפּען די גאנצע קאלאניזאציע און אונטערגראבען דעם ישוב וואס מיר געהען גרינדען. די דאזיגע ארגענטינישע אדעליגע, די "דאנען", פון דאן כוליא'ס כאליאסטרע, וואס האבען זיך ארום גערביל'ן קאנצענטרירט, זיי זיינען אן אומגליק פאר אונז. — פארענדיגט ער שטילינקערהייד.

מיט א דריי טאג שפּעטער איז געקומען לעווענטהאל. מיט נאך איינעם: א געזונדטען דייטש. ביידע זיינען זיי אינ'ם לאגער ארומגעגאנגען, נאכגעקוקט, נאכגעפרעגט, אינספּעקציאנירט. נעבען

יעדער ביידעל זיך אפגעשטעלט און אהינצו ארייננגעבליקט.

איך מיט שאראגראדצקי'ן, זיינען מיר פון ווייטען זיי נאכגע־גאנגען אום אויפצונעהמען די איינדריקע וואס אונזער דירעקטאר וועט בעקומען און ארויסווייזען...

פון א געצעלט האט זיך גראדע דאמאלסט ארויסגערוקט א אי־דעל וואס האט צוגעהונקען אויף א פוס. פארטנאי. האט ער געהיי־סען. ער איז געגאנגען פאר זיי און הינטער איהם, איז נאכגעלא־פען זיינע אנ'אלטע מויד, א צודולטע און האט געשריען אין איין קול: "טאטע. קום עסען לאטקעס!" דער "שניידער" נ א ל י ע ט אויף זיין קורצען פוס, שפאנט טריט ביי טריט און די לאנגע קא־פאטע טעלעפעטשעט זיך איהם. ארויף און אראפ!

— זעהט! — זאגט דער דירעקטאר צום דייטש. — זעהט וואס פאר א קאלאניסטען דער קאמיטעט האט מיר געשיקט. געה, בוי עפעס מיט אזא עלעמענט! — און מיט'ן האנד האט ער אנגעצייגט אויפ'ן הינקענדיגען שניידער מיט זיין משוגע'נער טאכטער.

זיי געהען ווייטער. א יונגער בחור מיט א גרויסער טשופרינע, מיט א רויטהע "רובאשקא" און א קורצער "סערמיאגע", זיצט זיך אויף א קאסטען און שפיעלט אויף א גארמאניע א "קאמארינסקע". דר. לעווענטהאל באטראכט א וויילע דעם פארשוין און פרעגט איהם:

— ווער זיינט איהר?

— א איד! — ענטפערט ער גלייכגילטיג און שפיעלט ווייטער.

דער דירעקטאר באטראכט איהם לאנג מיט זיינע גרויסע שוואר־צע און פונקען־בליצענדע אויגען, שאקעלט צו מיט'ן קאפ און זאגט טרויעריג:

— א איד! א איד! קיין איד איזט עס! — און געהט זיך ווייטער.

נעבען א גרויסער דאפעלטענער ביידעל שטעהט לייביש־מאיר דער ווארשעווער, שאקעלט מיט די פאות און שעפשעט: דאס דא־ווענט ער מנחה. דער דר. קומט צו, גראדע דאמאלסט, ווען דער פרומאק שטעלט זיך שמונה עשרה. גערביל איז אויך אונטער־געקומען און דער דירעקטאר פרעגט איהם.

— הערר גערביל, ווארום האט דיזער מאן אזא גרויסע, דאפעלטע "קארפא"? גערביל אלס ענטפער, ציהט מיט די אקסלען

און שווייגט און לעווענטהאל ווארענט:

— גיט אבאכט, הערר גערביל, דיזער מאן געפעהלט מיר אבסאלוט נישט!

ווי זיין אויג האט תיכף דערקענט. דיזער פרומאק, איז שפעטער מיט זיין טאכטער מלכה'ניו, — אן ערשט קלאסנע זונה, פון דער קאלאניע ארויסגעשיקט געווארען.

אויף מארגען איז קיינער צו דער ארבייט ניט געגאנגען. אלע האבען זיך פערזאמעלט נעבען דער אדמיניסטראציע. דער "רעוואלוציאנער" בלומענפעלד, די יאבעדניקעס: שלמה קאביץ, גערצקי און הארישניק, צו זיי נאך אלע איבעריגע קהל'ס־לייט, סבארסציקעס, בעלי־טאקסעס און סתם גבאים פון קליינע שטעדטלאך, דער גיהנום שמש, שניאר מלמד. אט דאס גאנצע געזינדעל, האט געליארעמט, געזשומעט און געגוואלדעוועט:

— אז עך זאל דאס האבען! לאנד! זאל ער אונז געבען לאנד! וואו איז אונזער נחלה? צו־וואס זיינען מיר אהער געקומען, צו וואס?

— שיקט דר. נאך אונזערע פאמיליעס! — האבען די "כאלאסטאיעס" געפאדערט.

— מ'גנב'ט! מען בע'גנב'ט דעם באראנס פארמעגען! — האבען גע'טענה'ט די געוועזענע גרויס־שטעדטיגע מעקלער און סוחרים.

דער טומעל איז געווארען אזוי גרויס אז מ'האט שוין קיינעם מעהר ניט געקענט הערען. אלע האבען געשריען און יעדער האט געוואלט איבערשרייען דעם צווייטען. דר. לעווענטהאל איז געשטאנען אין דער מיטט פון דער גאנצער כאליאסטרע, האט מיט די ברעמען געצויגען און געשוויגען.

א ליטוואטשקע, א שוסטערקע, א הויכע מאגערע אידענע מיט'ן נאמען: רייזעס, האט זיך מיט איהרע דארע עלענבויגענס דורכגעשטופט צווישען דער מאסע און זיך צוגערוקט ביז'ן דאקטאר.

— הייצונג! — קוויטשעט זי אויף א דין קול'כעל. — גיט אונז האלץ, דאקטער! די פליים בלייבט רוי, דער קיזיק רויבערט — ניט עס ברענט! נאט און זעהט! — און שטופט דעם דירעקטאר

א נאַסען קיזיק אונטערן נאָז...

— ליעבע פרוי, — זאָגט לעווענטהאַל געלאַסען. — וואָס קען מען מאַכען? אין דעם געגענד איז קיין האַליץ ניטאָ און כאָטש אַרגענטינא איז אַזוי רייך אין וואַלד, איז אָבער אומגעהייער טייער דאָס צושטעלונג. מען קען דערמיט אויך הייצען, אויסטריקענענדיג עס צוערשט...

— טריקענען? — פּיסטשעט די ליטוואַטשקע. — אַז איינגעטריקענט און איינגעדאַרט זאָל ווערען דער לאַנדאַנער קאָמיטעט מיט אַלע נאַציאַלניקעס פון באַראָן גירש! וואָס האָט מיר געטויגט אַמעריקע, וואָס? נאָר געה סריי, אַז כ'האָב אַ מאַן אַ סוסטער, אַ סמאַלע-קאָפּ...

מען האָט די פרוי קוים אָפּגעשטופּט.

איינינגע רוהיגע "כאַלאַסטאַיעס", האָבען פאַרלאַנגט בלויז אַן הבטחה פונ'ם דאָקטאָר'ס מויל, אַז מען וועט זיי גיך ברייננגען זייערע משפחות. מעהרערע פאַמיליאַנטען האָבען זיך פשוט באַקלאָגט: "וויפיעל איז דער שיער צו וואַרטען?"

דער דירעקטאָר האָט געטרייסט.

— ס'איז נאָך ניט צוגעגרייט. עס מוז געדויערן, מיר האָבען נאָך ניט געפונען די פאַסיגע מענשען אום איינצואָרדנען די אַגריקולטור אַרבייט. אָט האָב איך יעצט געבראַכט דעם הערר שמידט, — אַנצייגענדיג אויפ'ן דייטש וואָס איז געשטאַנען נעבען איהם. — דיזער הערר, איז אַ געניטער פאַך־מאַן אין קאָלאָניזאַציאָנס אַנגעלעגענהייטען: געדבּיל נוצט ניט פאַר זיין אָמט...

— האַ, ער וויל צונעהמען געדבל'ן — האָבען די געדביליסטען זיך צושריען! — מיר ווילען ניט דערלאָזען! — האָבען זיי געסטראַשעט.

און אַ נייער שטורם איז ענטשטאַנדען. דער דר. מיט'ן דייטש זיינען אין שטוב אַריין. דער עולם האָט געליאַרעמט, מיט די הענד געפּאָכטען אין דער לופט און ס'איז געוואָרען אַ געפעהרליכע "באַרוזשאַ" — אַ גרייליכער רעש. די גלאַוונע בונטאַוווסטשיקעס, האָבען זיך פאַרקליעבען אָן אַ זייט און זיך געס'סוד'עט. זיי האָבען זיך פאַרנומען מיט'ן בערגעל אַרויף — נאָך דער קאָמיסאַריא.

13.

## מען באַפֿאַלט לעווענטהאַל׳ן.

אייגענטליך ווייס איך ניט ווי שפּעט ביינאַכט ס׳איז דאַמאָלסט געווען. כ׳בין געלעגען אויף דער "קאַטרע", געשלאָפן אין דער לייווענטער שעהר־בעטעל. די טהיר פון געצעהלט האָט זיך רעש׳יג צועפּענט, אַ האַנד האָט מיך אַנגעכאַפּט ביי אַ פוס און אַראָפּגעשלעפּט אויף דער ערד.

— שלאָפסט יאָלד! — האָט צו מיר דער בעוואוסטער יאַבעד־ניק, האַרישניק, געזאָגט. — קום, אַלע זיינען שוין דאָרטען ביי דער אַדמיניסטראַציע. מיר ווילען דער׳הרג׳נען דעם משומד לעווענ־טהאַל. נאַ דיר, אַ דייטש האָט ער אונז געבראַכט! עפּעס אַ מיסיאָנער מסתמא! ער וויל צונעהמען גערבל׳ן! נאָך די נאַכט וועט ער זיין טוידט!

אַ דרייסיג מאַן זיינען זיי אַרומגעלאָפען איבער די געצעלטען און יעדערן פון די געלעגערס אַרונטער געשלעפּט; ניט געזשאַלעוועט אַ פּאָאַר סטיסאַקעס, אויב מען האָט זיך געלאָזט צופיעל בעטען.

און איך בין געגאַנגען.

נעבען אַדמיניסטראַציע, האָבען זיך געוויעגט אַ כוואַליע פון מענשען־קעפּ. צובאַרשטענע, צעשראָקענע, זיינען זיי ווי די בייזע גייסטער גרייט געשטאַנען, אום אָפּצושפּיעלען עפּעס אַ טראַגעדיע אין סאַמע מיטט־נאַכט.

די לבנה, אַ פולע, אַ רונדע, האָט בעגאָסען מיט איהר בלאַס־טויד־טען שיין דעם פּיעל קעפּיגען המון, צעווישען וועלכען איינינע האָ־בען זיך כסדר אַרומגעדרעהט, זיך שטיל גע׳סוד׳עט און דעם פייער אונטערגעבלאָזען.

איך בין געשטאַנען אַ פּאַרציטערטער, טראַכטענדיג: "ווער ווייסט וואָס זיי ווילען דאָ אויפטהאָן?" ווען פּלוצים ס׳איז די שטילקייט איבערגעריסען געוואָרען דורך דונערענדע קולות:

— טוידט צום משומד! טוידט צום דר. לעווענטהאַל. — און די

טשימע קאביץ׳ס, האט איבערגעשריען די אלע אנדערע קולות.

עפעס אויף אן אימפּראוויזירטען טיש איז ארויפגעשפּרונגען בלומענפעלד און מיט זיין קלינגענדער שטימע גענומען ריידען:

— „גאספאדא״, פינף מינוט צייט גיבען מיר איהם, אז ער זאל צו אונז ארויסקומען און אויף אלעם ענטפערן... קוים ניט, שטורמעווען מיר די אדמיניסטראציע און ס׳וועט פון איהם, פונ׳ם דייטש פון זיינעם, און פון דער גאנצער געביידע, קיין זכר ניט פאבלייבען!״

— הורראַ! „דאַ וויזדראַוסטוואיעט גאספּאדין בלומענפעלד! — האבען די בונטאווסציקעס זיך געהיצט.

— מיר׳ן שטורעמען די באסטיליע! — האט דארט עפּעס א סיביריאק ארויס געגרילצט.

טוידט דעם משומד! —׳ האט דער המון געברומט! — זאל ער ארויסקומען!

שווערע, פיינליכע מינוטען זיינען אנגעקומען... פרויען וואס האבען מורא געהאט צו לאזען די מענער זייערע אליין געהן און האבען זיי באגלייט, האבען זיך פאר פחד פאנאנדער־געוויינט.

פלוצלונג האט די מענגע, וואס האט די אדמיניסטראציע באלאגערט, זיך אויף צווייען צושפּאלטען. דער שטאלצער מאן, דר. לעווענטהאל, געארעמט מיט זיין פרוי, האבען זיך באוויזען אין דער ברייט געעפענטער טהיר. מיט פעסטע טריט, זיינען זיי שווייגזאם אדורכגעגאנגען דורכ׳ן שטראם לאווא. וואס האט זיי דעם וועג אפּגעטראטען... זיינען צוגעקומען ביז׳ן טיש, וואו בלומענפעלד איז געהאט געשטאנען אוןביידע, ער מיט זיין פרוי וואס האט זיך אז איהם פעסט אנגעקלאמערט. — זיינען אויף דער ברעט ארויפגעקראכען.

א פּאאר סעקונדען איז ער געשטאנען בלאס. ווי די לבנה וואס האט אויף איהם אפּגעשטראהלט און האט געשוויגען. זיינע היפּנאטישע אויגען האבען ווי פייערדיגע שפּיזלען א יעדען דורכגעשטאכען. מיט זיין בליק האט ער אונז אלע מאגנעטיזירט און באהערשט. מיר איז א שרעק באפאלען. כ׳האב זיך געפיהלט ווי פערלארען, אהנמעכטיג. עהנליכעס איז געשעהן מיט אלע איבעריגע פון די אנוועזענדע. וויפיעל כ׳וועל לעבען, וועל איך קיינמאהל ניט פארגעסען.

זיין הערליכע און נאבעלע געשטאלט. ווי א פאטריארד, ווי א נביא, איז ער געשטאנען פאר אונז! זיין ברייטע שווארצע בארד, האט געפלאטערט איבער זיין איינגעפאלענער, ענטבלייזטער ברוסט: דעם שעהנעם ברונעטען קאפ, האט ער געהאלטען הויך און ווירדיג און די לבנה האט אויף איהם געשאטען מיט א ים זילבער־ליכט.

— שמע ישראל!" — האבען זיינע ליפען פעסט און הויך ארויסגערעדט און ווי דורך א כישוף, איז מיט אמאהל שטיל־געווארען; אלע האבען זייער אטהעם איינגעהאלטען. די צוויי ווערטער, האבען שטענדיג א מורא'דיגע ווירקונג אויף דער אידישער נשמה און אויך דאס מאהל, איז ווי א עלעקטרישער שטראם דורכגעדרונגען דער אויפגערעגטער מאסע און אלע האבען אויפגעשוידערט. שטעהענדיג נאהענט ביים טיש, האב איך דערפיהלט אקוראט ווי נאדלען זאלען זיך אריינכאפען אין מיין לייב און וואלטען ארומגעלאפען איבער אלע מיינע אברים, פון קאפ ביז די פיס...

— "שמע ישראל! — האט ער קרעפטיגער איבער'גע'חזר'ט. — איהר זיינט אידען, א י ה ר וועט מיך ניט הרג'ענען, ווייל איהר זיינט ק י י ן רוצחים ניט. איך האב פאר א י י ך קיין מורא ניט!" — און אין א מילדען, זיסען טאן האט ער ווייטער גערעדט און זיינע ווערטער האבען געטריעפט אזוי הערצליך ווייך, דאס זיי זיינען זיך צעגאנגען איבער אלע גליעדער; — "ס'איז אייך שלעכט... איהר זיינט פון דער היים פארטריבען געווארען; זיינט איהר אפגעריסען געווארען פון אייער ארט און פון אלצדינג וואס ס'איז אייך ליעב און טייער געוועזן און דערפאר זיינט איהר אזוי פארביטערט... צי ווייס איך דען דאס ניט? צי פיהל איך דען ניט אייערע וועטאגען? צי וויינט דען ניט אין מיר מיין הארץ אויף אייער טרויעריגער לאגע? אבער? — דא ווערט זיין שטימע שטורמישער: — איהר דארפט אבער ווייסען, אז איהר זענט פיאנירען, איהר געהט בויען א היים, ניט נאר פאר זיך אליין, נאר אויך פאר טויזענדער און טויזענדער פון אונזערע ברידער, וואס ליידען אין די לענדער וואו מען פארפאלגט זיי. א גרויסער אידעאל האט באזעעלט דעם באראן הירש און אייך, האט די השגחה באשטימט, אז א י ה ר זאלט פארווירקליכען דעם וואונש פון באריהמטען וואהלטהעטער... איהר מ ו ז ט ליידען! דען איהר זיינט די מארטירער פון א גרויסער ליכטיגער צו-

קונפט, וואס צייגט זיך פאר אונזער געפלאגטער אומה אינ׳ם דאזיגען געבענטשטען לאנד״.

״איך האב שוין איינמאהל געזאגט און ווידערהאל עס איצט, — האט ער פארטגעזעצט: — דער באראן האט מיך מיט׳ן סער טשארל עדוואַרד קוליען געשיקט, אויסצוזוכען א פרייען פלאטץ, אנ׳ארט און לאנד, וואס איז נאך ניט פארפעסטעט מיט שנאה צו אונזער פאלק און וואו מ׳קען עסען א שטיקעל ברוידט צו־זאט, אהן שאנד און אהן יסורים. פון אלע לענדער וואס מיר האבען באריזט, האבען מיר די פרייע רעפובליק ארגענטינא, פאר דער פאסענדסטער געפונען. אין איהר ליעגען בעהאלטען ריזיגע רייכטהימער. איהר וועט ווערען קאלאניסטען, איהר וועט זיך לאנגזאם צוגעוועהנען צו דער עהרליכער ערד ארבייט און איהר וועט האבען א גליקליכע היים, פאר זיך און פיר דאס גאנצע פאלק ישראל. האט נור צוטרויען צום גוטען באראן און גלויבט, דאס איך זוך נאר אייער טובה, איך שטרעב נאר אייך גליקליך צו זעהן! — און מיט א ציטערנדיגער שטימע האט ער שטילער פארענדיגט: — איך האב פארלאזען מיין היים, מיינע פריינד און מיין קרייז, אלעס האב איך געאפפערט אום אייך צו העלפען. אום אייך צו שטיצען! מיינע יאהרען — זעהר וועניג האב איך זיי נאך, האב איך געדענקט, פאר אייער וואהלזיין אוועק־צו־געבען, זיי שענקען פאר מיין אונגליקליך פאלק, אבער וועל איך אימשטאנד זיין נוצליך און מאסגעבענד צו זיין?״

״איך האב אויסגעפונען אז דער הערר גערביל איז צו שוואך, אום אייך צו רעגירען: אז ער איז אומפעהיג פאר דער בעשטימטער מיסיע: נו, האט איהר זיך צובונטעוועט און מיך איבערגעפאלען שפעט ביי נאכט!... א מענש! — האט ער ווידער מעכטיג דערהויבען זיין קול! — א מענש, מוז קענען בייטען זיין מיינונג לטובת הכלל... איך וועל אייך דעם הערר גערביל איבערלאזען. אבער איך זאג אייך, אז איהר וועט חרטה האבען! ער איז ניט פאר אייך! איז ניט הערצו געשאפען געווארען. איך אליין קען זיך מיט אייך דירעקט ניט אבגעבען: איך מוז אין זינען האבען די ג א נ צ ע קאלאניזאציע. אלע טאג קומען אן נייע שיפען און מיר האבען שוין אויך לאנד אין סאנטא פע און אומעטום, מוז מען אראנזשירען. זייט הוהיג ברידער, געהט אהיים שלאפען און פארשאפט ניט קיין אומזיסטיגע שמערצען דעם

איידעלען באראן דע הירש!"

— הורראַ! — האט דער פריהער צו־יושעטער עולם ענטוזיאסטיש געשריען, פערגעסענדיג דאס מיט א ווײַלע צוריק, האבען זיי דעם רעדנער געוואלט הרג'נען. — הורראַ! לעבען זאל דער דר. לעווענטהאל! לעבען זאל דער דימענטענער באראן גירש! — און צופרידען איז יעדערער אוועק צו זיך איןביידעל אריין.

גלייך מיט טאג, איז דר. לעווענטהאל מיט זיין פרוי און מיט'ן דייטש, שמיעדט, אפגעפאהרען פון מאאוריציא. מעהר האבען מיר שוין די זכיה ניט געהאט איהם צו זעהן.

14.

## מ׳עסט טשאָלענט און מ׳זעצט בלומר׳שט גערטנער.

גערביל׳ס "פיערצעהן טאגע" האבען זיך ווייטער געצויגען און נאך דרייסיג טעג זיינען פאראיבער.

הפנים אז דערפאר וואס מען האט זיך ביי לעווענטהאל׳ן אזוי איינגעשטעלט פאר איהם, איז גערביל זעהר גוט געווארען צו די אימיגראנטען. ער האט אנגעהויבען אויסטהיילען ביסלעכווייז עטוואס רעמאנענט; געגעבען די נויטהיגע שטוב אינסטרומענטען: א האק, א זעגעל, מעסער, שטריק... יעדער איינער האט אויפ׳ן קלייט־ביכעלע, געקענט באקומען א פאאר גראבע שיך מיט הילצערנע פאדעשוועס. וואס איז שטארק צונוץ געקומען, מחמת פיעלע זיינען שוין ממש ארומגעגאנגען בארוועס. מ׳האט אויך פאנאנדער געטהיילט צו עטליכע מעטר גראבע געשטייפטע לייווענט, וואס מ׳האט אנגערופען: "אקספארד". דאס דאזיגע לייווענט, איז באנוצט געווארען אי פאר העמדער אדער בלוזעס פאר די מענער, אי פאר קליידלעך פיר די פרויען. אויך די שטיינערנע גאליעטען האט מען גע׳פטר׳ט. מ׳האט געמאכט א גרויסען אייוועז צום באקען, געבראכט אן "אמאסאדארא" צום קנעטען דאס טייג, א "מאלאקאט" איז אינסטאלירט געווארען, איז וועלכען א מויל־אייזעל איז געשפאנט געווען און די מאשין געדרעהט. אט אזוי האבען מיר באקומען אן אייגענע גאליעטען פאבריקעל און טעגליך ערהאלטען פרישע פלעצלאך צום עסען. חסידים האבען ווידער באקומען זייער ליעבלינגס מאכל, דעם טשאלענט. שבח לערנער, א בלאנדער בחור פון דינאוויץ, וועלכער האט געארבייט אין דער בעקעריי ביים אויווען, האט גענומען צו פינפצענט פאזיט, פאר א טעפעל "טשאלענט מיט קוגעל" צוזאמען... ער האט נאך דערצו, אזא טביעת־עין געהאט, דאס ער האט שבת אין דער פריה יעדער אידענע א י ה ר טעפעל מיט׳ן קוגעל אפגעגעבען און קיינמאהל חלילה קיין טעות ניט געהאט... ער האט ר״ל קיין איינציגע מאהל ניט פארביטען קיין ליטווישען קוגעל אויף א פוילישען. אדער להיפך...

פון די הייזער וואס מ'האט געבויעט, איז די תפיסה שוין פארענדיגט געווארען... צו דער אדמיניסטראציאנס געביידע, האט נאך געפעהלט א קלייניגקייט און מען האט אלץ געווארט, אז מ'זאל שוין דאס לאנד פאנאנדער־טהיילען.

אין א שעהנעם טאג, איז גערביל, צוזאמען מיט'ן דר. יאפפע, דורכגעריעטען דעם לאגער און געמאלדען איבער א נייעם פראיעקט: איידער מ'וועט דאס לאנד פארטהיילען, זאל מען דערווייל "זעצען" גערטנער. ווער ס'עם וויל, זאל זיך מעלדען אין אדמיניסטראציע, וועט מען איהם דערצו געבען א שטיקעל לאנד נאהענט פונ'ם לאגער.

צעהן קאלאניסטען, אונטער דער אנפיהרונג פון איצע וויינפעלד, האבען זיך געמאלדען. די איבעריגע האבען מורא געהאט, אז אויב מען וועט נעהמען דעם גארטען, קען מען נאך חלילה אנווערען דאס רעכט אויף דער פארשפראכענער גרויסער נחלה...

מען האט די צעהן ביידלעך פון די גערטנער, ווייט אויפ'ן פעלד אריבער געטראגען. יעדער גערטנער־משפחה, האט באקומען א האנדפלוגעל מיט א פאאר אקסען. א "זשוג", אדער א יארמא, אום זיי איינצושפאנען. דערצו נאך אלע אנדערע מכשירים, דהיינו: רצועות פון רימענעס אדער "קאזשונטאס" וואס מיט זיי האט מען דעם "זשוג" צוגעבונדען צו די הערנער פון די אקסען, כדי זיי זאלען אזוי־ארום, מיט די קעפ ציהען דעם פלוג. אויך א "פיקאנא". — א לאנגער פארשפיצטער שטעקען צום אנטרייבען. א "וואשקע", אדער אויער־שטריקעל, וואס ווערט צוגעבונדען צום אקס רעכטען אויער און מען פיהרט איהם דערמיט, ווי מיט א לייצע. חוץ דעם, האט מען זיי פארזארגט מיט אלערליי זריעות פון גרינצייג, "לעגומברעס" בל"ז. די אלע זאכען האבען זיי ערהאלטען פונ'ם באראנ'ס "גאלפאן".

אלע אימיגראנטען זיינען געווענליך געשטאנען דערביי, צוגעקוקט און זיך געוואונדערט. אלעם איז זיי עפעס אזוי ניי, און משונה מאדנע אויסגעקומען... "אין ארגענטינא איז גאר אלצדינג פארקעהרט: א משוגע'נער ארבייטס סיסטעם איז עס!" — האבען די "יודעים", געוועזענע דארפס־אידען זייער מיינונג אויסגעשפראכען.

עס זיינען אנגעקומען די רביים. די יעניגע וואס האבען געדארפט

די קאלאניסטען לעהרנען די ערד ארבייט. דאן כוליא און דאן פערנאנדא: — שפעטער האט מען נאך אלס לעהרער צוגעדונגען, פארברוינטע קרעאלען און אויך דייטשען. אונזערע שפאגעל־נייע צעהן קאלאניסטען, זיינען געווארען געהארכזאמע תלמידים און געזוכט זיך אויסצולעהרנען הלכות עבודת האדמה.

אין לאגער איז פרעהליכער געווארען. איינינע פון אונז ארבייטען שוין ערד און מיר וועלען אין גיכען אויך ווערען אקערבויער. פאר חדוה זיינען מיר אזש צעשמאלצען געווארען.

מיט'ן גערטנער משה בעבטשיק, האט אין גיכען פאסירט א טראגי־קאמישער פארפאל: איין אקס פון זיין פאאר, איז געוועזן אביסעל א פרעהליכער, פיליכט אויך א קלוגער... ער האט זיך אין "זשוג" ניט געלאזט איינשפאנען און זיך ביי איהם פון די הענד געריסען און בעבטשיק מיט זיין תם'עוואטער גרינקייט, איז אויף א שכל געפאלען: "דו וועסט זיך ביי מיר ניט אויסרייסען, אקס איינער!" — האט ער צו איהם אריינגע'טענה'ט און האט ארום זיך ארומגעוויקעלט דאס שטריקעל וואס איז צוגעבונדען געוועזן צום אקס הערנער, וועלענדיג אויף דיזען אופן איהם איינהאלטען. דער חכם'עשער אקס, האט אבער מיט כח א ציה געגעבען, אונזער העלדישען גבר אומגעווארפען און איהם געטאסקעט איבער'ן פעלד. דיזער טראנספארט־מיטעל איז דעם גערטנער הפנים ניט געפעלען געווארען, ווייל ער האט געגוואלדעוועט, געשריען, געשאלטען און פראטעסטירט. זיינע קולות האבען אבער די געגענווירקונג געהאט. דער אקס האט זיך אמת דערשראקען פאר זיי און אנגעפאנגען ווילד צו לויפען, שלעפענדיג בעבטשיקען ווי א שליטען, איבער'ן ווייכען גראז און אזוי האט ער איהם "אריינגעראסטרירט" אין גאס צווישען די ביידלאך. דאס גליק איז געוועזן, וואס גראדע איינער פון די "בני דן", דאן כוליא, איז אויפ'ן פערד רייטענדיג אנגעלאפען און מיט זיין "גאאוטשא" פלינקקייט די שטריקעל איבערגעשניטען.

דר. יאפפע האט געהאט ארבייט: איינצובאנדאזשירען דעם פארוואונדעטען און איהם א צעבראכען בייהן גיפסעווען... גאנצע פינף און צוואנציג יאהר איז ער פונדעסטוועגען קאלאניסט געוועזן, אבער לסוף האט ער זיין "קאמפ" פארקויפט און אליין געווארען א שטאדט־קרעמער. נור דאס געהערט צו די שפעטערדיגע ענינים.

ביסלעכווייז האט מען זיך צוגעוועהנט אויך צו דער גערטנער נייאיגקייט און ווידער אמאהל האט זיך דערוועקט די אלטע פראגע: "עד מתי?" ביז ווי לאנג נאך וועט מען זיצען אין די ביידלאך? ווארום פארטהיילט מען ניט דאס לאנד?

דער עולם איז פול געווארען מיט גרימצארן אויף די בונטאווסציקעס: מען האט געדרונגען דאס נאר זיי זיינען אין אלעמען שולדיג. "ווען דער דייטש שמיעדט, וואלט געוועסט פארבלייבען אויף גערביל'ס פלאטץ, ווי דער דר. לעוועטהאל האט עס געוואונשען. דאן וואלטען זיי שוין אלע לאנג אויפ'ן לאנד געזעסען און די ארומשליאנדע "כאלאסטאַיעס", וואלטען זייערע פאמיליעס דא געהאט, דער לאנגער גערביל, האדעוועט אונז מיט נאך לענגערע "פיערצעהן טאגע". איז ביז וואנען וועט מען ווארטען?"

— קאביץ, גערצקי. זיינען דעריין שולדיג! — האט געקלונגען אינ'ם לאגער.

— א "ניעזשעלאעסטשע" דארף מען אויף זיי מאכען! — האבען קליינשטעדעלדיגע סבארשציקעס געפילדערט. — לאמיר צונויפנעמען חתימות!

די רעוואלוציאנערן האט עס גאר ניט געשמעקט. האבען זיי זיך גענומען צו גערבל'ן... זיינען איהם א פאאר־מאהל באפאלען, איהם געזידעלט "פא רוסקאמו" און רוסישע קולאקעס געוויזען.

— דר. לעוועטהאל האט רעכט געהאט! — האט בלומענפעלד און סטאליאר צו איהם גע'טענה'ט. — ביזט אונפעהיג צו אזא אמט!

— מיר האבען אומזיסט און אומנישט, עגמת נפש פארשאפט דעם שווינדזיכטיגען מאן, דעם ארענטליכען פילאזאפישען דר. לעוועטהאל. מ'דארף גערבל'ן פון דאנען פארטרייבען. איהם צטר'ן פון קאלאניע! — האבען די פאאר אייךעלע און זויבערע פאמיליאנטען זייער מיינונג אויסגעשפראכען... און ס'איז כמעט אין הסכם געבליבען אז מען זאל פון איהם ערלייזט ווערען.

די טרפה'נע חברה, וואס זיינען מיט גערבל'ן געוועז "בלאט". האבען זיך פאר איהם איינגעשטעלט און פארטהיידיגט. צווישען ביידע פארטייען איז געווארען א געפעהרליכע שנאה און די ערשטע האבען ווי ס'ווייזט אוים, איינגערעדט גערביל'ן, אז די אימיגראנטען ווילען איהם דער'הרג'ענען. דערפון איז ענטשטאנען די רעוואלוציע.

15.

## די גערביל רעוואָלוציע.

ביז היינט איז נאך ניט פעסטגעשטעלט די סבה. האט גערביל טאקע אין אמת'ן מורא געהאט פאר אנ'אויפשטאַנד פון די אימי-גראַנטען, און אום זיין לעבען צו זיכערן האט ער "אנגעבראַכט" אַלע "גאַאוטשאַס" מיט דער פּאָליציי? אדער, דאס איז בלויז געווען א פּאָליטישער איינפאַל, אז אויפטהו מיט א כיון, כדי פטור צו ווערען פון די בונטאַווסציקעס? ווי די זאך זאָל ניט זיין און צו וועלכען צוועק ער זאָל געווענסט "די רעוואָלוציע" ניט האָבען קאָמבינירט, שרעק האט ער אונז איבערגעענוג פאַראורזאַכט.

דאס איז געקומען פּלוצלונג: קיינער האט זיך דאַרויף ניט גע-ריכט. א טאָג איז עס געווען א ליכטיגער, א הייסער, אַלעס האט גע-שיינט און געגלאַנצט. א פּופציג "כאַלאַסטאָיעס" האָבען געאַרבייט אויפ'ן פעלד ביי די איטאַליענער, אגוסטינאָ אי ברונאָ, וועלכע האָ-בען געדראָפּט שנעל אַרונטערנעהמען די "קאָסעטשע" פון די 500 העקטאַר וואס זיי האָבען אין אַרענדע געהאַלטען, אום פון אונזערט'-וועגען דאס לאַנד איבערצוגעבען. דאָרט האָבען זיי געאַרבייט אַלס "פּעאָנען", וועהרענד א 75 שלימזל'ניקעס, האָבען נאָך אַלע זיך גע-פּלאַגט ביים וועג מאַכען, ביים לעהם און די ציגעל, אונטער דער קאָ-מאַנדע פון די נוגשים. מיר, כמעט אַלע פּאַמיליאַנטען און די איבע-ריגע "כאַלאַסטאָיעס", וואס האָבען קיין אַרבייט ניט געהאַט, זיי-נען מיר געלעגען פּאַרשטעקט אין די ביידלאַך און הייזקעס אום פון דער ברענענדער זון זיך צו שיצען. מיט א מאָהל, איז דער לאַגער אויפגערודערט געוואָרען. אַלע זיינען פון די ביידלאַך אַרויס און מיט ערשטוינונג צוגעקוקט ווי פון צפון און דרום, האָט זיך א שטויב ביז צום הימעל הערהויבען. די איבערגעשראָקענע נודדים, האָ-בען אָנפאַנגס געדענקט, אז דאס קומט אָן א נייער שטורם, נאָר גיך האט מען גאָר דערזעהן עפּעס א פופציג רייטער, אַלע אָפּגעפּליקטע שווארצע באַסיאַקעס אויף האַלב-ווילדע פערד, וואס האָבען זיך

ווי א וויכער געטראָגען און זיינען מיט בלאַנקע מעסערס אין מויל און "רעווענקעס" אין די הענד, אייניגע מיט פּאַרראָסטעטע ביקסלאַך און פאַרזשאַווערטע שווערדען און פּיקעס, — באַפּאַלען אונזערע געצעלטען... מיט ווילדע קולות, קוויטשערייען און פייפע-רייען, אויפ'ן אינדיאַנער שטייגער, האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף די ביידלאַך. אַלטע ווייבער האָבען ווידוי געזאָגט; די אינגערע, מע-נער ווי פרויען, האָבען זיך צוגעגרייט די קינדער צו באַשיצען... אַ קאָמיסאַר מיט אַ צוועלעף "וויזשילאַנטען" האָבען זיך בעוויזען צווישען די ווילדע "גאַאוטשאָס" און אַנגעהויבען דורכפיהרען אַן אונטערזוכונג אין אַלע פּאַלאַטקעס און גאַלפּאַנטשיקעס. אין יעדער ביידעל האָבען זיי אַ בושעווע געטהאָן, אַלעס איבערגעטריי-סעלט, גענישטשערט, געטאַפּט און געפאַרשט...

דאָס האָבען זיי כלומר'שט געוועהר געזוכט. ווער ס'האָט געהאַט אַ רעוואָלווער, אַ האַק, אַ מעסער, זאַגאַר אַ זאַסטופּ, האָט מען עס רעקוויזירט און נאָך יעדער רעוויזיע און "ענטוואָפנונג" פון אַ בייר-דעל, האָט מען ביים טהיר אַוועק געשטעלט אַ פּאַרקופּערטען שומר מיט אַ מעסער אין מויל. אייניגע מענער האָבען פּרובירט זיך אַנט-קעגען שטעלען, האָט מען זיי צעקלאַפּט און אַרעסטירט.

די פרויען און קינדער, דערזעהענדיג דאָס די "שוואַרצע" האָבען אַוועק געפיהרט די מענער, האָבען אַ פירכטערליכע יללה אויפגעהויר-בען. אַ גרוזינער בחור'ל האָט זיך אַרויסגעגנב'ט פון לאַגער. ערגעץ דערטאַפּט אַ פערד און איז אַוועק אויפ'ן פעלד, אום די "באַלאַס-טאַיעס" צו מעלדען מכח דעם איבערפאַל... ס'האָט פיעל ניט געדוי-ערט; מיר האָבען דערהערט אַ רוסישע "פּעסניע" און הורראַ'ס. אַ פופציג פון אונזערע בחורים, מיט די שטאָהלענע ווילעס, — מיט וועלכע זיי האָבען די סנאָפּעס אין סטערטע געלעגט, — אין די הענד, — זיינען אָנגעקומען אין שרענגעס, ווי די סאָלדאַטען, זיי האָ-בען מאַרשירט מיט קוראַזש, אויפ'ן רוסישען שטייגער. פאָרענט האָבען אייניגע אויף פערד גערייטען, באַגלייט פון עטליכע איטאַ-ליענער, וואָס האָבען צוזאַמען מיט זיי געאַרבייט אַלס טאָגלייהנער און וועלכע האָבען זיך פרייוויליג אַנגעשלאָסען אַז אונזערע טאַפּפע-רע יונגע-לייט.

— האָט קיין מורא ניט, ברידער! מיר געהען אייך צו הילף!

מיר׳ן זיך נוקם זיין אן זיי. מיר׳ן די שפּאַנייער ווי די מייז אויס־הרג׳נען! — האָבען זיך קולות געטראָגען.

ביידע מחנות, אונזערע און פון די ״גאַאוטשאָס״ האָבען זיך באַגעגענט. מיר פון דיביידלאַך, האָבען זיך תיכף געשטעלט הינ־טער די, מיט ווילעס באַוואָפענטע ארבייטער. מיר זיינען צעהנפאַך מעהר געווען פאַר די באַסיאַקעס.

דער קאָמיסאַר האָט אויסגעטהיילט באַפעהלען. די וויזשילאַנטען האָבען אויסגעשאָסען אין לופט. אונזעריגע האָבען זיך שוין מיט די אויפגעהויבענע שטאַהלענע גאָפּלען געוואָרפען אויף זיי, אָבער אינ־דעם איז אנגעלאָפען גערביל. — הפנים ס׳איז אַזוי אָפגערעדט גע־ווען! — ער האָט זיך צעווישען ביידע מחנות אריינגעוואָרפען און מעכטיג געשריען:

— יודען! אידען! זייט רוהיג! לאָזט אַרונטער די ״האַרקיזשאָס״ זאָל קיין בלוט פערגאָסען ווערען! דאָס זיינד ווילדע מענשען, זיי ווערדען אייך אויסשלאַכטען!

קיינער האָט זיך אָבער צו זיינע רייד ניט צוגעהערט.

— האָט מיטלייד אויף אייערע פרויען און קינדער! בלוט וועט זיך גיסען! — האָט גערביל נאָך העכער געשריען און דאָס לעצטע האָט געווירקט. אונזערע האָבען די ווילעס ארונטערגעלאָזט. האָבען זיך אונטערגעגעבען... דער קאָמיסאַר האָט 22 פון זיי, אויף וועלכע גערביל האָט וואַהרשיינליך אָנגעצייגט, גלייך אַרעסטירט און מיט זיי באַנייעט די תפיסה, וואָס מיר האָבען אויפגעבויעט, אַלס ערשטע אינסטיטוציע אויף׳ן באַראָן׳ס באָדען...

ווי אָפגעשמיסענע קינדער, מיט טרעהרען אויף די באַקען, איז יע־דערער פאַרקראָכען אין זיין נאָרע און אנגעהויבען טראַכטען איבער די מיטלען ווי צו אַנטלויפען. די חרטה, האָט ווי תמיד נאָך יעדער קאַטאַסטראָפע, גענומען נאָגען ביים האַרצען.

* * *

ווי נאָר די זאַ גענאַנטע רעוואָלוציאָנערן זיינען אונטערן ריגעל פאַרשפּאַרט געוואָרען, האָט איינער פון די האַלב־ווילדע געבראַכט צוטאָסקען מיט זיין לאַסע, א רויטע יונגע קיה. אַלע ״גאַאוטשאָס״ מיט׳ן קאָמיסאַר בראש, זיינען פון די פערד אַראָפּ, מ׳האָט דער בהמה פאַסטאָמפּעוועט און דער עלצטער פון דער פּאָליציי. האָט זיין

מעסער פון ווייטענס קינסטלעריש געווארפען. ארייננהאקענדיג איהם גלייך אין דער קיה'ס האלדז... א פאנטאן בלוט האט א שפריץ געטהון און די באנדע האט מיט א טייפלעשען געלעכטער אויסגעשאסען... נאכדעם האט יעדער איינער פון זיי, די זעלבע קונץ געוויזען, זיין מעסער געשליידערט און איהם אין דער קיה אריינגעשטאכען. די ארימע בהמה, האט יעדעס מאהל ווילד אונטערגעשפרונגען, שרעקליך און רחמנות'דיג גערעוועט און די נפשות האבען פשוט אנגעקוואלען פון אזא מין תענוג... ביז די קיה איז ענדליך געפאלען טוידט. דאן האט יעדער זיין מעסער ארויסגעצויגען, מ'האט דער קיה אין גרויסע העלפטען צושניטען און עס מיט'ן פעל צוזאמען בראטען געלעגט.

אלע האבען זיך אויסגעזעצט ארום דעם גרויסען פייער, וואו מ'האט געפראוועט אן "אסאדא קאן קוערא", געשניטען שטיקער פון האלב רויען "בראטען מיט פעל" און פארטרונקען מיט א זופ ווייך פון א פעלענעם לאגעל. אלע האבען זיך אונגעהייער געפרעהט. וואס זיי האבען, מישטיינס געזאגט, די רעוואלוציע איינגעשטילט.

— " —

אכט טאג האט מען אונזערע צוויי אונ'צוואנציג אין תפיסה געהאלטען, מ'האט כלומר'שט פראטאקאלען געמאכט... די אנפיהרער: בלומענפעלד, קאביץ, גערצקי, — זיי האבען נעבאך קיין האניג ניט געלעקט... וואס האבען מיר געקענט טהון? מיר האבען פאר גערבל'ן געוויינט, געזוכט רחמנות צו דערוועקען: — ס'האט אבער ניט געהאלפען. זיך ווענדען צו א העכערען נאטשאלניק? זיינען מיר געוועזן גרינגע און ניט געוואוסט צו וועמען און ניט וואוהין. דער איידעלער דר. לעווענטהאל האט דימיטירט זיין אמט. סער טשארל עדוואַרד קוליען מיט א געוויסען אדאלף ראטה, א דייטשער איד וואס האט זיך געפונען אין בוענאס־איירעס, — האבען איבערגענומען די דירעקציע פון דער קאלאניזאציע.

דיזער ראטה, איז שוין געווען דער אמת'ר פויגעל! א סברה אז אויף זיין פאראָרדנונג האט גערביל די "רעוואלוציע" ארגאניזירט, כדי דעם עולם איינצושרעקען: ל מ ע ן  י ש מ ע ו  ו י ר א ו...אין דער קורצער צייט פון זיין "רעגירונגס" פעריאד, האט ער אונז אומבע'רחמנות'דיג געפלאגט און געקוועלט: אבער זיין אייגענער סוף

איז אויך א טראגישער געווען.

זאל איהם האבען די השגחה פיליכט בעשטראפט פאר זיין רשעות? פאר די צרות וואס ער האט אונז פאראורזאכט און פאר די מיליאנען וואס ער האט גע'לקח'נט ביים איינהאנדלען אלע לענדערייען פון סאנטא־פע און פון דער ענטרע־ריאס'ער פראווינץ? אפשר, ווער קען עס וויסען?! "גאטס מיהלען מאלען לאנגזאם, אבער זיי מאלען דאך!" פון דאמאלסט אן האבען מיר פון איהם ניט געהערט: נאר פלוצים, מיט א צוועלף יאהר צוריק, אין 1909 האט זיך ווידער גערעש'ט מיט דיזען ראטה, און אלערליי קלאנגען האבען זיך איבער איהם פארשפרייט און צעטראגען.

"יום כפור פון יענעם יאהר, איז פלוצלונג ראטה אויסגעוואקסען אין טעמפעל פון קאזשע ליבערטאד 785, אונגעאכטעט דארויף, וואס ער האט יאהרען לאנג קיין שוהל ניט באזוכט... א גאנצען טאג, ביז נאך נעילה, איז ער אויף די פיס געשטאנען, געוויינט און פלייסיג טריי געדאווענט".

"אויף מארגען גאנץ פריה האט מען ערפאהרען, דאס מוצאי יום־כפור, האט ער זעלבסטמארד בעגאנגען, אריינשיסענדיג זיך א קויל אין קאפ... דער פרעזידענט פון טעמפעל, לואיס ה. בריה און דער ראבינער העברי יאזעף. וויסענדיג דאס ראטה'ס פרוי און זיינע קינדער האבען זיך געטויפט, זיינען זיי געגאנגען נאך זיין וואוינונג אום זיין קערפער ארויסצובאקומען און איהם צו קבר ישראל צו בריינגען... אבער זיי האבען שוין געטראפען זיין גוף ארומגעשטעלט מיט צלמים און א גלח ביים צוקאפענס... די אידישע פארשטעהער האבען אנגעהויבען פראטעסטירען: אבער זיין טייער ווייבעל האט ערקלעהרט און דער גלח באשטעטיגט, דאס פאר'ן טוידט האט ער זיך אפגעשמדט..."

"אידען האבען געוואלט א פראצעס פארפיהרען. האבען זיך צו א ריכטער געווענדעט מיט דער טענה, דאס ווען ער וואלט ברעה געהאט זיך צו שמד'ן, וואלט ער זיכער ניט פערוויילט א גאנצען מעת לעת אין טעמפעל און חוץ דעם, איז דער זעלבסטמארד באגאנגען געווארען מיט קוים א האלבע שעה נאך זיין אוועק־געהן פון דער "קאנגרעגאציאן איזראעליטא" און ער האט קיין צייט ניט געהאט זיך צו טויפען... אבער ס'האבען זיך אנגעהויבען אויפדעקען זעהר

שמוציגע פאמיליען־מעשים... די גאנצע משפחה ווערט אויסגעהאל־טען פון עפעס א גייסטליכען... אז פון זיין ריזען פארמעגען, וואס ער האט ביים באראן'ס קאלאניזאציע געמאכט, איז קיין זכר ניט פארבליבען: אלעס איז מיאוס און העסליך פארשוועדעט געווארען. אלעס איז לאיבוד געגאנגען און אז זיין... קורץ, די אידען האבען זיך פון איהם אפגעשאקעלט. ער איז בעערדיגט געווארען אויפ'ן קריסטליכען צווינטער און זיינע יורשים די משומדים, זיינען יעצט געטרייע קאטאליקען... ארימער ראטה נעבאך!"

נאך מיר'ן נאך שפעטער דערמאנען דעם צווייטען דירעקטאר, — נאך דעם גרויסען גייסטרייכען דר. לעווענטהאל, — דעם ענגהערצי־גען אדאלף ראטה.

אויפ'ן נייענטען טאג נאכ'ן "אויפשטאנד", זיינען געקומען הויכע צוויירעדערדיגע וועגען: מ'האט די 22 ארעסטאנטען ארויסגעפיהרט און יעדען צוגעבונדען צו די ברעטער פון דער "קארעטא". אין באוואפענטער "ווייזשילאנט" איז אויפ'ן וואגען גופא געשטעלט געווארען און צוויי רייטענדיג, פוןביידע זייטען. עפעס א קליינ־קייט? אזעלכע שרעקליכע פארברעכער! און אזוי האט מען זיי אונ־טער א מבול טרערען, אוועק־געפיהרט קיין קאסארעס און פון דארט מיט'ן באהן, קיין נועווא־דע־כוליא, וואו דער ריכטער האט זיי געדארפט משפט'ן פאר דער "רעוואלוציע" וואס זיי האבען ש ו י ן געמאכט...

דער גוטהערציגער דר. יאפפע איז נאכגעפאהרען, אום פאר זיי זיך משתדל צו זיין...

בעת מען האט זיי ארויסגעפיהרט פון דער קאלאניע, האבען זיך 48 "כאלאסטאיעס" אויפגעהויבען, און אלס פראטעסט געגען דעם אכזריות, זיינען זיי צופוס אוועק קיין קאסארעס מיט'ן אבזיכט, פון דארט זיך צוצושלאגען ביז בוענאס־איירעס און זיך ווענדען נאך גערעכטיגקייט צום רוסישען קאנסול... געדביל איז זיי נאכגעפאה־רען און מיט דער הילף פון דער "אפגעבעטער" פאליציי, האט ער זיי אלע ארעסטירט, א מעת־לעת געהאלטען אין די קאסארעסער "קאלאבאסען", — ענגע, פינסטערע און נאקעטע געפענגענים חדרים!־לאך, און נאכדעם האט מען זיי צוריק "געטריעבען" אין דער קאלאניע אריין...

צוויי וואכען זיינען די 22 ארעסטאנטען אפגעזעסען אין נעווע־דע־כוליא און נאך פיעל שתדלנות, האט מען זיי צוליעב רחמנות קוים בעפרייעט.

ס'איז אפילו א בושה, נאר דעם אמת מוז איך שרייבען: פיעלע פון די אימיגראנטען האבען דאמאלסט אונטערגעפאנפעט: "א מצוה אויף זיי! מ'דארף זיך ניט בונטעווען! נאטשאלסטווא דארף מען געהארכזאם זיין! אז אדמיניסטראטער איז ווי א ספראוניק, מען ברויכט פאר איהם דעם קאפ בויגען!" אלע דארפס אידען, געוועזע־נע קרעטשמארעס, אפילו עהרליכע מענשען און ניט קיין עמי־הארצים, — נור פארוועהנטע צו שפאט און חוזק, צו חנפ'ענען דעם פריץ, אפלעקען דאס שפייעכץ וואס דער פאליאק האט זיי אין פנים ארייגעבראקעט און נאך זאגען, אז דאס איז א סגולה צו פרנסה... אט דיזע אידלאקעס, האבען מקבל באהבה געווען דעם אדמיניס־טראציאנעס יאך און נאך ביז היינטיגען טאג, הגם זיי זיינען שוין כמעט פריי און זעלבסשטענדיג, בויגען זיי נאך אלץ דעם רוקען פאר יעדען לומפ פון דער אדמיניסטראציע...

אלע באפרייעטע ארעסטאנטען זיינען געקומען צוריק אין קאלא־ניע, חוץ בלומענפעלד. איהם האט מען "ווויסילקע" געגעבען, ס'איז איהם פארבאטען געווארען דעם באראן'ס ערד צו באטרעטען... ער איז צוריק נאך רוסלאנד אפגעפאהרען. קאביין, גערצקי און די אי־בעריגע, האבען זיך ביים "כועז" אין נעווע-דע-כוליא אונטערגע־שריעבען, דאס זיי וועלען שוין זיין גוט און פרום... א צייט לאנג, זיינען זיי צעווישען אונז מיט פארביסענע ליפען ארומגעגאנגען.

ערשט שפעטער מיט א יאהר האבען מיר זיך דערוואוסט, דאס דער "כועז" מיט'ן "קאמיסאר", האבען 500 קיה, פונ'ם סקאט וואס מען האט צוזאמען מיט'ן לאנד געקויפט, באקומען אלס מתנה פונ'ם דירעקטאר ראטה, דערפאר וואס זיי האבען אזוי בריה'ש גע־האלפען דורכפיהרען דעם "איפשטאנד"...

א מאסע פון די "כאלאסטאיעס", מענשען מיט פרייע נאטורען, האבען קלעק געשפיעגען אויף דער קאלאניאציע. האבען זיך באַ־זעצט אין די סטאנציעס ארום דעם באראנ'ס נחלאות. אנדערע זיי־נען אוועק קיין בוענאס-איירעס און אט דיזע "אפגעפאלענע", הא־בען עס געבויעט די אידישע קהלות, וואס געפינען זיך איצט אין

אלע שטעדט און שטעדלאך פון דער רעפובליק.

אין קאלאניע זיינען פארבליבען, פון איין זייט: די מה יפית אידלאך, קנעכטישע־נשמות, אייניגע קרעמער, מעקלער, חזנים, מלמדים, מקבלים, סתם בטלנים און אויך די גנבים און זונות האבען זיך פארלויפיג ניט גערירט; און פון דער צווייטער זייט: א הייפע־לע בעלי־בתים בעלאדענע מיט קליינע קינדער, וואס האבען זיך ווירקליך ניט געקענט ריהרען פון ארט... דאן א גרופע אידעאליסטען וואס האבען זיך פשוט מקריב געווען פאר'ן הויכען רעיון: "אידען אין אקערבויער צו פארוואנדלען".

אט דיזע אפטימיסטען האבען געווארט און געהאפט, געגלויבט אז דער באראן וועט זיין אידעאל אדורכזעצען: אלעס וועט געענ־דערט ווערען און מ'וועט נאך גליקליך זיין.

פון דיזע פאסירונגען האט געגאסען קאסארעס.

די שטאדט קאסארעס, וואס צעהלט יעצט כמעט ביז צוויי טוי־זענד אידישע איינוואוינער; קאסארעס וואס שלינגט איצט איין די קאלאניע, מיט איהר ערד, איהרע בהמות, איהר גאנצען דרייסיג־יעהריגען פארשריט; דאס דאזיגע קאסארעס האט פון נאך דער רע־וואלוציע אן, געוואקסען פון טאג צו טאג.

די צירולניעס מיט די קאבאקלאך וואס די נברחים האבען נאך פריהער געעפענט, האבען נאכ'ן "אויפשטאנד", פריש אויפגעלעבט אינ'ם זכות פונ'ם באראן הירש און דאנקענדיג דעם באראנ'ם גרוי־סען פארמעגען און זיינע נאמנים, די געטרייע פערוואלטער...

16.

## מען שפּיעלט חתונות

ביי פּיעלע משפּחות איז די צייט געקומען קינדער חתונה צו מאַ־כען.

קבצנים, רייך אין צו האַלבערט:צען מיידען, איינע גרעסער פאַר דער אַנדערער, און אַז נדן האָט דער באַראָן הירש צוגעזאָגט צו גע־בען: ערד, בהמות, אַ שטוב, — האָט דאָך טאַקע באמת פאַר יונגע־לייט מעהר ניט געפעהלט ווי די עקרת הבית.

די השגחה האָט אָבאַכט געגעבען. ס'האָט זיך געיאָוועט פּיטעל־שרכן. אַ איד פון סמאַטריטש, פּאָדאָליער גובערניע, אַ טיפּ ווי גע־שאַפען פאַר זיין מיסיע: אַליין אַ דאַרער, מיט אַ היבשען קנאַפּ אין האַלדז, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון הינטער זיין געלער ציגען־בערדעל און איז האַסטיג אַרומגעלאָפען היז און צוריק, בעת ער האָט גערעדט... צוויי ווייסע אַרבעל האָבען איהם אַרויסגעשטעקט פון זיין שווארצען פּראַק, וואָס דער קאָמיטעט פון בערלין האָט איהם גע־שענקט: אַ פּאַטשיילע אין דאַמקע־קעסטלאַך האָט ער שטענדיג אין האַנד געטראָגען און זיך כסדר געווישט דעם שוויים פון דער שווע־רער ביטערער אַרבייט: מזווג זווגים צו זיין!

— "אויסגענאַרט ביים בורא עולם דעם שליסעל, האָב אי ך פּיטעלע!" — איז זיין ווערטעל געווען. און ער איז אַרומגעלאָפען צווישען די פּאַלאַטקעס און ביידלאַך, אויסגעזוכט אַלטע און יונגע בחורים, זיי צוזאַמענגעפּאַארט מיט גרושות און בתולות און בחנם, נאָר פון מצוה וועגען, גאָטס וועלט געבויעט... שפּעטער איז ער אויף זיין לויהן געקומען: דער י ו ש ב ס ת ר, וואָס זאָרגט פאַר זיין וועלט און זעהט דאָס זיין ברכה פון פּרו ורבו זאָל מקויים ווערען, האָט איהם עהרליך באַצאָהלט. אין שיקאַגאָ, נאָרד אַמעריקאַ, פערמאָגט ער היינט דריי אייגענע הייזער, איז פאַבריקאַנט פון "ליידעס וועסט־לאַד" און הייסט: מיסטער פּ. כיז...

די ערשטע חתונה. דער חתן יוסעל שטיינשלעגער און די כלה

פייגע, א יתומה,ביידע פון פּראָסקוראָוו. פּאָדאָליען.

ס'איז געווען פאר פורים. די נאכט זעהר א שעהנע. די לבנה אזוי העל און קלאָהר — אויף פּערל צו צעהלען. כ'בין נעבען מיין בייַ־דעל געזעסען און זיך מיט מיין פרוי גענאַרגט, איבער דעם יום־טוב פסח וואָס קומט אָן. פּלוצים דערזעה איך ווי א בינטעל מענשען ציַ־העז זיך צווישען די פּאַלאַטקעס, קומען אַלץ נעהענטער און בלייבען שטעהן נעבען מיין טהיר. א נידעריג אידעל, מיינער א בעקאַנטער, אברהם'ל ראָזענפעלד, קומט צו און ווענדעט זיך מיט פאָלגענדער בקשה:

— מיר געהען צו אייך; ביי אייך איז א גרויסע און גראַמע פּאַ־לאַטקע און כ'וויל שטעלען א חופּה. מיין שוואָגער'ל יוסעל, מיט מיי־נער א געשוועסטער קינד, — פיינע, אַט זיינען זיי, מיט אונזערע מחותנים די שיפּס־ברידער...

קעגען דער לבנה שיין, האָב איך חתן־כלה בעטראַכט: א הויכער שוואַרצער בחור'ל, אנגעטאָהן אין א צילינדער פון עפּעס א אַלטען דייטש, א פּאַסקעוואַטע רעקעל און א פּאָאר הילצערנע שיך, וואָס די אדמיניסטראַציע האָט ארויסגעגעבען... ער שטעהט און שמייכעלט און נעבען איהם די כלה, — א יונג, שעהן, וויים מיידעל, ניט רייכער געקליידעט פאַר'ן חתן, איז צושראָקען, צורויטעלט און פארשעמט און קוקט צו דער לבנה ארויף, מעגליך דאָס זי זוכט דאָרט איהרע עלטערן, וויל זעהן צי זיי קוקען אראָפּ פון'ם הימעל אום זייער קינד צו דער חופּה צו בענשען, און איהרע אויגען ווערען אנגעפילט מיט טרעהרען...

פון צווישען עולם איז ארויסגעוואקסען פייטעל שדכן, מיט א בלעכענעם בעקען אין האנד, אויף וועלכען ער האָט אויפגעשפּיעלט דעם חופּה מאַרש. ווייבער האָבען אויף א קעסטעל אין דער פּאַלאַט־קע באַזעצט די כלה. בוזי שאַרגאָראָדצקי און דער מחותן ראָזענ־פעלד, האָבען בדחנ'יש געפּראַוועט, דער כלה באַזונגען און מיט גראַ־מען געשאָטען... די פרויען און די כלה, האָבען קיין טרעהרען ניט געשפּאַרט.

אברהם "דער גיהנום שמש" האָט אָנגעהויבען קאָמאַנדעווען:

— ווייבער, צו דער חופּה!

בחורים האָבען אויף פיער ווילעס צוצויגען א שאַל. דער שוחט

אייזיק גלאזערמאַן, האָט מסדר קדושין געווען און יצחק קרעלל שוחט, האָט דאָס גלעזעל בראָנפּען אין האַנד גענומען און די צווייטע ברכה געזאָגט, מיט ליטווישער עברי: און אונטער'ן קלאַנג פון די טאַצען און בעקענס, האָט אין מאַאוריציאַ אָפּגעהילכט דער ערשטער "מזל טוב!"

גערביל מיט זיין פרױ, זיינען ביי דער צערעמאָניע געווען. אַ גאַנצען זאַק גאַליעטען מיט פינף פלאַש ספּירט, האָט ער געשאָנקען פאַר'ן עולם; פון פלייש איז דאָך קיין רעדע ניט, דאָס איז דאָך געווען איבערגענוג — אויך צו אַרויסוואַרפען... נו, האָבען זיך אַ מאַסע אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע אימיגראַנטען ביי די הענד גענומען, געשלאָסען אַ קאַראַהאַד און דעם כשר'ן כלה־טאַנץ אַנטקעגען דער זילבער־רייינער לבנה אויסגעהאָפּקעט און ביז'ן טאָג, חתן־כלה משמח געווען.

דער באַוואוסטער דר. שטיינשלעגער, פון קליניק אין בוענאָס־איירעס, 'איז די פרוכט פון יענער ערשטער חתונה אין מאַאוריציאַ.

* * *

די אייגענאַרטיגע מידה פון קאָנקורענץ, וואָס אונזער פאָלק פאַרמאָגט, האָט זיך ביי די חתונות אויך אַרויסגעוויזען. איינער האָט זיך מתקנא געווען אין צווייטען. קייז נדן, אויסשטאַטונג. דאָס האָט מען ניט געדאַרפט! עטליכע בולקעלאַך, אַ זייט פון אַ קיה וואָס מ'האָט אָפּגעבראָטען, צוויי פלעשלאַך בראָנפען. — דאָס האָט פאַרזאָרגט די אַדמיניסטראַציע; ביידע שוחטים האָבען אויך געשאָנקען די מצוה: חתונה מאַכען כדת משה וישראל... נו, האָט שוין פּייטעל שדכן מיט אברהם "גיהנום שמש", נאַכט ביי נאַכט פּאָרלאַך אויסגעזוכט...

— "דעם יחוס, האָט מען אין ים אַריינגעוואָרפען און דאגות פרנסה — אויפ'ן באַראַן, און איהר רב זיידע מאַכט חתונה!" — דאָס איז געווען פּייטעלס לאָזונג אָדער מאָטאָ.

אָט אַזוי זיינען די פאַרוואָגעלטע עלטערן, פון אַלערליי גרושות, אלמנות און אַלטע מיידען, — פּטור געוואָרען. די האָפנונג האָט געשמייכעלט, דאָס גליק האָט געשיינט, דער אָפּטימיזם פון דער איִדישער נשמה, וואָס איז דורך געוועבט מיט פעדים פון הערליכע אילוזיעס, — האָט אויף זיין גאָלדענער האַרפע אַ גרויסע סינפאָנישע

הללויה געשפּיעלט, צו עהרע פונ׳ם באראַן הירש, צום רוהם פון דאָס וואַרימע פרייע לאַנד, וואָס האָט אונז אונטער איהר פליגלען ארונ־טערגענומען!

ניט איינמאָל פלעג איך ׳אויפציטערן און אויפשוידערן, שטע־הענדיג בייגאַכט אנגעשפּאַרט אַז אַ ביידעל און צוקוקענדיג ווי די וואַנדערער פראַווען אַ חתונה. אָרימע מענשען, נאַקעטע און באַר־וועסע, אין אַ פרעמד לאַנד, שטומע ווי די בהמות און האַלטען זיך פּיערציג־פופציג ביי די הענד און ״געהען״ אַ קאַראהאָד, טאַנצען און זינגען פרעהליכע ליעדער. בעגייסטערט פון אַ שטאַרקער אמונה, בע־לאַדען מיט דער אידישער געדולדזאַמקייט, קוקען זיי מונטער אין דער צוקונפט אריין. לאַכען מיט׳ן פולען מויל. גלייך דער לבנה אין פּנים און הערען די וועלט ווי אין טראַק... דאַן פלעגט מיך איין רעיון באַהערשען: ״אָה, וויפיעל לעבענסקראַפט פאַרמאַגט אין זיך אונזער אידיש פאָלק!״

אינטערעסאַנטער איז געווען די חתונה פונ׳ם גרוזינער בחור מיט דער קאַווקאַזער מיידעל, — מירעלע באַכמוט.

די הערצרייסענדע הופּה ליעד וואָס די כלה האָט געזונגען, אַי־בער אַ טשערקעסיש מיידעל וואָס ווערט געפאַנגען און איז דער פרעמד אוועקגעפיהרט. — דאָס ליעד וועלען די קאָלאָניסטען קיינ־מאָהל ניט פאַרגעסען!

דאַן דעם חתן׳ם דרשה וועגען די גדולים פון די קאָמיטעטען אין לעמבערג, קראָקוי און האַמבורג, ווי זיי האָבען אונזערע ברידער געפּלאָנט און געפּייניגט. ער האָט זיי פּשוט מיט תוכחה קללות גע־שאָלטען און מיט די האַרבסטע אויסדריקע פערדאַמט.

— זאָג איך דען ניט דעם ריינעם אמת? — פרעגט ער שטורמיש און שטעלט אויף אונז אַז זיינע שוואַרצע דיאַמאַנטענע אויגען.

— יאָ, אמת. — באַשטעטיגט אַ טונקעלע, הויכע, מאַגערע פרוי. — געלויבט איז גאָט, צוויי גלות׳ן געפּטר׳ט: פּאַניען און די הילפּס קאָמיטעטען...

און כהרף עין נעהמט זי שוין מיט די הענד צונויף דאָס קליידעל, און טאַנצט אַ קאַזאַטשאָק... דער עולם פּליעסקעט צו.

כ׳האָב דער פרוי גלייך דערקאַנט. ווייל די זעלבע ווערטער האָב

איך פון איהר געהערט אין א וואגאן אויף דער רייזע פון לעמבערג נאך קראקוי. דאמאלסט האט זי אויך געטאנצט, נאר מיט מעהר עקסטאז...

אה, יענע גדולים, ווי מיר קענען זיי ניט פארגעסען און ווי מיר פעראכטען זיי!

כ׳בין א בעלן צו פארצייכענען א קאפיטעל פון מיין רייזע קיין ארגענטינא און די באריהונג אין וועלכער כ׳בין געקומען מיט יענע צילינדער־היט, וואס האבען זיך דאמאלסט ארומגעפארעטביים פעטען עמיגראציאנס טאפ... איהר לעזער וועט מיר מוזען פערצייהען פאר דיזער לאנגוויילינקייט. א ברירה האט איהר דען?

17.

## הילפסקאָמיטעטען פאַר עמיגראַנטען.

נאָך פסח פון יאָהר תרנ"א, ווען אויף'ן אידישען הימעל פון רוסלאַנד, האָבען זיך אָנגעקליעבען געדיכטע פינסטערע וואָלקענס, האָבען מיר ביי דער עסטרייכישער גרענעץ זיך צוזאַמענגעטראָפען זיעבען עמיגראַנטען, פאַהרענדיג אין דער וועלט אריין, אום ערגעץ א נייע היים צו זוכען.

אזוי ווי איך האָב א בריעף געהאַט פון מיינעם א חבר, גבריאל רייך, וועלכער איז מיט א פאָאָר יאָהר פריהער אָפּגעפאָהרען נאָך ארגענטינא און אין וועלכען ער האָט פארזיכערט, דאָס מ'קען ביי דער אַרגענטינישער רעגיערונג באַקומען לאַנד כמעט אומזיסט, האָבען מיר זאָלבע־זיעבעט בעשלאָסען, קיין ארגענטינא צו פאָהרען, כדי דאָרט אַקערבויער צו ווערען. קיין קאָמיטעטען, קיין קאָלאָניזאַציע פונ'ם באַראָן הירש איז נאָך יעמאָלט ניט געווען.

אין באָהן פאַר סטאַניסלאַוו, האָבען מיר זיך צושמועסט מיט א לעמבערגער תושב, וועלכער האָט אונז געראַטהען זיך אָפּצושטעלען אין לעמבערג, מחמת אין לעמבערגער קולטוס־פאָרשטאַנד, קומען כסדר אַן גרויסע סומען געלד פונ'ם באַראָן דע הירש, מיט'ן צוועק אונטערצושטיצען די רוסישע אידען וואָס פאָהרען נאָך אמעריקא. מיר האָבען די עצה אָנגענומען.

אין א שבת פאַרמיטאָג, האָבען מיר זיך פאָרגעשטעלט פאַר'ן פרעזעס פון דער קולטוס־געמיינדע, אָדער פונ'ם וויענער "אַליאַנץ", — הערר, אדער דר. ניערענשטיין. א שעהנער יונגערמאַן מיט סימפּאַטישע געזיכטסציגען איז ער געווען און דערצו טאַקע, א מענש מיט אַן איידעלער נשמה. מיט אויפמערקזאַמקייט האָט אונז דר. ניערענשטיין אויסגעהערט און ערקלעהרט:

— "ריכטיג, דורך דער "אַליאַנץ" פון וויען, בעקומען מיר פונ'ם באַראָן הירש, זעקס טויזענד גולדען א מאָנאַט. אבער דאָס געלד איז באַשטימט, נור פאַר די לעמבערגער האַנד־ווערקער און ניט פאַר רוסישע דורכרייזענדער", — נאָכדעם האָט ער אויסגעפרעגט מיינע

קאלעגען ווארום זיי האבען פערלאזען רוסלאנד און ווען זיי, דארפס אידען פארטריבענע דורך איגנאטיעוו'ס גזרות, — האבען איהם זייער בינטעל צרות דערצעהלט, האט ער זיך צו מיר, אלס צום ראש המדברים געווענדעט, זאגענדיג:

— קומט איהר אליין ארויף צו מיר היינט אין אווענד, וועלען מיר זיך דורכגעהן צום הר. שלמה באבער. אונזער עלטעסטער כלל־טהוער, וועלען מיר עפעס נאכטראכטען וועגען אייך.

אין אווענט, זיינען שוין איינינע פון די "פני" פארזאמעלט גע־ווען אין הויז פון'ם ה' באבער, מען האט מיך אויסגעפרעגט, פאר־שריעבען אונזערע נעמען און ווען דער קליין געוויקסיגער און גרויי־סער געלעהרנטער, הערר שלמה באבער, האט דערהערט דאס איך דערמאן א פאאר פון זיינע מאמרים וואס ער האט דאמאלסט אין "המליץ" געדרוקט איבער זיינע שפעטערדיגע "תנחומות" — איז ער, דער גרייז־גרויער מאן, ווי א קינד פרעהליך געווארען:

— אה איהר זיינט א בן תורה, מוז'ן מיר אייך העלפען!

זיי האבען אויסגעשטעלט א טעלעגראמע צום "איזראעליטישען אליאנץ" פון וויען און דר. ניערענשטיין האט צו מיר געזאגט:

— קומט מיט! איך וועל אייגענהעדיג די טעלעגראמע אוועק־שיקען און איהר וועט דערווייל טאקע זעהן די פראכטפאלע פאסט־ביורא פון לעמבערג: אזא שעהנע געביידע האט איהר געוויס נאך ניט געזעהן!

אז איך האב געוואלט באצאהלען פאר דער טעלעגראמע, האט ער ניט דערלאזען.

— לאזט מיר די מצוה; — האט ער געטענה'ט. — קומט ארום מאנטאג נאך ענטפער, ווייל זונטאג ארבייטען זיי דארט ניט.

מאנטאג איז אנגעקומען אן ענטפער וואס האט געלויטעט:

"פערזארגען זי די זיבען פאמיליען. מיר וועלען זיי נעקסטענס נאך ארגענטיניען שיקען".

פרעהליך זיינען מיר אויף דער אכסניה געגאנגען און באלד אנ־געשריעבען בריעף א היים צו די פאמיליעס, דאס זיי זאלען זיך רייזע־פערטיג מאכען, ווייל מען שיקט אונז קיין ארגענטינא.

מיר האבען גענומען ווארטען. ס'איז דערווייל אוועק א טאג נאך א טאג.

פלוצלונג האבען זיך גענומען יאוועןמאסען עמיגראנטען פון רוסלאנד; שטראמענווייז זיינען זיי אנגעקומען קיין לעמבערג. זיי האבען דער קולטוס-געמיינדע באלאגערט. דארט זיינען געווען ארי־מע אנגעלאפענע אידען פון אלע קאנטען, מיט זייערע ווייבער און קינדער און מיט זייערע בעבעכעס. זיי האבען שיפסקארטען געפא־דערט, האבען פערלאנגט עסען, — ביז ס'איז צו דיזען צוועק גע־שאפען געווארען א "נייער" קאמיטעט, א הילפסקאמיטעט מיט אלע באקאנטע לומפערייען... דר. ניערענשטיין און באבער ז"ל, האבען פונ'ם פרעזידיום רעזיגנירט: די נייע "פיהרער" האבען אנגעהויבען קאמאנדעווען און איינגעשטעלט א מאשין מיט אלע קליפערלאך. משרתים געדונגען, שווייצארען געשטעלט און אט דיזע, האבען זיך היבשליך נוקם געווען אן רוסישען עמיגראנט. פון די טרעפ פלעגען זיי ארונטערשליידערן, טרייבען ווי די הינט און זידלען ווי די שיכורים... דער קאמיטעט פלעגט זיך שטארק מתעסק זיין: האט געשריבען פראטאקאלען און באריכטען, אויסגעטהיילט פארציעס ברוידט מיט סטיסאקעס און באגאסען מיט שימפ-ווערטער, ווי: "רוסישער חזיר! שנאררער!" מיט דיזע טיטלען האבען אונז די בע־אמטע כסדר באעהרט...

דארט האב איך קענטשאפט געשלאסען מיט א יונגען מאן, א ברונעט, א לעמבערגער משכיל און א ליעבהארציגער מענש, מיט'ן נאמען ג ר ש ם ב א ד ע ר, וועלכער איז יעצט איינער פון די שטענ־דיגע מיטארבייטער אין ניו-יארקער "טאגעבלאט" און אין "די אי־דישע גאזעטען". מיר פלעגען צוזאמען טרויערן איבער די ענגהער־ציגע עוסקים בצרכי צבור מיט זייערע פארקריפעלטע נשמות.

אזוי זיינען פארביי גאנצע זיעבען וואכען. אין א טאג איז פון וויען אנגעקומען דר. קליין און א קלאנג איז ארויס: דאס מען הויבט שוין אן צו טראנספארטירען די עמיגראנטען קיין אמעריקא.

איך מיט מיינע זעקס קאלעגען, אלס די ערשטע אויפ'ן צעטעל אינ'ם קאמיטעט. האט מען אויך פארגערופען צוערשט און דר. קליין האט תיכף אויסגעפונען, דאס מיר ברויכט מען צו קנס'ענען און קיין אמעריקא ניט שיקען.

צוליעב דיזער מאן, — האט ער ערקלעהרט. — איז דער קאמי־טעט אין לעמבערג געשאפען געווארען. ער האט אויף אונז די דא־

זיגע כאליאסטרע אנגעשיקט. ער האט צושיקט בריעף אין אלע שטעדטלאך און די דאזיגע מאסע ארימע־לייט, זיינען אויף אונז אנגעפאלען!

קורץ, די זעקס האט מען אויפגענומען און מיך אויסגעבראקירט...

איך בין געלאפען צום ה'' באבער און ער האט טעלעפאנירט צו ניערענשטיינ'ען, וועלכער איז גלייך געקומען און אנ'געהמענדיג מיר ביים האנד, האט ער פארדראסיג געזאגט:

—קאמען זי מיט מיר צו'ן קאמיטעט!

דורך א גאנצער "טאלפא" ווייבער און קינדער, מיט א פאאר פאליציאנטען ביי די טרעפ, האבען די שווייצארען אונז א דורכגאנג געעפענט. ביי א לאנגען טיש, א פארלעגטען מיט פאפיערען, זיינען געזעסען די "אז־אר־ראון־וועה" גדולים, די עוסקי בצרכי צבור באמונה (?) און האבען זיך געוויצעלט און לוסטיג געמאכט, איבערן בראך פונ'ם רוסישען אידען... ווי די רוסישע "סליעדאוואטעלעם". האט מען יעדען אויסגעפרעגט, אויסגעפארשט און די קעשענעס געטאפט, אום זיך צו איבערצייגען, צי באהאלט מען גיט קיין געלד... פון יעדען איינעם אביסעל דמים אפגעצאפט...

— נו, דעם מאן מוזען מיר צוריק נאך רוסלאנד שיקען! — האט זיך געוויצעלט א גראבער בויך, מיט רייכע סיגנעטען אויף די פינגער און אנ'ארימע נשמה איז מוח. און דאס האט זיך געהאנדעלט איבער א דעזערטיר, וועלכער פלעגט אויפציטערן. אז מען האט איהם דערמאנט זיין פארלאזען לאנד...

ביי יענע קאמיטעטס פארשטעהער, האב איך דעם "כובד ראש" ניט געזעהן; האב ניט באמערקט קיינשום מיטליידסגעפיהל צום פאר־וואגלטען "גולה". מען האט נאר אפגע'חוזק'ט, אפגעשפאט און כסדר ארויסגעוויזען די פעראכטונג פונ'ם נותן צום מקבל... חערצו נאך, האבען זיי זיך היפאקריטיש געפוצט מיט'ן רחמנות אויסדרוק און זיך ארויסגעוויזען שטאלץ און פול מיט גאוה: פיליכט כדי מען זאל נישט דערקאנען, אז דאס וואס גיבען א י ז נ י ט ז י י ע ר'ס און דאס אפטמאהל זיינען זיי מעהר נהנה דערפון, ווי דער ארימאן פאר וועמען דאס געלד איז באשטימט געווארען...

ווען כ'בין ערשיענען מיט'ן דר. ניערענשטיין, האבען זיך אלע אויפגעהויבען און איהם העפליך באגריסט. אז די צערעמאניעלע

עטיקעטע איז פאראיבער, האט ניערענשטיין צו זיי מיט בעזקייט געזאגט:

— מיינע העררן! אויב איהר האט בעשלאסען דעם ה׳ אלפער־סאן נאך ארגענטינא ניט צו שיקען, אונגעאכטעט דארויף, וואס די „אליאנץ” האט צו מיר דעפעשירט: „פערזארגען זי דיזע לייטע מיר וועלען זיי נעקסטענס נ א ך א ר ג ע נ ט י נ א ש י־ ק ע ן”, דאן ברויכט מען פארלויפיג דיזען מאן טויזענד גולדען געבען און איהם א פרנסה שאפען אין לעמבערג גופא. אדיע, מיינע העררן!” — האט ער זיך צו זיי פארנייגט און מיך אנ׳געהמענדיג ביים האנד געזאגט: — „קאממען זי מיט!”

מיט אויפרעגונג און כעס האט ער צו מיר געזאגט שוין זייענ־דיג ביי זיך אין הויז:

האבען זי באמערקט דיזע העררן אין די צילינדער־היט? אמ־מיינסטען דיעבע... איך קאן זיי שוין פון לאנג! איך וויל איהנען נור איין טהאטזאך ערצעהלען.

און מיט א בע׳צער׳טען טאן האט ער אנגעפאנגען:

אין יאהר 1882, אין דער צייט פון דער שרעקליכער עמיגראציע פון רוסישע איחען און דעם אנגעלאף אין בראד, האט איך פון מיינע טאנטע אוים וויען א טעלעגראמע ערהאלטען, דאס איך זאל ביים באהן עמפפאנגען דעם סיר רבי שמואל מאנטיאגו פון לאנדאן (שפעטער לארד סווייטלינג), מיט׳ן ראבינער פון בראדי, וועלכע פאהרען אין די אנגעלעגענהייטען פון דער עמיגראציאן. איך האב עס ערפיהלט און דאס ערשטע וואס סיר מאנטיאגו האט מיר געזאגט איז פאלגענדעס געווען:

— וויסען זי ניכט הערר ניערענשטיין ווא מיר קענען כשר עסען בעקומען?

„איך האב איהם מיין הויז אנגעבאטען, אבער ער האט מיר גע־ענטפערט: „דאס אויף זיין לעבען איז ער נאך ניע, צו לאסט געפאלען”... כ׳האב איהם אין א האטעל געפיהרט, אויף זיין פער־לאנג אונזער שוחט געשיקט און מיין פרומע, גאטזעליגע מוטער. האט איהרע כלים געשיקט און אליין האט זי א פאאר טאג אבאכט־געגעבען אויפ׳ן כשר׳ן אין קיך... ווען דיזער פרומער גאטספארכטי־גער מאן, איז נאך עטליכע טעג פון שווערער ארבייט אין דאמאל־

סטדיגען קאָמיטעט, פון דאַנען אָפּגעפאָהרען, האָט ער צו מיר גע־זאָגט:

— הערר ניערענשטיין, עס טהוט מיר זעהר לייד; אייערע הערדן פון קאָמיטעט... טהוען מיר שרעקליך וועה:

"ער האָט זיי באַלד דערקאַנט! ער האָט די לייט תופס געווען! און יעצט הערר אַלפּערסאָן, — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט, — פאַנגט ווידער אָן אַ גרויסע עמיגראַציאָן פון רוסלאַנד און די זעל־בע לייט זיינען אויבען אַרויפגעשוואומען... שווערע טויזענדער וועלען זיי אין די קעשענעס אַרונטערלאָזען... איך און ה' באַבער, האָבען דימיטירט, אין זייער מיטט ווילען מיט ניט זיין!"

כ'האָב נאָך ניט אויספייעט צו מיין אכסניה צו קומען האָט מיך שוין אַ קאָמיטעטס דיענער געזוכט: "דער קאָמיטעט רופט איהנען!"

דר. בייזער, דער פּאַרזיטצענדער, האָט מיך שמייכלענד אויפגע־נומען.

— הערר אַלפּערסאָן: — האָט ער געמיטליך גערעדט. — מיר האָבען אייך בעשטימט פיר אַ צוג־פיהרער פון דרייסיג פאַמיליעס. היינט אָוועגד'ס פאָהרט איהר מיט זיי אָב נאָך קראָקוי און פון דאָרט. וועט דער קאָמיטעט אייך נאָך אַרגענטינא איבערשיקען. מאַכט אייך רייזע־פערטיג. אום 9 אוהר געהט אָב דער צוג.

אַלע "גדולים" פונ'ם קאָמיטעט זיינען אָוועגד'ס ביים באַהן געווען, אום דעם ערשטען טראַנספּאָרט עמיגראַנטען, וואָס די לעמ־בערגער שיקען אַרויס — צו באַגלייטען. דר. ביק, האָט מיר דרייסיג גולדען און דרייסיג פּעקלאַך טאַבאַק מיטגעגעבען, אום איך זאָל עס פּאַרטהיילען צווישען די רייזענדע עמיגראַנטען און אַ בריעף האָב איך באַקומען צום דר. ראָזענפעלד. אַ קאַרטעל צום פּאָליציי־שעף האָט דר. בייזער מיר דערלאַנגט.

— היט דאָס קאַרטעל, זאָגט וועט די קראָקויער פּאָליציי אַרעס־טירען דעם גאַנצען צוג! — האָט ער מיר געוואָרענט.

דער צוג האָט גערירט. מיט דער ליסטע איז האַנד בין איך אַרומ־געגאַנגען פון וואַגאָן צו וואַגאָן, יעדען אויסגערופען ביים נאָמען. איהם איבערגעגעבען אַ זילבערנעם גולדען מיט אַ 13־נער פּעקעל טאַבאַק. און אין איין וואַגאָן, בין איך איבעראַשט געוואָרען: אַ טונקעלע פרוי, איז ביי די ווענט אַרומגעשפּרונגען און אויפגערעגט

ביז גאַר, האָט זי מיט ענטציקונג געשריען:

— געלויבט איז גאָט! צוויי גלות׳ן געפּטר׳ט! פּאַניען און דעם קאָמיטעט! מיר פאָהרען שוין קיין ארגענטינא! א קאָלאָניסטקע וועל איך זיין! אַך, געלויבט איז גאָט! לאַנג לעבען זאָל דער באַראָן!...

טרעהרען האבען זיך מיר אין די אויגען געשטעלט. ווי שטאַרק איז דער אידישער אָפּטימיזם און ווי גרויס איז די צעוועטאָגטע אידישע נשמה!

איך האב אויך איהר מאן דערקאנט. ד׳׳. נ׳׳. איז פאר די גאנצע דרייסיג יאהר. איינער פון די בעסטע קאָלאָניסטען אין מאָאוריציאַ.

אָט יענע פרוי האָט ביים גרוזינער אויף דער חתונה ווידערהאָלט איהרע ווערטער פונ׳ם וואגאָן.

מיט מיין מענשען טראַנספּאָרט בין איך אָנגעקומען קיין קראָקוי. דער הויף פון אידישען שפּיטאָל, וואו ס׳האָט זיך געפונען די ביוראָ פונ׳ם קאָמיטעט, איז באַלאַגערט געווען פון טויזענדער עמיגראַנטען. די משרתים האָבען דאָרט אויך געטראָטען איבער די אידישע קעפּ... פּרויען האָבען דאָרט אויך, אויך די טרעפּ גע׳חלש׳ט. אָבער אינע־וועניג זיינען וועניגסטענס געזעסען צוויי גרויסע אידען: דר. לאַנדוי און אַ צווייטער וועמען מ׳האָט הערר אַהרן גערופען.

און ביי א קליין טישעלע איז א פּאָאר׳ל געזעסען: רבי אַברהם׳־עלע מלאַך מיט זיין פרוי. וואס האבען ממש מיט געלד געשאָטען:— ווי איך האב עס שוין פריהער ערא‍ינערט.

אין דאזיגען קאָמיטעט האט זיך אַ צאַרטע מילדקייט געשפּירט. דער אידישער וועה האָט זייער האַרץ געריהרט... דאָרט האָט מען וועניגסטענס ניט געצאַפּט דעם אומגליקליכען וואנדערער אזוי פיעל בלוט ווי אין די אנדערע ערטער.

אַנ׳ אומפערצייליכען פעהלער זיינען זיי בעגאנגען קעגען די פאַרבלאָנדזשעטע נשמות. די משומדים... די געטויפטע אידען וואָס חער עמיגראַציאָנס שטראָם האָט צווישען אונז פאַרטראָגען. דיזע אומגליקליכע וואָס האָבען זיך געוואָלט אומקעהרען צוריק צו זייער פאלק, צום גאָט פון זייערע אבות, האבען די צוויי גרויסע אָרטאָ־דאָקסישע אידען, רבי לאַנדוי און רב אַהרן, באין אופן ניט געוואָלט אויפנעהמען און האבען זיי אָפּגעשטויסען... וואס זיי האבען זיך ניט געבעטען, וויפיעל זיי האָבען ניט געוויינט — האָט ניט געהאָל־

פען: זיי האבען נעבאך נאך אמאהל געמוזט פעלשען דעם נאמען... אין האמבורג זיינען פיעלע פון זיי אויפגענומען געווארען קיין ארגענטינא, זיי געפינען זיך צעווישען אונז און זיינען עהרליכע און טרייע אידען.

דאגעגען האבען די רעדעל־פיהרער פון די קאמיטעטען א סך אנ׳ערגערן קלאס ווי די משומדים אויפגענומען. דאס שמוץ פון זנות, גנבים, אסטראזשניקעס און נאך אזעלכע נפשות, האבען זיך דורכגעשמוגעלט צעווישען די עמיגראנטען און אזוי ווי דער "קאמיטעט" האט קיין ארגענטינא מעהרסטענס געזוכט איינצעלנע מענשען, בחורים, און "כאלאסטאיעס", האבען א מאסע יונגע "פאדליעצעס", פארלייקענט זייערע פרויען און זיך פארשריבען אלס "אונפארהייראטע".

אינ׳ם חתונה פעריאד ביי אונז אין קאלאניע, האבען יענע פארשווינען זיך פארהייראט מיט פיעלע פון אונזערע מיידלאך און א היבשע צאהל ביגאמיסטען האבען מיר אויף אונזער חשבון באקומען.

## 18.

## ביגאַמיסטען.

איך וועל זייערע נעמען לאָזען זינקען אין דער טיעפענעש פון דער פאַרגעסענהייט; — ווייל פיעלע פון די אַמאָהליגע ביגאַמיסטען, זיינען היינט גאַנץ שעהנע און רייכע בעלי־בתים, האָבען געבילדעטע קינדער, אייניגע אויסגעשטודירטע און מעהרערע פון יענע זינדיגע, זיינען איצט דערצו נאָך די ראשים פון דער היגער אידישער קאָלעקטיוויטעט... געוויס האָבען זיי שוין פאַרגעסען די סקאַנדאַלען און די צרות וואָס זיי האָבען פאַראורזאַכט! איך וועל זיי חלילה דאָס איצט ניט דערמאַנען.

אין מיין זכרון זיינען זיי אָבער טיעף איינגעקריצט געוואָרען און דאָס שווימט מיר אַרויף אין רעיון און עס שטעלט זיך מיר אַזוי בולט פאַר פאַר מיינע אויגען, פונקט ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטען געשעהן.

אַט שטעהט זיסעל, די קליינשטעדטעלדיגע וויבעל מיט אַ קינד אויפ'ן האַנד און באַגיסט מיט איהרע טרעהרען די שוועל פון דער אַדמיניסטראַציע.

— שוחט! — שרייט גערביל און וואַרפט מיט זיינע לאַנגע הענד, — וואָס זאַגען זי, האַ? אַה, פערפלוכטער! זאָ איין אונרעכט! זאָ איין פערברעכען! איינע געזעצליכע פרוי מיט אַ קינד צו הויזע געלאַסען 'אונד היער איינע מעדכען געהייראַטה!

די פאָליציי האָט דעם באַטרעפענדען אין תפיסה אַריינגעוואָרפען. דער סוביעקט האָט אָבער געלייקענט שטיין און בייהן... "דאָס איז ניט קיין כשר קינד" — האָט דער אויסוואורף גע'טענה'ט. אָבער שוחטים האָבען די כתובה געלייענט, רחמנות האָט זיך ווי וואַסער געגאָסען. אידען האָבען זיך געהיצט און געגוואַלדעוועט. ביז דער ה' ש. איז מרוצה געוואָרען... די שוחטים האָבען דער אָרימער פרוי אַ גט אויסגעשטעלט און דער ביגאַמיע־העלד, איז מיט זיין נייער וויבעל אָפּגעפאָהרען קיין בוענאָס איירעס...

אזעלכע סקאנדאלען האבען זיך מעהרערע מאהל ווידערהאלט. איינינגע פון דיזע 'אומגליקליכע ווייבלאך, זיינען פאר צרות און עלענדקייט אוועק אהין, פון וואנען מען געהט שוין נאר אויפ'ן אפּעראציאָנס טיש פונ'ם שפּיטאל... א סך עגונות זיינען אליין אהערצו געקומען און מעהרערע, האבען שריפטליך געבעטען דורך דער אדמיניסטראציע, דאס מען זאל ביי זייערע מאנען כאטש אויסווירקען בדאי א גט. ביסלעכווייז האט מען זיך צוגעוועהנט צו דער דאזיגער בושה. אין בוענאס־איירעס האט זיך גיך געעפענט א ג י ט י ן פאבריקעל... ס'איז געווארען א טאקסע: הונדערט מיט צעהן פעזאס א גט. די מוידען זיינען לאנגזאם איינגעגאנגען אויף דעם מקח: זיי האבען אין פאראויס די פרייז בעצאהלט, אבי א "באשעהרטען" צו בעקומען... ווי נאר מ'האט יענער, אויפ'ן צווייטען זייט אקעאן, אפּגעשיקט ד י צ ו ו ע ל ע ף ש ו ר ו ת, איז דער יונגער־מאן געווארען איהרער, פון דער היזיגער כלה־מויד און תיכף האבען מחותנים אויסגעפונען, דאס ער איז א כשר'ער, א זויבערער, ממש א צדיק געוועזן...

פיין, ארענטליך און שטיל, איז דאס צוגעגאנגען. אידען געבענטשטע מיט א סך מיידען, האבען דערפון הנאה געהאט, ־עב רבש"ע א דאנק גגעבען און אליין טאקע, זיך אלס עדות אויף ד־ גט'ן אונטערגעשריבען... הכלל דא איז געווארען א וואכעדיגער געשעפט...

איינס נור איז א גליק! זעהר ווייניג פון די ביגאמיסטען זיינען אין דער קאלאניע פארבליבען. איינינגע זיינען אליין אוועק און די יעניגע וואס האבען זיך ניט געאיילט דאס צו טהון, האט מען שפּעטער, אונטער קאלאנעל גאלדשמיעד'ס דירעקציע, בערקנהיים'ס אדמיניסטראציע און נאכהער אין לאפּין'ס פעריאד, פון דער קאלאניע פארטריבען און ארויסגעשיקט, צוזאמען מיט אלע איבעריגע שעדליכע עלעמענטען: די גנבים, פּראסטיטוטקעס און סתם וואגאבונדען.

19.

# דער ערשטער פסח אין מאַאוריציאַ.

פּסח! דער גליקליכער פרייהייטס יום טוב!

ווי פרעהליך מען איז געווען, אדער מען האט זיך בלויז "פרעה־ליך געמאכט" אויף אַ חתונה, איז מען טויזענד פאַך מעהר טרויעריג געוואָרען אין אַ יום־טוב.

יעדער יום טוב האט אַרויסגערופען פערביטערנעש. נידערשלאַגען און באַטריבט האָבען מיר דעם גרויסען נאַציאָנאַלען "זמן חרותינו" געפייערט.

ביים היסטאָרישען קאַנעצעל, אדער דעם "באַראַנס לעמפּעל", איז זיך יעדערער אין זיין האַלב פינסטערער נאַרע געזעסען און ביי דער "גאַוויאַדינאַ" מיט'ן לחם עני, זיך גוט אויסגעוויינט, דערמאַנענדיג זיך, אַז די ליכטיגע סדרים וואָס מען האט אָפּגעריכט אין דער היים.

אַ שווערע אַטמאָספערע האט יעדען געדריקט: אַ בענקעניש האט דאָס הארץ גענאַגט און עפּעס אַ טרויעריגער, פיינליכער פאַרגע־פיהל האט נביאות געזאָגט, אויף אַ נייעם ע ב ד י ם ה י י נ ו — לאַדמיניסטראַציאָן.

איינער האט פאַרגעשלאַגען דאָס אַלע אימיגראַנטען זאָלען פּסח אין דער פריה דאַווענען אין דרויסען אין איין גרויסען מנין, — איינ־שטימונג איז עס אָנגענומען געוואָרען. אַנשים, נשים וטף, האָבען זיך פאַרזאַמעלט אונטערן פרייען הימעל, אָנגעטאָהן אין די יום־טובדיגע מלבושים: ד. ה. טראַנטעס און שמאַטעס פון אַלערליי מיתה משונה קאָלירען, באָרוועסע, אַנדערע מיט הילצערנע שיך און אין אונזערע בגדים האָבען מיר ווייזט אוים, נאָך מעהר גע־שיינט קענען דער ליכטיגער זון, וואָס האט אונז מיט איהרע שטראַה־לען רייך באַציערט און אויף אונז אַראָבגעגאָסען גאַנצע שטראָמען ליכטיגקייט. געדאַווענט האט מען שטיל, כמעט שווייגזאַם, ווייל יעדערער האט זיך געסטאַרקעט איינצוהאַלטען זיינע טרעהרען און נים אַרויסווייזען דעם גרויסען טרויער וואָס האט אַלעמען געדריקט אינ'ם פריהלינגס יום־טוב.

אבער בשעת דער חזן האט אנגעפאנגען הלל צו זאגען, האבען אלע דערשטיקטע ליידען אן אויסגאנג געפונען. א פערצאגטער יא־מער האט זיך אין רוים דערהויבען און אפשר דערגרייכט ביז דער פמליה של מעלה... איין הארבע קשיה האט יעדענס מחשבות באַהערשט: עד מתי? ביז וואנען וועלען מיר זיך וואלגערן אין די בייד־לאך און וואו איז שוין די נחלה? פארוואס ווערט דאס לאנד ניט פארטהיילט?

ס'איז אנגעקומען געווארען א בעשלוס, באלד נאך יום־טוב צו זעהן מאכען אן ענדע צו דער אונבאשטימטער לאגע. "אהער אדער אהין! לאנד: קוים ניט, געהען מיר אלע מענער, בדאי צו פוס, גלייך קיין בוענאס איירעס".

דעם צווייטען טאג פסח איז אין לאגער א בשורה טובה אנגעקו־מען און דעם אומעט פארטריבען. א קלאנג איז ארוים, דאס א זעהר גרויסע פערזענליכקייט, עפעס א גואל, קומט צו אונז דירעקט פון איירָאפא.

אייניגע האבען באהויפטעט, דאס דער בארָאן הירש אליין קומט אינקאגניטא, ער וויל ניט מען זאל וויסען דאס ער איז אליין צו־ווישען אונז און ער פארשטעלט זיך. אנדערע האבען געדרונגען, דאס עס קומט זיינער א שוואגער און וועט אונז אריבערפעקלען קיין ארץ ישראל.

אין לאגער האט דערוויל געטומעלט און גערעש'ט.

אנפאנגס האבען מיר, די פאציפיסטען גערעכענט, אז די בשורה איז א פראדוקט פון די גאולה אילוזיעס, וואס דערוועקען זיך אין יעדער אידישער נשמה פסח צייט, ווען עס ווערען אזוי פיעל צערע־מאניעס געמאכט אין שייכות צו "פרייהייט". אבער נאכדעם, אום אחרון של פסח איז טאקע ערהאלטען געווארען א טעלעגראמע, דאס דער אינזשעניער טיראטשיני זאל גלייך קומען קיין בוענאס־איירעס מיט זיינע פלענער פון מאאוריציא, ווייל ס'איז אנגעקומען א נייער דירעקטאר, ס י ר א ל ב ע ר ט ג א ל ד ש מ י ע ד ט, א קאלאנעל פון דער ענגלישער ארמעע און דעם בארָאנס א פערטרויענס מאן, וועל־כער איז ספעציעל געשיקט געווארען, אום די קאלאניזאציע איינצו־ארדנען און די קאלאניסטען צו אראנזשירען.

אויף יעדען פנים האט געגלאנצט די פרייד. מען האט אין שפּאַ־

נענדער ערוואַרטונג. געצעהלט די טעג, די מינוטען, אום ענדליך דעם ענגלישען גואל צו זעהן...

אויף מאָרגען, אסרו חג של פסח, איז אָנגעקומען אַ נייער אדמי־ניסטראַטער, הערר וואולף, מיט אַ באַפעהל פון גאָלד־שמיערט׳ן, דאָס ער צוזאַמען מיט גערבל׳ן, זאָל אָנפאַנגען צו באַזעצען די אימיגראַנטען אויף לאַנד.

אין הויף פון דער אַדמיניסטראַציאָן, האָט מען פלייסיג געאַרבייט. עס זיינען אָנגעקומען האַנד־פלוגען, אייזערנע און הילצערנע באַ־ראַנעס. מ׳האָט אויך געבראַכט צוטרייבען 250 ״מולאס״ — מויל־אייזלען: אַ 500 מאַנסירטע אַדער געצאַהמטע אָקסען; ווייל די וואָס האָבען זיך געפונען אויף די פעלדער פון דער קאָלאָניע זיינען אַלע געווען ווילדע, פאָלגליך אומנוצליך צו דער באַלדיגער אַרבייט. הכלל די אַדמיניסטראַציע איז טהעטיג געוואָרען.

מען האָט אָנגעהויבען איינטהיילען דאָס לאַנד.

# דער "גורל".

יעדער איינער וואס איז פארגערופען געווארען אין אדמיניסטראַ־ציע אויף "לאַנד צו געהן", האט אַ "גורל" געצויגען און זיין נחלה איז באַשטימט געווארען. לויט דעם נומער וואס דער מזל האט איהם אין האַנד אריינגעבראַכט. די חלקים ערד, זיינען אויפ'ן פלאַן נו־מירירט געווען, באַצייכענט און איינגעטהיילט אין גרו־פעס, צו אַכט הייזער, צו זעקס און צו פיער אין יעדערער און ביים עק, צו גרענעץ פון לאַנד, איז פארבליעבען אַ גרופע פון צוויי און אויך פון איין איינציגען קאָלאָניסט. אזוי איז ארוים פון אַגרימענסאָר'ס אויסמעסטעריי און דעם אינ־זשעניערס פלענער.

ווען אייניגע באַקאַנטע אָדער פערוואַנדטע משפחות, האָבען זיך געוואָלט באַזעצען צוזאַמען, אום זיי זאָלען וואוינען אין שכנות — אין איין און דער זעלבער "גרופע", האט עס די אדמיניסטראציע ניט ערלויבט. יעדער איינצעלנער האט געמוזט ציהען אַ באַזונדער נומער און וואו זיין "גורל" איז געפאַלען, מיט ווילד פרעמדע, אָפט אונווירדיגע מענשען — אהין האט מען געמוזט געהן און פאר ליעב אַנ'נעהמען.

מיר האבען פראטעסטירט געגען דיזער פאראָרדנונג און גערביל האט זיך געהיצט:

— אה, זי וואָללען אלע רעוואָלוציאָנערן צוזאַמען זיין! וואָהנען אלע באַנאַנד! אה ניין! ניין! ציהען זי אַ לאָז'ע אונד באַסטאַ!

מיט שוועריגקייט האבען מיר געפּועל'ט דאָס ברידער. אַ פאַטער מיט קינדער, זאָלען נאָר איין נומער, דעם פון דער גרופע ארויסצי־הען, אויך די עלענדע, וואס האבען קיין קרובים ניט געהאַט צעווי־שען די אימיגראַנטען, מעגען זיך יעדערער צוזאַמענפּאָארען מיט אַנ' "אַמיגאָ" און צוזאַמען מיט דיזען "פריינד" איין גורל אויף צוויי נומערן לאַנד ארויסציהען, בכדי זיי זאָלען וואוינען אין שכנות. דאָס האט מען אָנגערופען דער "ברודער גורל" אָדער "גורל שכן".

דאס איז דורכגעפיהרט געווארען אויף פאלגענדען אופן: צוערשט האט מען ארויסגעצויגען דעם נומער פון א "גרופע", נאכהער האבען די 8 אדער 6 קאלאניסטען פון דער גרופע, א יעדער געצויגען א נומער, אום צו באשטימען וואסער חלק לאנד ס'געהערט צו איהם, דא האט ווירקליך געשפיעלט דער מזל די איינציגע ראל: מחמת וואס פאר א לאנד, וואסערדיגס, טרוקענס, פעטס אדער מיזערנע ס'איז־אנגעקומען, וועלכע שכנים ס'זיינען אויסגעפאלען — מיט דעם האט מען זיך געמוזט צופריעדען שטעלען און אנ'נעהמען פאר ליעב.

זעקס "כאלאסטאיעס", ברידער און שוואגערס, די פאמיליע קיילעם און שמולטשוק, — זיינען די ערשטע אויפ'ן לאנד ארויף. פאמיליאנטען האבען זיך ניט געוואלט ריהרען פון ארט, ביז עס וועלען אויפ'ן "קאמפ" קיין הייזער ניט אויפגעבויעט ווערען.

פיעלע פון די אימיגראנטען זיינען געגאנגען קוקען ווי מען וועט די קיילעסיעס ארויספיהרען אויפ'ן פעלד אום ענדליך קאלאניסטען צו ווערען. אנדערע האבען זיך געפרעהט: סוף כל סוף ווערט מען שוין אקערבויער. אבער די מעהרסטע האבען געוויינט, געשאלטען די גאנצע וועלט און פעסט בעשלאסען אין אזא קלעגליכער פארמע, מיט די ביידלאך, מיט א קליין האנד־פלוגעל און איין פאאר אקסען, — אויפ'ן פעלד נישט צו געהן, סיידען מ'וועט פריהער געבען גוטען רעמאנענט און אויסבויען פאסיגע הייזער צום וואוינען.

איינציגע טעג נאך פסח, בין איך געגאנגען אין דער אדמיניסטראציע אום דארט, ביים דר. יאפפע צו פערשרייבען מיין מיידעלע, וואס מיין פרוי האט אסרי חג של פסח געבוירען. איך האב גראדע געטראפען ביים דאקטער דעם ה' גערביל, מיט'ן נייעם אדמיניסטראטער וואולף.

— ווי וועט הייסען אייער ניי־געבוירענע טאכטער? — האט דער דר. געפרעגט.

— מרים אסתר, וועט איהר נאמען זיין. — האב איך געענטפערט.

— אה, וואס פאר א שעהנעם נאמען דאס איזט! — האט גערביל באהויפטעט, — פיעלעס איז ביי די יודען שעהן, שעהנע, צארטע פרויען, שעהנע קינדער, אבער קיינע שעהנע זיטען! די זיטליכקייט איז געמיין, עקעלהאפט! — האט ער פארעכטליך געזאגט.

איך בין געבליבען שטעהן ווי פארגאפט און פערשעהמט, פיהלענ־

דיג דאָס די בלוט איז מיר אין פּנים אריין. ער האָט ווייזט אויס באַמערקט און שוין מיט אַ פריינדליכען טאָן געזאָגט:

— זיינט רוהיג: איך דענק אייך ניכט צו סיקירען. איך זאָג׳עס אין בעצוג צו דער אימיגראַנטען מאַסע... צוערשט שרייען זיי אַלע: לאַנד! לאַנד! יעצט ווילען זי זיך פון פּלעק ניכט ריהרען... נור די גרופּע 41, מיט די געבריהדער קיילעס, איז׳טס אונז צום אָרגאַנזשי־רען געלונגען און ניכט מעהר!

— שיקט מיר, הערר געררביל! — האָב איך ענטשלאָסען געפּאָ־דערט. — שיקט מיך, איך געה אין קאַמפּ און וועל אייך נאָך דאַנק־באַר זיין.

— "בוענאַ": — האָט ער צופרידען געענטפערט. — זוכען זי אַ לאַז־ברודער אונד קאָממען זי מיט צעהן טאָגע שפּעטער, אום אייער לאַטערי־לאַז׳ צו ציהען, דאַן ווערדען מיר אייך אַם לאַנד שיקען.

מיט שמחה בין איך געלאָפען דער קינפּעטאָרען אַנצוזאָגען, דאָס אין גיכען וועלען מיר בעקומען אונזער נחלה און פּטור ווערען פון דעם לאַגער, פון דער כאָליאַסטרע און פון דעם גאַנצען אָנגעזאַמעל־טען שמוץ...

21.

## הערש - לייביק'ל גנב.

א פאאר טעג שפעטער, זיץ איך מיר אין אנ'אווענד אין מייןביידעל און קוק אריין אין א ספר... אינעווייניג איז צימליך קאלט געווען, און די געווינעריין, מיין פרוי, ליעגט מיט'ן פיצעל קינד אויף דער "קאטרע" און בעט מיך, איך זאל אויסזוכען נאך עפעס א שמאטע און איהר בעסער איינדעקען, ווייל זי פיהלט א שרעקליכע קעלט. איך טוה אויס איינעם פון מיינע צוויי רעקלאך, די בגדי מלכות מיינע און דעק זי איין. אינדעם עפענט זיך שטיל דאס בלעך, וואס האט געדיענט אלס טהיר און עס קומט אריין א באוואקסענער פנים, מיט א רויטע געדיכטע בארד און א גאנצע קוטשמע האאר.

— וואס טהוסטו, דו לעהרענסט? — פרעגט ער מיר גראב, אין א הייזעריגען קול, — דיין ווייב איז א יולדות און אין ביידעל אין דיינער, איז שטארק קאלט! פארוואס מאכסטו ניט קיין פייער, יאלד איינער? די געווינעריין קאן דאך אזוי אויסגעהן פאר קעלט!

איך האב זיך דערשראקען פאר'ן ברייטביינערדיגען געזונדטען אידען, מיט דער האהריגער צורה און איבערהויפט פאר'ן פלאקען וואס ער האט אין האנד געהאלטען און דאן פאר זיין שטעכעדיגען בליק וואס ער האט אויף מיר שפאטיש געווארפען מיט זיינע גרויע אויגען: — ער האט הפנים מיין שרעק באמערקט און האט זיך צו מיר געווענדעט שמייכלענדיג:

שרעקט אייך ניט. איך בין דער וועכטער. גערביל האט מיך אוועקגעשטעלט אלס שומר אפצוהיטען דאס געהילץ און דעם בוימאטעריאל וואס ליעגט אין דרויסען נעבען דער אדמיניסטראציע, אום די אימיגראנטען זאלען עס ניט צושלעפען צום הייצען... ווארט א מינוט, ס'איז א רחמנות אויף דער קימפעטארען, איך וועל דיר ברייגנען האלץ. האסט א האק? אה? געוויס צוגענומען ביי דיר בשעת ס'איז די רעוואלוציע געווען? — האט ער מיט פארדראס א קריץ געטהאן מיט די צייהן און איז אוועק.

אין א פאאר מינוט ארום, איז ער צוריק געקומען מיטברייענגענדיג א לאפאטשע־ברעט, וואס האט געווים אייניגע פעזאס די ווערטה געהאט. פונ׳ם גארטעל האט ער ארויס גענומען א שארף העקעל און האט עס צוהאקט אויף שטיקלאך, מיך געבענדיג דערביי עצות:

— מאך פייער, יאלד! קאך אפ טהעע און דערלאנג דער יולדות!

איך האב געפאלגט. ווען די טהעע איז פארטיג געווארען און די קינפעטארין האט אפגעטרונקען, האט ער זיך געבען מיר אויפ׳ן קעסטעל אוועקגעזעצט און מיך געפרעגט אירא‏ניש:

— ווייסטו ווער איך בין? ווייסט ווען גערביל האט פאר א שומר געשטעלט?

— וואס זאל איך וויסען? — האב איך גלייכגילטיג געזאגט.— איך זעה דאס איהר האט א גוטע אידישע תארץ...

ער האט זיך פאנאנדערגעלאכט און פארטגעזעצט:

— "איך בין הערש־לייביק׳ל גנב: דו הערסט? מיין פאמיליע נאמען איז ג י י ע ר, אין קאנסטאנטין פון רוסלאנד, האט מען פאר מיר מורא געהאט: אימת מות! די ערד האט דארט געברענט אונטער מיינע פיס... כ׳בין פון טורמע אנטלאפען און דא בין איך א שומר געווארען: היט, דאס גנבים זאלען ניט לקח׳ענען! כא! כא! כא!"

ער האט זיך, ווייזט אוים, זעהר ענטוזיאזמירט מיט זיינע ערא־נערונגען און האט מיר גענומען דערצעהלען די פלאי פלאות פון זיינע גנבות, מערדערייען, כיטראסטען און זיין שפיצבובעריי, אז די האהר האבען זיך מיר אזש קאפויר געשטעלט.

עטליכע נעכט כסדר איז ער געקומען און אלץ דערצעהלט די עפיזאדען פון זיין לעבען און די וואונדער וואס זיינען מיט איהם געשעהן אין פון אלע זיינע מעשיות, פלעגט ער אלץ אויסברייען, דאס קיינער איז ניט בעסער פון איהם; דאס יעדער מענש איז א גנב, א שווינדלער און א לומפ; אלע לעבען דאך פון גנבה, גזלה און אפנארעריי; איינער דעם אנדערן האלט מען איין באשווינדלען און באטריגען... נאר די איבעריגע מאכען עס פולירטער, מיט מעהר צביעות, מעהר פליטערלאך און ז י י ן ח ב ר ה, מאכט עס פראסט און פשוט...

— דא זיינען פארהאן פיעלע פון אונזערע ברידער! — האט ער מיר איין מאהל אין א שמועס פארטרויט. — דא זיינען פארהאן

אונזעריגע פון אלע טורמעס... א טהייל פון זיי, ווילען טאקע אין אמת'ן אנהויבען פיהרען אנ'ארענטליכען לעבען, אוועק־ווארפען פריהערדיגע "פראפעסיע" און זיך אפגעבען מיט ערד ארבייט... ווייל נור ביי איהר, ביי דער "מאטושקא זעמליא", איז ניטא קיין גנבה און קיין שווינדעל. וואס ניט אזוי? הער נאר דו, קלויזניק וואס די ביזט! — גיט ער זיך שעלמיש א קאפ און שטעלט אויף מיר אן זיינע שווימענדע גרויע אויגען. — א יא אז די קאלאניזאציע איז א ריין, כשר, ארענטליך שטיקעל ברויט? אבער, — טהוט ער א טרייסעל מיט זיין באוואקסענעם קאפ, — אבער ס'איז שווער זיך דער־צו צו־צוגעוועהנען! כ'לעבען שווער... בפרט דא אין ארגענטינא, אזא פרייע פעלד, א נייע וועלט... אונזער חברה וועט דא מאכען געשעפט און נתעשר ווערען...

— . —

איך האב קוים דערלעבט דאס מיין פרוי זאל אויפשטעהן פון קינ־פעט און תיכף בין איך געגאנגען צו גערבל'ן און איהם געבעטען, דאס ער זאל מיך אויף לאנד שיקען. כ'האב שוין אויך געפונען א גורל־שכן, א יונגען מאן פון א יאהר צוואנציג, לייב ווילענסקי, מיט זיין אכצעהן יעהריגער ווייבעל, ראזע — אויך עלענטע, אהן קרובים אין לאנער און וועמעס ביידעל, איז געווען אין שכנות מיט מיין גאל־פאנטשיק. הערר ווילענסקי האט היינט ב"ה צעהן קינדער, פיעלע אויסגעגעבענע, איז אנ'ארענטליכער קאלאניסט און מיר זיינען ביז היינט די בעסטע פריינד פארבליבען. אינ'ם לויף פון דער דערצעה־לונג, וועט מיר נאך אויסקומען, א סך מאהל איהם צו דערמאנען.

איך האב ארויסגעצויגען דעם נומער 43, אי פיר מיר, אי פאר מיין שכן ווילענסקי און ס'איז בעשטימט געווארען, דאס מיר געהען אויפ'ן קאמפ.

22.

# די ערשטע טעג אויפ׳ן קאמפ.

אין א פרייטאג גאנץ פריה, איז צו מייןביידעל צוגעפאהרען א ״קארעטא״ און מיך, מיין פאמיליע, מיין בלעכענער שטוב, מיין קליין הינטעלע: גלינקא, מיט בכל, מכל, כל, אלעס ארויפגענומען. גערביל איז הערביי געשטאנען און מיר פארשפראכען, דאס מיט א פאאר טעג שפעטער, וועט יער אויך ווילענסקי׳ן אריבערפיהרען. דער וואגען האט גערוהרט און אויף א הייסבלוטיגען שווארצען פערד, האט פאראויס גאלאפירט דעם אינזשעניער׳ס א פעאן מיט׳ן פלאן אין האנד, אום אנצוצייגען דעם נומער לאנד.

א שעה רייזע האט געדויערט מיט׳ן וואגען געשפאנט צו צעהן פערד. לאנגזאם האבען זיך די רעדער געקייקעלט צעווישען די הויכע דערנער און גראזען, ביז מיר זיינען געקומען צום באשטימטען פלאטץ, וואו מען האט אונז אראפגעווארפען אויפ׳ן סטעפ: א פוסטע פעלד, באוואקסען מיט הויכע ווילדע גראזען מכל המינים. דער אנטרייבער האט מיט זיין בייטש אויסגעקנאלט און איז אוועק געפאהרען.

האבען מיר אנגעפאנגען צוזאמענלעגען אונזער בעל־הבית׳ישקייט: א זעקעלע גאליעטען, א קאפעטשקע צוקער, טהעע, א שטיק פלייש— דעם פראוויאנט וואס מען האט אונז פון דער אדמיניסטראציע מיטגעגעבען. דאן דעם רעמאנענט: א ריסקאל, א האק, א שטריק, אן עמער אויף וואסער, שוועבעלאך און קעראסען.

דערווייל איז אויך אנגעלאפען דעם אינזשענירערס ״פעאן״:

— קומט וועל איך אייך אנצייגען אייער לאנד! — ער האט פאנאנדערגעוויקעלט זיין פלאן און מיט׳ן פינגער געוויזען. — אט זעהט: גרופע נומער 43. טויזענד מעטר די לענג צו ״אעסטע״ — צום מערב־זייט. פינף־הונדערט די ברייט פון זיד צו נארד. — דאס שטעלט צוזאמען פופציג העקטאר. אט דאס איז אייער ערד! אדיע! — האט ער פארענדיגט. — די ״עסטאקאס״, דאס וועט איהר

שוין אליין געפינען: פלעקער פון רויטה־האלץ אויף וועלכע עס איז אויסגעברענט דער נומער 78 פון אייער לאטע: פארשטאנען הא? — און ניט אפווארטענדיג קיין ענטפער האט ער צולאזען זיין פלינקען פערד און איז פארשוואונדען.

— וואס זאגסטו אויף וואס פאר אן ארט מען האט אונז דאס לאנד איבערגעגעבען? האב איך צו מיין פרוי געזאגט. — איך הויב ניט אן וויסען וואס און ווען...

— א דאגה האסטו, — ענטפערט זי מיר. — מיר'ן שוין שפעטער אויסגעפינען די גרענעצען און זיך אויסלערנען די מלאכה, דערווייל לאמיר אויפשטעלען אונזער געצעלט און אנהאדעווען די קינדער. אט לאמיר עפעס טהאן און ניט זיצען לעדיג...

דאס ערשטע נויטווענדיגקייט וואס מיר האבען באלד דערפיהלט, איז געווען: וואסער. עסען האבען מיר זיך פערזארגט. אבער וועגען וואסער האבען מיר אפילו ניט געטראכט. וואו נעהמט מען וואסער? ארום און ארום, — פעלד און גראז. פוסט און לעער. הי־מעל און ערד. געהן ערגעץ זוכען א טייכעל, האבען מיר מורא געהאט פאר'ן ווילדען סקאט וואס האט זיך אין די טויזענדער שטיקלאך ארומגעדרעהט איבער'ן "קאמפ".

מיר האבען שוין א ביישפיעל געהאט פון יוסעל באלאטניקאוו. ווען מען עס האבען א הונדערט "שטיקלאך" ארומגערינגעלט אין מיט'ן פעלד, האבען געגרעוועט, געברומט, מיט די פיס די ערד גע־ווארפען און א דריי שעה איהם אין פלען געהאלטען. ער איז שיער ניט אויסגעגאנגען פאר שרעק, ווארפענדיג זיך אויף אלע זייטען, גוואלדעווענדיג און טרייבענדיג, וואס עס האט זיי נאך מעהר צו־רייצט. גליקליכערווייזע איז אנגעלאפען א רייטער, פאר וועלכען זיי האבען גרעסטענטהיילס מורא און האט זיי צעטריבען, באפרייענ־דיג דעם געפאנגענעם.

— א פעהלער האבען מיר געמאכט. מיר האבען געדארפט מיט־נעהמען א "דאמאכוואן" — א בוטעל מיט וואסער. — האט מיין פרוי באמערקט.

די נויטה איז דער בעסטער לעהרער און זי האט אונז אנגעוויזען דעם מיטעל. מיר האבען גענומען דעם ריסקאל און זיך געשטעלט גראבען די ווייכע ערד. וועקסלענדיג זיך מיט מיין פרוי, האבען מיר

מיט'ן שארפען רידעל, אויסגעגראבען אנ'אנדערטהאלבען מעטר די טיעף און באלד אנגעטראפען פריש־וואסער. היינט מוז מען שוין גראבען 10 און 15 מעטר די טיעף, אום צוצוקומען צו א וואסער־אדער. ווי גליקליך זיינען מיר געווען, באקומענדיג זיסע, גוטע וואסער! ס'איז נאך אמת געווען עטוואס לעהמיג, אבער בע'טעם'ט.

— ווי גליקליך! — האט מיין פרוי ענטציקט געזאגט. — אייגענע וואסער אויף אייגען לאנד און דורך אונזער אייגענער ארבייט בעקומען. אברהם: — האט זי זיך געווענדעט צו אונזער בכור, דעם אכט יאהריגען אינגעל, — מאך א ברכה און טרינק דאס זיסע וואסער!

— נאך מעהר דארפען מיר זיך פרעהען, וואס מיר האבען גע־פטר'ט די כאליאסטרע, דעם שמוץ, די פרויענהענדלער און די גנבים. — האב איך צוגעגעבען.

מיר האבען אויפגעגעסען א "גאליעט", פארטרונקען מיט דער געשמאקער וואסער און זיך פלייסיג גענומען אונזער געצעלט אויפ־צושטעלען. מיין אברהם און דאס מיידעלע רבקה, פון זעקס יאהר, האבען מיטגעהאלפען ארבייטען, דערלאנגענדיג אלעס צום האנד.

די נאכט איז אונטערגעפאלען און מיר האבען פון די בלעכען, קוים צוויי ווענט אויסגעפייעט אויפצושטעלען.

ס'איז שבת געווארען. מיין פרוי האט איהרע צוויי שבת־ליכט געבענשט און איך מיט מיין אינגעל, האבען אונטער גאט'ס גרויסען און ברייטען הימעל, מקבל שבת געווען.

אונזער פרייטאג־צו־נאכטיגע סעודה, איז נעבאך אן ארימע געווען. ווידער גאליעטען מיט וואסער. א שטיקעל פלייש קיין צייט ניט געהאט אפצוקאכען אדער אפצובראטען. אין דער האלבערביידעל, האבען מיר די קינדער שלאפען געלעגט און אליין זיך אין דרויסען אויף א קעסטעל אנידערגעזעצט און גענומען פלאנעווען, ווי אונזער נייע היים איינצואָרדענען.

די לבנה איז פון די "זשוזשעס" ארויסגעקראכען און אין א ציר־קעל געשוואומען אנטקעגען אונז. איך האב דער נאכט הערשערין אין פנים ארייגעקוקט און מיר האט זיך געדאכט, דאס זי שמייכעלט צו אונז ביידען... זי איז הפנים צופריעדען געווען, מיט מענשען צו פארברייננגען אינ'ם פוסטען פעלד, וואו זי בלאנזשעט ארום

טויזענדער יאהרען און זעהט פאר זיך ניט קיין פריינדליכען געזיכט...

ס'האט זיך געהערט דאס קוואקען פון זשאבעס, — א סימן איז ניט ווייט איז אנ'אזערע פאראן... א פאאר סאוועס זיינען אנגעפלויגען און האבען זיך הפנים פארוואונדערט, דערזעהענדיג אומגעריכטע געסט. זיי האבען עטליכע הקפות געמאכט ארום אונזער געצעלט און אויף זייער לשון, געגרילצט אין די אויערן. האבען זיי געשאלטען געבענטשט? ווער ווייסט עס. ענדליך זיינען זיי מיעד געווארען, האבען אויף אונז אנגעשטעלט זייערע געל-מעטאלענע, קיילעכדיגע אויגען, אונז צולעצט פארגלעזערט אנגעקוקט און לסוף זיך אוועקגעטראגען הינטער דער לבנה.

מיר זיינען פערבליבען אליין. גאנץ אליין אין דער מוטער-נאכט, צעווישען די ששת ימי בראשית'דיגע גראזען, וואס די פוס פון א ווייסען מענשען האט נאך געוויס ניט באטראטען... אליין איז געהיימניספולען פאמפא-מדבר: — אבער די האפנונג וואס באגלייט אימער דעם מענשען אין זיין שווערען לעבענס-וועג, האט אונז דאן אויך ניט פארלאזען און האט אונז איינגעפליסטערט זיסע טרוימען איבער א גליקליכער צוקונפט.

זיינען מיר געזעסען און פראיעקטען געפלאכטען: פלענער געמאכט ווי די שטוב צו פארפוטצען, א גארטען זעצען, א סאד און א גאנצען וואלד פלאנצען. האדעווען בהמות און עופות און ענדליך ווערען רייך, שטיין רייך, אריבערברענגען די עלטערן פון רוסלאנד און פון גאליציע, קינדער אויפציהען און פאר לייט מאכען, און... און...

לאנג האבען מיר געשמועסט, ביז ס'איז געווארען שפעט ביי נאכט און ווען מיר האבען ערוואכט פון אונזערע חלומות אן זיך ארומגעקוקט, האבען מיר זיך איבערראשט אויפגעשטעלט און מיין פרוי, צוטולענדיג זיך צו מיר, האט מיט ענטציקונג און עהרפורכט שטיל געפליסטערט.

— ווי שעהן די נאטור איז! ווי גראסארטיג ס'איז רונד-ארום: אך, ווי זעלטען שעהן!

ארום, אין דער אונענדליכער ווייטקייט, אויף וויפיעל דאס אויג האט פארכאפט, האבען געשעמערירט עלעקטרישע פונקען: ליכטלאך האבען אויפגעפלאמט און צווישען די גראזען געצאנקט... אויף

דער ערד איז צושאָטן געווען, גין־גאָלדענע פליטערלאַך. אַ שטילער מורמלען האָט זיך געטראָגן פון צווישן די גראָזן. אַ לייכט ווינ־טעלע האָט די קעפּלאַך פון די אייביגע גרוויקסע, איינס צום אנדערן צוגעבויגן און זיי האָבן זיך שטיל גע׳סוד׳עט: — הפנים פון ליעבע גערעדט... איך קען שווערען, דאָס מיר האָבן אליין געהערט, ווי די נאַטור זעלבסט האָט צו אונז גערעדט און אונז איבערגעגעבן די אונשטערבליכקייט פון איהר גרויסער מיסטעריע...

מיר זיינען ביז צום העכסטען באַגייסטערט געוואָרען. די מורא איז פון אונז פארשוואונדען און מיר האָבן זיך געפיהלט זיכער, אונטער דער שוץ פון גאָטס גרויסקייט און אין דער נאָהענטקייט פון נאַטורס רייכטהימער...

קיין חיות רעות זיינען אין געגענד ניט געווען, — דאָס האָבען מיר געוואוסט. די אינדיאַנער וואָס האָבען זיך אַמאָהל דאַ אויפגע־האַלטען, זיינען שוין לאַנג פארטריבען געוואָרען, העט־העט, גאַנץ ווייט און פיהלענדיג זיך זיכער, ווען זאַגאר איינזאַם, האָבען מיר אַפּאָאַר בלעכען אוועקגעלעגט קווער, ביי דער זייט פוןביידעל און מיט צופרידענהייט איינגעשלאָפען די ערשטע נאַכט אויף אונזער ערד.

שבת פריה. פייער טהאָר מען ניט מאַכען. די פרוי מיינע זויגט אַ פיצעל קינד, זי דאַרף נויטהיג אַ גלאָז טהעע און כ׳האָב געוואָלט מתיר זיין מיין אברהם׳ן, דאָס ער זאָל פייער מאַכען: אָבער מיין פרוי, אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע, האָט עס ניט דערלאָזט.

— מיר טהאָרען ניט ווייזען די קינדער קיין וועג מחלל־שבת צו זיין! — האָט זי געפּאָדערט.

אָבער יעצט האָבען די קינדער אליין אַ היתר אויסגעפונען: און נאָך וואָס פאַר אַ היתר; אויף כל התורה כולה...

דאַמאָלסט האָבען מיר דעם טאָג אָפּגעפּאַסט, די קינדער איינגע־ווייקטע גאַליעטען מיט שווארצליכען זאַמד־צוקער באַשאָטען און מיר האָבען זיך געשפּייזט מיט גאָלדענע חלומות... דערפאַר אָבער מוצאי־שבת, האָבען מיר פון אַ פּאָאַר קילאָס פלייש אַ בראָטען גע־מאַכט, געגעסען פעט־פלייש און פערטרונקען מיט זיסער טהעע.

זונטאָג האָבען מיר זיך גענומען צו דער ארבייט. די דריקלאַך פון דער ביידעל זיינען געווען צוגעמאָסטענע, צוגעפּאַסטע און צוגעשני־

טענע; שרויפען און טשוועקעס לרוב אזוי, אז גיך איז אונזער בלע־בענע הייזקע פערטיג געווארען. דעם צינקענעם עמער׳ל צוגעבונדען צו א שטריק און אויך צורעכט געמאכט דעם ברונעם דאס מ׳זאל קענען וואסער שעפען. אט אויף אזא אופן זיינען מיר צו מזל בעלי־בתים געווארען.

פון [illegible]

23.

## אומזיסטע שרעק פאר נוצליכע, רוהיגע חיות.

אויפ'ן דריטען טאג, האבען מיר ארום שטוב אפגעשאבען א גרוי־סען פלאטץ, אפגערייניגט די דערנער און גראזען און אויסגעבויעט אן ערדערנעם אויוועז. דאמאלסט האבען מיר זיך ארומגעזעהן, אז עס וועט אונז פעהלען הייצונג.

— מען דארף געהן קלויבען קיזיק. קיין ווילדען סקאט זעהט מען ניט, איז ניטא וואס מורא צו האבען.

— נעהם מיט גלינקא'ן! — האט מיר מיין פרוי אנ'עצה געגע־בען. איך האב גענומען א זאק, גערופען מיין הינטעל, וואס איז גע־ווען א נאמען נאכ'ן קאמענעצער געבערנאטער און זיך געלאזען אין פעלד אריין.

אפגעהענדיג א שטיק־וועג, האב איך זיך בעטראכט, דאס מען דארף אפט זיך אומקוקען אויף הינטען, אום ניט צו פארבלאנדזשען אינם וואלד גראזען. אויף א מרחק פון עטליכע הונדערט מעטר, האבענדיג אנגעקלויבען דאס מין... נעהם איך מיר דעם פולען זאק אויף די פלייצעס און וויל זיך לאזען געהן א היים: אבער ווענדענ־דיג מיין בליק אין ריכטונג צו מיין הייזקע, דוכט זיך מיר, דאס א מענש שטעהט אויפ'ן דאך. וואס זאל עס זיין? בלויז א מיראזש? איז עס די קראפט פון כח הדמיון, וואס בלענדעט מיר די ראיה? א פחד האט מיך באהערשט. זיינען דארט חלילה גאאוטשאס אי־בערגעפאלען מיין פרוי מיט די קינדער? פיללייכט בלאנקען נאך ארום מענשעפרעסער אינ'ם געגענד?

איך שליידער אוועק דעם זאק און לאז מיך לויפען צווישען בור־דיאן. וואס איך דערנעהענטער זיך, אלץ דייטליכער זעה איך דארט די מענשליכע פיגור: אבער די שארפע זונען שטראהלען וואס פינקלען פונקט אנטקעגען, הינדערען מיך די פערזאן צו דערקענען.

— שנעל "גלינקא" — רעד איך צום הינטעל, אום אזוי זיך מוטה צו שאפען. — קום לאמיר לויפען, עפעס איז דארט געשעהן.

איינגעטונקענע אין שוויס, צעשמיסענע ביז בלוט פון די בוריאַ־
נעס און גראָזן וואָס האָבן מיר איבערן געזיכט געצוויקט, ביז איך
מיט אימפּעט און שרעק געלאָפן... איך דערקען שוין די פּערזאָן:
מיין פרוי מיט'ן אינגל, שטעהן אויפ'ן פלאַכן דרעמל און קוקן
עפּעס ווייט פאַראיבער אין די גראָזן. שרייען, האָב איך מורא גע־
האַט, ווייל ווער ווייסט וואָס דאָרט קומט פאָר. און איך מיט מיינע
קולות קען נאָך פאַרגרעסערן די געפאַהר... לויף איך נאָך האַסטי־
גער. אָבער "גלינקאַ" האָט אַנגעהויבן האַווקען: מיין פרוי האָט
מיך דערזעהן און מיט'ן האַנד האָט זי מיר אָנגעצייגט: דאָס איך
זאָל זיך פאַרנעהמען לינקס און ניט געהן אין דער זייט וואוהין זי
די פרוי מיינע — קוקט.

אין אייניגע מינוט אַרום, בין איך אויך אויפ'ן דאָך געשטאַנען.
מיין פרוי, אַ בלאַסע, אַ דערשראָקענע צייגט מיר, דאָס דאָרט דרעהט
זיך אַרום עפּעס אַ משונה'דיגע חיה, מיט אַ לאַנגען האַלדז
און דערציילט מיר, דאָס די בריאה איז אָקאָרשט געווען נאָהענט
פון הייזל, האָט זי פאַר מורא גוט פאַריגעלט די טהיר און אַרויפ־
געקלעטערט אויפ'ן דאָך.

— זעה נאָר, זעה נאָר! דאָרט איז עס! — ציהט מיך ביים האַנד
מיין איבערראַשטע פרוי.

"גלינקאַ" האָט דער חיה דערפיהלט און זיך געוואָרפען אויף איהר
סליאַד און איהר צופּוזשעט. ערשט דאַן האָב איך דערזעהן אַ פויגעל
גרויס ווי אַ קאַלב, מיט גרוי־ווייסליכע פעדערן, אַ פּאָאַר שוואַרצע
הויכע און פעסטע פיס, מיט אַ אומגעלומפּערטען לאַנגען האַלדז.

— דאָס איז דאָך אַ שטרויס־פויגעל! — האָב איך איהר באַ־
רוהיגט. אומזיסטיגע שרעק געווען.

שפּעטער פלעגען מיר פאַנגען די יונגע שטרויסען אקוראַט ווי די
גרויסע "גאַמאַס" — די הירשען און צוזאַמען מיט זייער קליינוואַרג,
זיי צוגעוועהנען צום שטוב און זיי פאַרוואַנדלען אין נוצליכע
הויז־טהיערע.

אויפ'ן דריטען טאָג נאָך דער פריהערדיגער פּאַסירונג, האָט אַ
וואָגען געבראַכט מיין גורל־שכן, ווילענסקי'ן מיט זיין פרוי.

אונזער שמחה איז געוואָרען אַנ'אונבעשרייבליכע, מיר זיינען שוין
מעהר ניט געווען איינזאַם.

און פון דיזען מאמענט, הויבט זיך אן אונזער שאפען, בויען און פלאנצען, די לאנדווירטשאפטליכע איינארדענונג אין אונזער בייער היים.

## 24.

# מיין ערשטע „מולא״ און די ערשטע קוה.

אז מיר האָבען מיין שכן׳ס שטוב צונויפגעשטעלט, בין איך מיט
איהם צופוס אוועק אין דער אַדמיניסטראַציע. מיר האָבען זיך
אַדורכגע׳גנב׳ט דורך די סטאַדעס ווילדע פיה און בשלום
אהינצו אנגעקומען. מיר האבען זיך צו די אַדמיניסטראַדאָרען מיט
א בקשה געווענדעט, דאס זיי זאָלען אונז געבען רעמאַנענט אום
צו קענען אַקערן און זעען און פערד צום רייטען: ווייל אָהן א פערד
איז אין ״קאַמפּ״ אונמעגליך דורכצוקומען.

דער הערר וואולף האָט שטיל זיך בעראטהען מיט גערבל׳ן און
באַלד עפּעס באַפוילען דאָן כוליאָ׳ן. וועלכער איז שנעל אַוועקגע־
ריטען און גיך געבראַכט א מוילאייזעל — ״מולאַ״ און איין פערד.

— איך זעה אַן אַייך, — האָט דער אַדמיניסטראַטער
שמייכלענד געזאָגט. — דאָס איהר זיינט פון צו הויז ניט פון די
גרויסע רייטער... דארום וועל איך אייך געבען א שפּאַנישען זאַטעל
מיט דער דאָזיגער צאַהמער געלער ״מולאַ״ און אייער ״אַמיגאַ״
ווילענסקי, וואָס שיינט אַ געשיקטער יונג צו זיין, וועל איך דער־
ווייל געבען דעם ברוינעם ״פּאַטראַ״, אָבער אָהן א זאָטעל. שפּעטער
וועט ער אויך ד א ס באַקומען.

א גאַנצע מענגע, מענער, פרויען און קינדער, זיינען זיך פון לאַ־
גער אַנגעלאָפען, כדי צו זעהן ווי די ע ר ש ט ע ק א ל אַ נ י ס ט ע ן.—
אזוי האט מען אונז און די ברידער קיילעס אנגערופען: — וועלען
זיך זעצען אויף די פערד. ווילענסקי איז טאַקע געווען א גוטער ריי־
טער נאך פון דער היים אויס: ער האט פלינק זיך אויפגעזעצט
אויפ׳ן יונגען, פרעהליכען פערדעל און הגם ער האט תחילת גע־
טאַנצט, זיך געוואָרפען און די ביישטעהענדע האָבען אלע אָפּגע־
וואַרט צו זעהן, ווי ער שליידערט איהם אַרונטער. — דאך האבען
זיי אזא שמחה זיך ניט דערוואַרט. ווילענסקי האט דאס פערד באַ־
הערשט, די לייצעס פעסט געהאַלטען און מיט׳ן אייזערנעם מו־

שטוק, איהם צוערשט דאָס מויל צובלוטיגט, ביז דער "פּאַמרא" האָט זיך אונטערגעגעבען. דאַגעגען איז מיין געלע "מולא" געווען אַ רוהיגע, שטילע בהמה... האט מיט מיר אַ פּאָאר הקפות געמאַכט, זיך אויסגעהירזשעט און דערמיט, ווייזט אויס, אַנערקענט מיין אויטאָריטעט. מיר אַוועקטראַגענדיג געדולדיג.

די לאַגער אידען, האָבען אַפּגעשפּאַט פון׳ם גאַנצען געשעפט. קאַביץ מיט זיין חבריא, האָבען אונז באַדויערט, באַמערקענדיג:

— מען האָט געדאַרפט וואַרטען אויף גאָלדשמיעד׳ן און ניט נעהמען אויף זיך אַזוי איילענד דעם שקלאַפען יאָך.

מיר האָבען אונזערס געטהאָן און רייטענדיג אַ היים געקומען.

— זעה נאָר ראָזע: — האָט מיין שכן אַנקומענדיג, פון וויטען געשריען. — זעה נאָר מיין "מישאַק". — אַזוי האָט ער זיין "ברוינעם" מיט אַ נאָמען געבענטשט.

די פרויען און קינדער זיינען מלא שמחה געווארען, דערזעהענדיג דאָס פערד מיט׳ן מולאַייזעל.

— אהא! מיר וועלען טאַקע קאָלאָניסטען אויף אַן׳אמת! — האָבען זיי פרעהליך אויסגעשריען.

צו אַלעם ערשט, האָבען זיך די פרויען און קינדער גענומען לעהרנען רייטען. די גוטע, אַלטע, רוהיגע "מולא", איז אַ געטרייע לעהרערין געווען. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד, האָט זיך אַלע מאָהל אַנאַנדער פרוי ארויפגעזעצט אויפ׳ן ווייכען זאָטעל און איינער פון אונז, פלעגט זי אויפ׳ן "מישאַק" באַגלייטען. אַזוי איז מען אַרומגעריטען. איבערן סטעפּ, געזוכט עהער פון פויגעל און באַטראַכט די פיה, וואָס האָבען זיך אין די אַלפּים געפּאַשעט אויפ׳ן פעלד.

שפּעטער זיינען די פרויען אויסגעצייכענטע רייטערינס געווארען און אונז דערמיט פיעל נוצען געבראַכט. מיר פלעגען אַרבייטען אין פעלד מיט׳ן פלוג און זיי זיינען געפאָהרען אין קלייט און געבראַכט די נויטהיגע שפּייז. נאָר דערפון וועל איך נאָך ריידען.

האָבענדיג "פערד", האָט זיך שוין אויך געגלוסט אַ קיה צו באַקומען. — אַביסעל מילך פאַר די קינדער.

— אַזוי פיעל קיה מיט קעלבלאַך דרעהען זיך אַרום איבערן קאַמפּ! — טענה׳ן די פרויען, — איהר האָט שטריק, טאַ כאַפּט אַ קוה, וועלען מיר זי צאַהמען און מילך האָבען.

מיר האבען פון א שטריק א ״לאסא״ געמאכט, זיך געזעצט אויף די פערד און זיך געלאזט אויפ׳ן געיעג.

אויפן גרענעץ פון אליסע מיט אלגאראבא, האט זיך דאמאלסט געפונען א גרויסער און היבשער וואלד. קיינער ווייסט ניט באשטימט ווער ס׳האט איהם געפלאנצט, וייל סעניאר רעמעלא פראנקא, דער ערשטער ווירטה פונ׳ם לאנד פארזיכערט, דאס זיינע עלטערן וואס האבען דארט כסדר געקעמפפט מיט די אינדיאנער, האבען שוין דעם וואלד געטראפען פונקט אזוי צעוואקסען און געדיכט ווי ער איז איצט געווען. שפעטער איז דער דאזיגער וואלד נאכ׳ן גורל, אריינגעפאלען צו אונזער שוחט יצחק קרעלל און ער האט פון זיין שעהנקייט און עלטער א תל געמאכט. מיט׳ן אידישען מסחר־גייסט און שוחט׳ישער תמימות, האט ער פונ׳ם אורוואלד ביז צום לעצטען בוים אויסגעהאקט און פארקויפט... אט צו יענעם וואלד זיינען מיר צוגעריטען.

אונטער׳ן שאטען פון די בוימער מיט די גרינע צווייגען, וועלכע זיינען אריבערגעהאנגען איבער א שמאל טייכעל, וואס איז באוואקסען געווען מיט טשעראט אדער קאמיש, האבען זיך געפאשעט א סך קיה מיט קעלבלאך. נארוואס געבוירענע קעלבעלאך, זיינען געלעגען נעבען די קוסטעס, פינטלענדיג אנטקעגען דער זון. מיט זייערע תם׳עוואטע, פארטרעהרענטע אויגעלאך. ווילענסקי, אלס דארפס־מאן, איז ענטציקט געווארען פון סקאט.

— זעהט נאר, אט יענע ראבע קוה! — זאגט ער ענטוזיאסטיש: — אן עכטע האלענדער און דארט זיינען שווייצארסקע קיה, ביי אונז אין אוקראינע האט א יעדע דעם ווערטה פון צווייהונדערט רובעל.

לאנגזאם זיינען מיר ארום וואלד געריטען און אלעס בעטראכט. יעדער קוה האט אויף די העהרנער געהאט אנ׳אויסגעברענטען נומער: — ״געוויים פון רייז בלוטיגער ראסע״ — האבען מיר געטראכט.

מיר האבען פלענער געמאכט ווי־אזוי איינער פון די ״פינא״ קיה צו פאנגען.

— אט־א־דא! — זאגט צו מיר מיין קאמעראד גאנץ שטיל: — איהר זעהט דא די צעצווייגטע ווערבע וואס איז אנגעבויגען ביז

צו דער ערד? פאהרט נאר צו נעהענטער!

בלייז שנעל, איז ער פונ'ם פערד אראפגעשפרונגען, צווישען די צווייגען געכאפט א קליין קעלבעלע און דאס אריבערגעלעגט איבער מיין זאטעל און באפוילען: "פאהרט און האלט זיך נאר פעסט!" אליין איז ער שוין ווידער אויפ'ן "מישאק" געזעסען.

דאס קעלבעלע האט יאמערליך געמעקעט און א יונגע קאשטאנעקוה, האט עס דערהערט און זיך ווילד געלאזט לויפען, אום מיך דורס צו זיין און איהר "קינד" צו פארטהיידיגען... ווילענסקי איז אבער פלינק צוגעשפרונגען מיט זיין פערד און מיט'ן שטילכען פון דעם אראפניק, דערלאנגט א מעכטיגען זעץ דער קוה צעווישען די העהרנער: די קוה איז אפגעלאפען אן א זייט, האט גערעוועט און בען מיט די קלויען די ערד געפארפעלט. איך האב דערווייל אפגעריעטען א היבשע שטרעקע. דאס קעלבעל איז זיך געלעגען קווער איבער'ן זאטעל און אונאויפהערליך געמעקעט און די קוה האט עטליכע מאהל זיך געווארפען אויף דער "מולא". זוכענדיג מיט די העהרנער איהר דורכצולעכערען: אבער שטענדיג איז זי אפגעטראטען פאר דער "רעווענקא" פון מיין שכן, וואס האט מיך באוואכט. אזוי זיינען מיר געקומען א היים, באגלייט מיט דער משונה־דיגער רעווערייי פון דער בהמה און פאמעלאך האבען מיר זי אויך אריינגענארט אין "קאראל". — וואס מיר האבען נאך פון פריהער פארטיג געהאט, ארומצוימענדיג מיט סלופעס א שטיק פלאץ. דארט האבען מיר אויף איהר די לאסע פארווארפען. איהר אויף דער ערד אנידערגעלעגט, אפגעזעגען די שפיצען פון איהרע העהרנער, אום זי זאל ניט קענען דורכלעכערען, אינפאלס זי וועט אימעצען שטעכען און טאקע ליגענדיגערהייד, איהר שוין אויך אויסגעמאלקען.

שפעטער האבען מיר נאך א פאר קיה געפאנגען. אייניגע האבען זיך איינגעגעבען: אנדערע האבען מחמת ווילדקייט פשוט געקראפירט, אדער פלעגען זיך פארפלאנטערען אין די שטריק און דערווארגען ווערען. די אלטע "מולא" פלעגט שוין מוזען מיט אלע כחות אוועקשלעפען די פגירות ביז דער אזערע, אום די לופט ניט צו פארפעסטען און בכדי די אדמיניסטראציע זאל זיך ניט דערוויסען.... צעהנדליגע בהמות זענען אזוי קאפוט געגאנגען אין די

הענד פון די ערשטע קאָלאָניסטען.

אויף אזא אופן, מיט מסירות נפש און שווערער מיה, איז אונז געלונגען אויסצואָנסירען צו צוויי קיה פון די בעסטע, מילך און פוטער, איז געווען לרוב.

25.

## די אקסען און אונזער „דיאדקא".

אונזער גאנצער אידעאל איז דאמאלסט געווען: „ווערען א קאלא־ניסט", און דערצו האבען מיר טאקע געשטרעבט מיט אלע כוחות.

האט אונז דאס גליק צוגעשפיעלט. עפעס א פרישער ווינטעל האט געוויהעט אין דער אדמיניסטראציע. בשעת מיר זיינען אראפ־געקומען בעטען פלוגעס און אקסען וועגען לאנד־ארבייט, האט מען אונז תיכף געגעבען צו צוויי אקסען אויף א משפחה. מיר איינעם א שווארצען און איינעם א ווייסען. א „נעגרא" און „פאלאמא" און מיין שכן: א ראבען, „פיקאסא" און דעם צווייטען, א טונקעל־ברוי־נעם, וועלכען ער האט א נאמען געגעבען „טשאווטשא". ביידע פארלאך זיינען צוזאמענגעבונדען געווען מיט נייע גראבע שטריק. דערצו אויך צוויי קליינע איין־לעמישנע האנד־פלוגלאך, מיט די נויטהיגע מכשירים צו דער ארבייט; דהיינו: א הילצערנעם „זשוג"; „קאזשונטאס" אדער רימענעס, אמת ווייכע ווי רצועות, אויסגע־גארבערטע מיט חלב; א לאנגע „פיקאנא" מיט א פארשארפטען טשוואק, אום אנצוטרייבען די אקסען; אנ'אוייער שטריקעל פאר'ן „רעכטען" אקס... פרעהליך, בלויז אונטערן באדויערענס בליק און קנאה פון די לאגער אידען, זיינען מיר מיט'ן דאזיגען אגריקולטור־רכוש א היים געגאנגען.

אונזערע פרויען, די קאלאניסטקעס, האבען תענוג געשעפט פון די צונויפגעבונדענע אקסען, וואס האבען זיך רוהיג געפאשעט נעבען די הייזקעס. אם־מיינסטען איז זיי געפעלען געווען דער „פאלאמא". — ווייס ווי שנעע און גוט, ליעבליך ווי א טויב. אפשר דערפאר האט מען איהם באקרוינט מיט'ן נאמען „פאלא־מא" — טויב. די ווייבער האבען איהם געגלעט, געלאסטשעט און צו איהם גערעדט, און די קינדער האבען זיך געצאצקעט מיט די בליאסקענדע שטאהלענע לעמישעס פון די פלוגלאך און זיך גע־שפיגעלט אין זייער מעטאלענעם גלאנץ.

צומארגענס, נאך איידער די זון האט זיך פון צעווישען די קאַ־מיש־גראַזען ארויסגעפּלאָנטערט, ווען די טהוי האָט נאָך געטריעפט איבער׳ן קאָפּ; איז צו אונזערע הייזקעס צוגעפאָהרען א רייטער, דער אַלטער מ ו ר ע ט א, דער מחנך, וואס די אדמיניסטראַציע האט באדונגען די רעקרוטען־קאָלאָניסטען צו לערנען אקערן...

אויפ׳ן "דיאַדקעס" באָרד, האָבען ווי די פּליטערלאַך, טראָפּענס־טהוי געפינקעלט: א זיסער שמייכעל האָט זיך איבער זיין צעפּאַלבּ־טען ברוינעם פנים צעגאסען, בשעת זיינע דינע ליפּען האבען מיט גוטמוטהיגער ליעבליכקייט אונז באגריסט מיט א "בוען דיאַ".

— דער רבי איז געקומען אונז דאָס ערשטע מאָל אַנצוטוהן די תפילין! — האט מיין שכן זיך געוויצעלט.

א חדוה האָט אונז אַרומגעכאַפּט, דאָס האַרץ האָט זיך ווי אין האָניג געגליטשט... יעפּעס א קליינינקייט! מיר הויבען זיך אָן לעהרנען: ה ל כ ו ת ע ב ו ד ת ה א ד מ ה!

צוזאמען מיט׳ן "דיאַדקאַ" האבען מיר "מאַטע" געטרונקען און זיך פליסיג צוגעקוקט ווי דער אַלטער קרעאָל בינדט־צו די רצועות אויפ׳ן זשוג און מאַכט די הכנות צום סדר... די אָקסען האָט מען אין "קאָראַל" פּאַרטריבען און דאָן מורעטאָ האָט אונז געגעבען די ערשטע לעקציע אין הלכות ז ש ו ג ע ו ו ע ן אקסען. געדולדיג און פּאַמעלאַך האט ער אונז געוויזען ווי צו מאַכען דער קשר: וויפיעל מאָהל מען ברויכט די רצועה ארומוויקלען אַרום רעכטען האָרן און וויפיעל אַרום לינקען. צוערשט דעם אָקס רעכטס, נאָכהער דעם צורקאַ־אָקס — לינקס. ווי מ׳דאַרף צוטשעפּען דעם פּלוג, אָנבינדען דאָס אויערל־שטריקעל, במקום וואשקע; ווי צו נעהמען דעם מלמד הבקר — די "פּיקאַנאַ" אין דער רעכטער האַנד, די וואשקע אין דער לינקער, א שטורך געבען דעם אָקס אין דער בראַזנע — "צורקע", און זאָגען די ברכה:

— "וואַמאָס"! — געגאַנגען!

אַלע זיינען מיר געגאַנגען, אפילו די דריי־יעהריגע נאַניע, האָט אויך נאָכגעפּויזעט נאָכ׳ן פּלוג, וואס האט זיך איבער די גראַזען געגליטשט ווי אויף שנעע.

ווער איז דען אימשטאַנד אונזער פרייד אָפּצומאָלען, ווען נאָכדעם ווי דער "דיאַדקאַ" האט א פּאָאַר "וואָלטעס" געמאַכט, האָב איך

מיט ווילענסקי'ן ביי איהם דעם פּלוג איבערגענומען און מיר האָ־בען אַליין די ערד געעפענט? מיר האבען די "טיעררא ווירכען" — די קרקע בתולה, דאָס אונבאַריהרטע ערד, וואָס קיין מענשליכע האַנד האָט נאָך ניט בעאַרבייט, — אַליין געאַקערט,! שוואַרצע, לאַנגע פּאַ־סען פון איבערגעקערטע סקיבעס, האבען זיך אויסגעלעגט אין אַ גליי־כער ליניע און פּאַרדעקט די ששת ימי בראשית'דיגע גראָזען. אַ פרי־שער דופט, אַ ריח שדה, האָט אָנגעפיהלט די לופט.

— קע בוענאָס מוטשאַטשאָס! — וואָס פאַר אַ וואוילע יונגען; האָט דער קרעאַל אונז אַ קאָמפּלימענט געמאַכט.

— מאַכט כאַטש אַ ברכה, גוים וואָס איהר זיינט! — האָט מיין פרוי געזאָגט און פריידען־טרעהרען האבען איהרע אויגען אָנגעפילט.

— ריכטיג, יעיי באַגו פאַרגעסען! — פאַרענטפערט זיך דער נאַאיווער ווילענסקי. — מ'דאַרף מאַכען: "בורא פרי האדמה" מיט אַ "שהחיינו" דערצו...

— גאָטעניו, זאָל זיין אין אַ גוטער, אין אַ מזל'דיגער שעה! מיר זאָלען שוין דאַ האבען אַ ז י כ ע ר ע היים און מעהר ניט וויסען פון קיין פּאָגראָם! — האָט די צאַרטע פרוי ווילענסקי מיט אַנדאַכט גע־זאָגט, איופהויבענדיג איהרע אויגען צום הימעל.

אַ הייליגער עקסטאַז האָט אונז באַהערשט און אַ ציטער איז דורך אונזערע גליעדער, ווי אַ עלעקטרישער שטראָם אדורכ־געפלאָסען, און פון אַלעמענס ליפּען האָט הויך און ספּאָנטאַניש אָפּגעקלונגען אַז "אָמן!"

דער שוויים האָט פון אונז געגאָסען, ווען מיר האבען מיט'ן פּלוג פאַרענדיגט די אַכט "וואַלטעס" איבער אַ בעדייטענדע שטיק פעלד. די פרויען זיינען באַרוועפע נאָכגעגאַנגען אין דער מעזשע און האבען זיך געוויצעלט:

— אַ שעהנע סאָמעטענע סטענגע טוען זיי אָן אונזער נייער היים: — האָט איינע באַמערקט.

— און ווי האַרציג דאָס פּאַסט־איהר! — האָט די צווייטע איהר פרעהליך אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין.

זיי האָבען פון פרישע ווייכע ערד קייקעלאַך געמאַכט און מיט אַ מין באַוואוסטזיניגען טריאומף, עס אויף אונז געוואָרפען אויסדריקענ־דיג דערביי אַזאַ מיענע, ווי זיי וואָלטען געזאָגט: "נאָט העלדען, קאַ־



בזעת אפיך תאכל לחם! — דער היגער אָקסען־געשפּאַן.

לאַניסטען אונזערע! איהר האָט די שלאַכט העלדיש געוואונען!"...

דער "דיאַדקאַ" האָט אָפּגעגעסען מיטאָג, אָנגעזאַטעלט זייז "פאַנגאַרעע" און זיך שמייכלענדיג געזעגענט מיט אונז:

— בוענאָ מוטשאַטשאָס, האַסטאַ מאַניאַנאַ! — ער איז זיך אַוועקגעריטען מיט דער פאַרשפּרעכונג מאָרגען ווידער צו קומען.

26.

## אונזערע טראַנספּאָרט מיטלען.

א ליכטיגע וועלט האט זיך אנגעהויבען ביי אונז. ס'איז גענוג ארבייט און חשק צו ארבייטען... און די אקסען האבען אונז דאס לעבען פארגרינגערט.

פריהער, אז מען האט געדאַרפט פון אַלגאַראַבאַ ברייגגען היי־צונג אָדער פּראָוויאַנט, איז מען רייטענדיג געפאָהרען. די פרוי האָט זיך אויפ'ן מוילאייזעל געזעצט און דאָס זויג־קינד אין אַ דעקע אויפ־געהאַנגען אויפ'ן האַלדז, ווי אַ ציגאַנקע. פון ביידע זייטען זאָטעל זיינען נאָכגעהאַנגען "מאַלעטאַס", אָדער סאַקוועס, וואוהין מ'האָט אריינגעלעגט די גאַליעטען, צוקער, קעראָסען און איינער פון די מענער, איז געריטען אויפ'ן הוילען רוקען פונ'ם פערד, פיהרענדיג די איבעריגע אַרטיקלען: פלייש, קובעבע... מיט די אָקסען איז אָבער שוין גאָר עפּעס אַנדערש!

פון אַ פּאאר בלעכען האבען מיר א שליטען געמאכט: ארויפגעזעצט די פרוי מיט די קינדער, צוגעשפּאַנט די אקסען און היידאַ! — גלייך צום אַלמאַסען צו! די גראַזען האבען זיך אונטערן שליטען געלעגט ווי שנעע און מיר האָבען זיך געשליטעלט — פשוט אַ מחיה...

אויב אפילו די אקסען האבען אפטמאל א נעהם געטהאן אן אַ זייט, אָדער דער שליטען פלעגט זיך אַן אַ גראָבען בוריאַן פאַרטשעפּען און אונז אַלעמען אויסשיטען, איז אויך קיין אומגליק ניט געווען; מען האָט זיך פרעהלאַך צעלאַכט און צוריק אויפ'ן בלעך אַרויפגעקראָכען.

באַזונדערס אינטערעסאַנט איז געווען, בעת מיר זיינען צום ערשטען מאָהל מיט אונזער "סאַניטשקע", געשפּאַנט צו מיין "ניעגראַ" און "פּאַלאָמאַ", אין אַדמיניסטראַציע אָנגעקומען. אַלע זיינען מיר געווען בעשאָטען מיט אַ וויים־געלבליכען שטויב — די גראָז־זוימען וואָס דער שליטען האָט צעריבען און דער ווינט האָט אויף אונז אַרויפגעבלאָזען.

— א זאווערוכע! א זאווערוכע! וואו האט איהר געפאקט אזא רוסישען שנעע־שטורם? — האבען די לאגער־אידען פון אונז חוזק געמאכט.

— איהר קומט פון סיביר? האט מיר סארקאסטיש געפרעגט דער יאבעטניק קאביץ: — איז פאר וואס־זשע האט איהר ניט איינגע־שפאנט אין דער סאניטשקע א פאאר הינט, פון דעם באראן'ס משרתים?

— ווארטס, ווארטס, אלטיטשקער! — האט איהם דער יונגער ווילענסקי אפגעענטפערט. — מיר ווען נאך דא פאהרען אין איי־גענע פייטאנען, מיט פיער שפאגעס נאשפיץ...

— נישט ביי זייער לעבען! — האט בעז ערווידערט דער הייסגע־באדענער קאביץ, אנווייזענדיג אויף ביידע אדמיניסטראדארען, וועלכע זיינען געשטאנען אין טהיר.

די "פעאנען", די טאגלויהנער פון דער אדמיניסטראציע, די בני דאן, איז דער איינפאל מיט'ן שליטען שטארק געפעהלען:

— בוען קאטשעסיטא! אנאויסגעצייכענטער קאטש: — האט אויך דער אדמיניסטראטאר וואולף לאכענדיג באמערקט. — איהר וועט מיט איהם מעגען פאהרען אנטקעגען דעם קאלאנעל גאלד־שמיעד, וואס דארף אין גיכען אהערצו קומען.

פון די לאגער אידען, האבען איינינגע מחמת קנאה, אויך געבעטען מען זאל זיי אויפ'ן לאנד ארויסשיקען — וואס די אדמיניסטראציע האט גערן געטהאן. אבער די מעהרצאהל פון זיי, האט זיך אלץ גע־בונטעוועט, געבלאזען דעם פייער פון שנאה צעווישען די קאלא־ניסטען געגען דער אדמיניסטראציע און האבען, געווארט אויף דעם קאלאנעל'ס באזוך.

# הויפּט-דירעקטאָר גאָלדשמיעד.

מאָנטאג, דעם 12־טען מאי, איז צו אונז אין גרופּע 43, געקומען אַנ׳אַדמיניסטראַציאָנס שליח אום צו מעלדען, דאָס מאָרגען גאַנץ פריה, זאָלען מיר אַלע זיין אין אַלגאַראַבאַ, כדי מקבל־פּנים זיין דעם קאָלאָנעל גאָלדשמיעד. דאָרט האָבען מיר שוין אַלעמען, אנשים, נשים וטף געטראָפען. זיי זיינען אויסגעשטעלט געווען אין צוויי שרענגעס ביי ביידע זייטען פון קאַסאַרעסער וועג, אַפּוואַרטענדיג דעם גאַסט.

די צוויי שורות האָבען זיך געצויגען אונגעהייער לאַנג און טיראַטשיני׳ס מיטהעלפּער, זיינען ווי זשאַנדאַרען אויף פערד, ארומגעפלויגען איבערן מיטט־וועג, אום צו האַלטען אָרדנונג אין דער ליניע. יונגע לייט און אייניגע פריילינס האָבען אַ חופּה געהאַלטען און די שעהנסטע מיידעל — אַניטאַ ראָזענבלום, האָט אַ טאָרט געטראָגען. (שפּעטער האָט גאָלדשמיעד, איהר צוזאמען מיט אַ ברודער, אַרויסגעשיקט פון דער קאָלאָניע!). די שוחטים אונזערע, מיט׳ן זקן רבי הירש יאַקובאָף, זיינען געשטאַנען נעבען דער חופּה, מיט אַ ספר תורה אויפ׳ן האַנד. די שטימונג איז אַן אויכטערלישע געווען. מ׳איז געשטאַנען מיט אַזאַ יראת הכבוד, אַקוראַט ווי מען וואָלט אָפּגעוואַרט אַ קיסר.

די רגע האָט אויסגעשלאָגען. ס׳איז אָנגעלאָפען דער קאָטש, געשפּאַנט נאַשפּיץ מיט ווייסע פערד און שטעהן געבליבען אונטער דער צועפּענטער חופּה.

— ברוך הבא! — האָט די אימיגראַנטען מחנה אויסגעהילכט.

— הורראַ! — האָבען אַ פּאָאַר טויזענדער העלדזער אַרויסגעדונערט און כהרף עין, זיינען די פערד אויסגעשפּאַנט געוואָרען און אַ געדיכטער צירקעל פון מענשען קעפּ, האָבען זיך ארום קאָטש צוזאמענגעקוועטשט, שרייענדיג: "הורראַ! היפּ, היפּ, הורראַ! קאָלאָנעל!"...

דער פֿאַלקאָווניק, האָט דעם ספר אַ קוש געטהאָן, זיך העפֿליך פֿאַרנייגט פֿאַר דאָס שעהן מיידעל מיט'ן צוקער־ברוידט און אַ מאַך געטהאָן מיט'ן האַנד. ס'איז תיכף שטיל געוואָרען.

— ברוכים אתם אחי! — האָט ער מיט אַ מעכטיגער שטימע געזאָגט. — איך דאַנקע פֿיר דיזער אויפֿנאַהמע! — ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט אינ'ם צועפֿענטען קאַטש און מיט נייגערדע באַטראַכט די פֿיעל קעפּיגע אימיגראַנטען מאַסע: — אַלע ברודיגע, אָפּגעריסענע, באָרוועסע און פֿאַר'חושך'טע. אַ פּאָאַר מינוט איז ער אַזוי געשטאַנען און די קאָלירען האָבען זיך אַלע ווײַלע געביטען אויף זיין פּנים.

דאַמאָלסט האָב איך איהם גענוי באַטראַכט: אַמיטעל־וואוקסיגער מענש, אין מיטעלע לעבענס־יאָהרען. ער האָט געטראָגען אַנ'אַפּיצערסקען שינעל מיט גאָלדענע עפּאָלעטען און איז געשטאַנען אויסגעצויגען ווי אַ קאָמאַנדיר וואָס דאַרף מושטירען זיין חיל.

אין יענעם אויגענבליק האָט מיר שרעקליך פֿאַרדראָסען. איך האָב דאַן דערפֿיהלט אונזער גאַנצע נישטיגקייט און קליינקייט אין בעצוג צו די געלד־מאַגנאַטען, אונזערע הערשער, און מיין נשמה איז אויפֿגעציטערט געוואָרען... ניט שוין־זשע זיינען מיר סאָלדאַטען? וואָס עפּעס שיקט מען אונז גאָר אַ פֿאַלקאָווניק מיט אַ מיליטערישער טאַקטיק? אָבער אַריינקוקענדיג אין זיינע אויגען, בין איך באַרוהיגט געוואָרען. יענעם מילדען בליק זיינעם, וועל איך קיינמאָהל ניט פֿאַרגעסען! די קאַרגע דרייסיג יאָהר, אַלע גוטע און שלעכטע צופֿעלע, זיינען עס ניט אימשטאַנד געווען פֿון מיין זכרון אָפּצוימעקען! מיר דוכט, דאָס איך פֿיהל נאָך איצט, ווי די מיסטעריעזע שיין פֿון זיינע בלויע אויגען רוהען אויף מיר, און ווי זיין מיסטערישער־בליק, דרינגט מיר אדורך! עפּעס טרוימערישעס, געהיימניספֿאָלעס, האָט זיך געוויעגט אינ'ם בלויען־ים פֿון זיינע פֿאַר־חלום'טע אויגען... ניט קיין סאָלדאַטסקע האַרטקייט, זאָנדערן די ווייכקייט פֿון אַ גהעטאָ טרוימער, פֿון אַ פֿאָלק'ס גואל, האָט אין זיי געפֿינקעלט און געגלאַנצט. וואָס פֿאַר אַ מאָדנע קאָנטראַסטען, טראַכט איך מיר, באַזעלען דיזען מענשען: סאָלדאַט, האַרטקייט און קוראַזש — אויסערליך; ווייכקייט, צערטליכקייט און מילדקייט, ליגט אין זיין אינערליכען וועזען.

פיעל טראכטען האב איך דאן ניט געקענט; ווייל ער האט אנגע־הויבען רעדען. אנפאנגס האט ער געשפראכען שטיל, כמעט מיט א וויינענדיג־ציטערענדער שטימע: מען האט געזעהן דאס ער איז שטארק גערוהרט פון אונזער עלענדען אויסזעהן, פון אונזער לאגע און דאס אונזער צושטאנד האט איהם אויפגערעגט: נאר ביסלעכווייז איז זיין טאן געווארען זיכערער, קרעפטיגער און ער האט צווישען אנדערעס געזאגט:

„ברידער: דער באראן, וועמעס אידעאל איז נור אייך גוטעס צו טהון, האט ביים ענגלישען גענעראל־שטאב פאר מיר אן אורלויב־אויסגעווירקט, אום איך זאל אימשטאנד זיין אויף א קורצער צייט אפפאהרען צו אייך קיין ארגעטינא און אייך ארגאנזשירען אין אייער נייער היימאטה. כ׳בין שוין דריי וואכען דא אין לאנד, האב שוין אלעס געזעהן, אלע פראיעקטען און פלענער פון די לאקאלע בע־אמטע בעטראכט און וויים אויך, פון אלע אייערע ליידען... אלעס וואס ס׳איז אין מיין קראפט וועל איך אנווענדען, אום אייך מיטצוהעלפען. אבער איך בעט אייך, פארלויפיג געדולדיג און רו־היג זיך צו פערהאלטען! שטרענגט־אן אונזער אידישען פלייס, געדולד־זאמקייט, ענערגיע און בטחון, און נעהמט אייך ארבייטען די ערד, אייער אייגען ערד... גרינדעט א פרייע היים אויף׳ן פרייען באדען, וואס זאל נוצען אי פאר אייך, אי פיר אייערע געדריקטע און גערודף׳טע ברידער! לאמיר זעהן ערציהען א דור פון ערד־ארבייטער: זאל ענדליך פארשווינדען דאס שאנדווארט „שאכער־מאכער", מיט וועלכען די שונאים באטיטלען אונזער פאלק ישראל!..."

„איך בעט אייך ברידער! צייגט דער גאנצער וועלט דאס איהר זיינט די געווינשטע און פאסיגע פיאנירען: אז אין אייערע אדערן פליסט דאס בלוט פון די בני ראובן ובני גד: די געשיכטע האט אויף אייך איהר גורל געווארפען, דאס אין אייער דור זאל דער גוטער מלאך, דער באראן הירש לעבען און איהר זאלט זיין די חלוצים הראשונים, אום אויסצוטרעטען דעם גרויסען פרייען וועג פון אייער צוקונפט. דער וועג איז ווייט! — האט ער באגייסטערט געשריען. — די אידעע איז גרוים! מיר וועלען אנפאנגען מיט דער „א" — מיט ארגענטינא און פארענדיגען מיט׳ן „זעט" מיט ציון!"



מיכאל שר חבלי ציון

— אמן! — האט די מאסע געיובעלט, — הורראַ! — לעבען זאָל דער באַראָן הירש! הורראַ! לעבען זאָל דעם חובב ציון קאַלאָנעל גאָלדשמיעד!

די מענשען מאסע איז פּלוצים אין עפּעס אַנדערש פאַרוואַנדעלט געוואָרען... מען האט געכאַפּט דעם אַפּגעשפּאַנטען קאַטש מיט׳ן פאָל־קאָוניק און איהם אַ האַלבען קילאָמעטער געשלעפּט ביז׳ן הויף פון דער אדמיניסטראַציע...

ער איז אַריין אין דער אדמיניסטראַציאָנער הויז, מהסתם זיך אַרומצוזוואַשען... אָבער אין דרויסען האָבען די יאַבעטניקעס אויפּ־געהויבען אַ שרעקליכען געפּילדער. ס׳איז אַ מהומה געוואָרען, די בונטאַוושטשיקעס האָבען געשריען:

— דרשות האָט ער אונז געבראַכט! מיר זיינען שוין זאַט מיט זייערע פּזמונות! אַלע האָבען זיי איינע און די זעלבע ליעדעל!

דער המון, וואָס האָט איהם סיי ווי סיי נישט פאַרשטאַנען, ווייל ער האָט גערעדט אַ שלעכט דייטש אַ צוקאַליעטשעטען אידיש, האָט זיך געהאַלטען אין איין אַרומדרעהען און די "פּיספּאַקעס", די שטענדיגע מתאוננים, זיינען אומעטום פול געווען, היצענדיג, שרייענדיג, אויף וואָס די גרויסע מעהרהייט, האָט גלייכגילטיג צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ...

— לאָמיר צו איהם שיקען אַ קאָמיסיע! זאָל ער אַליין אַרויסקומען צו אונז! מיר ווילען קלאָהרע דיבורים! — האָט מען צום אדמיני־סטראַטער וואולף פון אַלע זייטען געשריען.

און ער איז אַרויסגעקומען. אָבער אין זיין בליק איז שוין מעהר ניט געווען די פריהערדיגע מילדקייט, זיינע אויגען זיין פאַרגלע־זערטע געווען און זיין שטימע האָט פאַרלאָרען איהר ווייכקייט... ס׳איז ערשט ענען דער סאָלדאַט; ס׳האָט גערעדט דער מושל צו זיין המון...

"איך פאָדער פון אייך דאָס איהר זאָלט פאָלגען און שווייגען! דיסציפּלין פאַרלאַנג איך פון אייך! — האָט ער געדונערט. — איך בין ניט מעהר ווי דער דיענער פונ׳ם באַראָן, געשיקט געוואָרען אום אויסצוריינינגען די שטאַל... ווער ס׳איז ניט צופרידען זאָל זיך פאָה־רען וואוהין ער וויל! פּאַסאַזשען! איך גיב אייך פּאַסאַזשען קיין נאָרד־אַמעריקאַ, קיין אייראָפּאַ, אויף דער גאַנצער וועלט, נאָר ניט

צוריק קיין רוסלאנד! זאלען די יעניגע וואס ווילען אבפאהרען זיך מעלדען אין דער אדמיניסטראציע און זיי וועלען די פאסאזשען ערהאלטען!... ביז צעהן טאג וועל איך אייער לאגער צעפליקען: די גאלפאנטשיקעס,ביידלאך און קארפאס, וועלען צעווארפען ווערען און די קאלאניסטען וועלען געהן אויף זייער לאנד! דעם סקלאד מיט אלע סחורות וועל איך פארקויפען! אוים אלמאסען, מיט ביכלאך, שרייבעריי און... געלד, געלד, וועל איך די קאלאניסטען געבען אויף זייער אייגענעם חשבון! — האט ער נאך קרעפטיגער געשריען, — יעדערער וועט באקומען אויסגעצאהלט אזא סומע, לויט די צאהל פון זיינע פאמיליען מיטגליעדער און זאל זיך יעדער איינער קויפען מיט'ן געלד, וואס ער וויל און וואס איהם אליין וועט געפעהלען!"

שטאלץ ווי א קעניג האט ער אויסגעדרעהט זיין רוקען צום המון און איז צעהלענדיג די טריט, צוריק אריינגעגאנגען אין הויז פון דער אדמיניסטראציע, און איידער דער עולם איז זיך פאנאנדערגעגאנגען, זיינען שוין ארויסגעהאנגען געווארען גרויסע צעטלען מיט'ן פאלגענדען נוסח:

"ווער עס וויל אפפאהרען נאך אויסלאנד, חוץ קיין
"רוסלאנד, זאל זיך קומען פארשרייבען. אבער די
"פערשריבענע, וועלען אויסגעמעקט ווערען פונ'ם
"קאלאניסטען רייסטער און חרטה וועט ניט
"העלפען!".

מערקווירדיג, ס'איז כדאי איהר זאלט עס וויסען! ביז דאמאלסט האבען הונדערטער מענשען געשריען: "א ה י י ם! וואו נעהמט מען אויף הוצאות אום וואס גיכער צו אנטלויפען!" און ווי נאר גאלדשמיעד האט געמאלדען, דאס ער גיט אלע רייזע שפייזען, האט מען זיך אויפגעהערט צו איילען... אין גאנצען זיינען אפגעפאהרען פיער פארטיעס, צו זיעבעציג פערזאן יעדע. אזוי איז שוין אונזער פאלק, אן עם קשה עורף, "ווען י ע נ ע ר  ו ו י ל,  ו ו י ל  ע ר  נ י ט!"

אהרן ראזענצווייג און פישעל דרומער, האבען זיך פארשריעבען און נאכדעם חרטה געהאט, נו, האט זיי געקאסט גענוג טרעהרען און שתדלנות, ביז מען האט קוים גע'פועל'ט ביים שטרענגען קאלאנעל, דאס ער זאל זיי איבערלאזען. דער ערשטער איז ביז היינט פארבליבען א קאלאניסט און דער צווייטער האט מיט דריי יאהר

שפּעטער די קאָלאָניע אָוועק־געוואָרפן...

דער גרויסער איד, גאָלדשמיעד, האָט טאַקע די שטאָל אויסגעריי־ניגט, פּונקט ווי זיין וואונש איז עס געווען. אָבער שמוץ איז נאָך אַלץ גענוג פאַרבליבען. דער קאָלאָניזאַציאָנס־קערפּער האָט אין זיך שוין אריינגענומען גענוג מיאַזמען און האָט צוגעקרענקט... ערשט דער דר. בערקנהיים פון פּעטערסבורג, האָט די ערשטע שווערע אָפּע־ראַציע געמאַכט און נאָך איהם, האָט אויך גענוג פאַרפוילטע אברים אָפּגעשניטען דער כירורג, י ה ו ש י ע ל א פּ י ן. נאָר פאַרלוי־פיג האַלטען מיר נאָך אין גאָלדשמיעד'ס פּעריאָד און לאָמיר דאָרום געהן כסדר.

פון דער בוענאָס־איירעסער דירעקציאָנס ביוראָ, איז אַ דעפּעשע אָנגעקומען צו גאָלדשמיעד'ן, דאָס זיין אָנגעוועזענהייט איז נויטהיג אין ענטרע־ריאָס. אויפ'ן דריטען טאָג איז ער פון מאַאוריציאָ אָפּ־געפאָהרען

## 28.

# מען האט אלעמען געקאלאניזירט.

גאלדשמיעד'ס פעראָרדנונג איז דורכגעפיהרט געווארען. אלעביידלאַד זיינען פאנאנדער־גענומען געווארען. דעם לאַגער האט מען אויפגעהויבען און די פאַלאַטקע־אידען האט מען, געגען אלע זייערע טענות, ארויסגעזעצט אויף וועגען און יעדען אוועק־געפיהרט אויף זיין לאַנד.

אלעס איז ערפילט געווארען מיט מיליטערישער שטרענגקייט און פונקטליכקייט. די פעלדער זיינען נאָכ'ן פּלאַן־נאָך באַזעצט געווארען: צו אכט, זעקס, פיער, אדער צוויי הייזקעס זיינען אין א גרופּע אויפגעשטעלט געווארען. אין דער מיטע פון דער הייזער־גרופּע, איז אוועק געשטעלט געוואָרען א שותפות'דיגער "קאָראַל" פאַר'ן סקאָט — און פּאַרטיג: נאָט און ווערט אַקערבויער! די אָקסען, פערד, מולאַס, פּלוגען, בּאַראָנעס, אלצדינג וואָס ס'איז אנגעגרייט געוועזען אין דער אדמיניסטראַציע — איז צעטהיילט געוואָרען. איינינגע קרעאָלען און א פּאַאַר דייטשען, זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען, אום די קאָלאָניסטען צו לעהרנען ווי די ערד צו בּעאַרבּייטען. אין א קורצער צייט ארום, האָט דער "וואַמאָס!" געהילכט איבער די מאַאוריציער פעלדער.

א פּשוט'ר חיות! א פאַרגעניגען אנצוקוקען! אידען מעקלער, קרעמער, בטלנים און פּוסט־און־פּאַסניקעס, א פייטעל שדכן און זיין גלייבען — אלע בעאַרבּייטען שוין די ערד!

אבער דאָס איז ניט אזוי גיך און גרינג צוגעגאַנגען ווי עס שרייבּט זיך. א סך האבען אויפריכטיג *טאַקע ניט געוואָלט* ארבּייטען. אייניגע האבען נעבּאַך *ניט געקענט*: א גרויסע טהייל האָבען ניט ערהאַלטען דעם געהעריגען און פּאַסיגען רעמאַנענט: אפּטמאָל גאָר ווילדע אָקסען אָדער פּשוט'ע פּגירות, צעפּאַלענע פּלוגלאַך... אבער דאָך האָט איבעראַל געהערשט א רעגע־טהעטיגקייט. דער לעבּענס־פּולס האָט וואַרים און ראַשיג געשלאָגען: די שטראַה־

לען פון דער פריה־מארגען זון, האבען באגאלדעט די צינקענע דע־
כער פון די, אויפ׳ן גלאטען שטח־ערד אויסגעשטעלטע הייזקעס:
און דער בת־קול פון דעם "וואמאס קאסטאניא!" "וואמאס נענ־
רא" דוקא מיט א אידישען אקצענט און א גמרא ניגון — האט
ווייט און ברייט אפגעהילכט איבער די "פאמפאס". דאס הארץ האט
ממש אנגעקוואלען פון תענוג, צוצוקוקען ווי שטעדטעלדיגע לופט־
אידען באשעפטיגען זיך פלייסיג ביי לאנד־ארבייט.

איך מיט מיין שכן, האבען שוין פאראקערט א היבשע שטיק פעלד
און אונז האט אויסגעדוכט, דאס מיר האבען שוין איבערגענוג.
דארום האבען מיר צוגלייך מיט די קייל'עס׳עם זריעה געבעטען,
אום מיט ווייץ דאס פעלד צו פארזעען. אויף דער נעקסטער וואך
האט אונז די אדמיניסטראציע געגעבען פיערציג זעק "סעמיזשא"
און געשיקט דעם דייטשען אגראנאם, הערר רוף, אז ער זאל אונז
לערנען ווי מיט דער זעע־מאשין צו ארבייטען.

מען קען זיך שאפען א באגריף אויף וויפיעל מיר, צוזאמען מיט
דער אדמיניסטראציע האבען א ידיעה געהאט אין אגריקולטור, אז
גאנצע אכצעהן טאג האט דער אגראנאם געארבייט ביי אונז אויפ׳ן
לאנד!... אלע טאג האט ער אביסעל געזעעט מיט דער מאשין, האט
אלערליי עקספערימענטען געמאכט: דריי מאהל אין טאג צושרויפט
דער "סעמבראדארא", אונז געוויזען דעם מעכאניזם, די שרייפעלאך
און די אייזענס. ביז ער האט ענדליך אלע פיערציג זעק ווייץ אויס־
געשאטען אויפ׳ן צואקערטען פעלד. וואס איז בסך הכל באשטאנען
פון גאנצע צוועלעף העקטאר! די ברידער קייל'עס, אקער־
בויער נאך פון צו הויז, האבען חוזק געמאכט פונ׳ם "מאשיניסט"
אדער אגראנאם. און האבען פארזיכערט, דאס עס איז איבערגענוג
איין זאק זריעה פיר אן העקטאר. נאר ווער האט זיי געגלויבט? גע־
ווים, נאטשאלסטווא ווייסט מעהר!...

מיר האבען מיט גאוה געקוקט ווי דער געזעעטער ווייץ איז אויפגע־
גאנגען געדיכט ווי א בארשט, ווי געדיכטע גרינע נאדלען שטופען
זיך ארויס פון דער שווארצער ערד: פרעהליך זיינען מיר ביז גאר גע־
ווען: סטייטש א קלייניגקייט! אונזער אייגענע ארבייט! די מזונות
קומען שוין ארויס צו אונז פון דער מוטער־ערד!

אונזער שמחה איז נאך גרעסער געווארען ווען איז אונזער

גרופע 43. זיינען נאר זעקס פאמיליעס באזעצט געווארען. זעקס נייע ביידלאך, זעקס נייע שכנים האט מען דורך גאלדשמיעד'ס באפעהל ביי אונז אפגעווארפען... נו, ווידער א גדולה: מיר זיינען שוין זאלבע־אכט!

עסען, איז נאך דערווייל געווען פון באראן'ס סקלאד. די נ ה מ א ד כ ס י פ א, האט זיך שוין איין האלדז געגליטשעט גאנץ געשמאק... געפעהלט האבען אונז שיך. דעם "באראן'ס שיך" די הילצערנע, זיינען צובראכען געווארען און נייע סחורה האט מען אויף גאלדשמיעד'ס פעראָרדענונג מעהר ניט געבראכט. איז וואס זאל מען טהאן? געהן בארוועס ביים אנפאנג אקערן איז אונמעגליך געווען, צוליעב די שלענג און "לאגארטאס" — יאשטשערקעס מכל המינים, וואס האבען זיך אונטער די פיס געפלאנטערט. נו, האבען דארפס־אידען אן עצה געפונען: פון שטיקער רויע־פעל לאפציעס אדער באראקעס אויפגענעעט און מיט רימענדלאך צוגעשנורעוועט צום פוס... מיט אן אלטען זאק ארומגעבונדען די לענדען, א שטיק טראנטע — אנשטאט א העמדעל און אט, איין די דאזיגע בגדי מלכות, ווי עס פאסט פאר'ן באראן'ס קינדער, האט מען דאס לאנד געאקערט.

אברהם וויינשטיין, איינער פון אונזער גרופע, האט א שכל'דיגע ערפינדונג געמאכט: ביי א גע'פגר'טען פערד פון די פיס, גאנצערהייד, אראפגעצויגען די שטיקער פעל און עס ארויפגעצויגען, ווי א באליאווקע, אויף זיינע אייגענע נאקעטע פיס און מיט דיזער ערפינדונג, איז ער קיין אלגאראבא געגאנגען, כדי דארט זיך צו באריהמען: "נאט און זעהט! פארטיגע שטיוועל מיט באליאוועס ביז איבער די קניע און זיי קאסטען מיר ניט קיין איין פיאטאק".

דיזער גראנדיעזער ערפינדער, איז אין די דאזיגע „ארט־נאווא“ שטיוועל, א גאנצען טאג אפגעגאנגען. די זון האט אויסגעטריקענט די פעל אויף זיינע פיס און עס ממש צוגעזאטען צום לייב... שפעטער האבען מיר זיך גענוג געמוטשעט, אום איהם דאס פעל אראפצוציהען. די שמערצען וואס דער יונגער־מאן האט נעבאך געליטען, איז זיך גאר ניט פארצושטעלען! און אזוי־ווי אויפצושניידען די אויסגעדארטע פעל איז אויך ניט מעגליך געווען — חוץ דעם געפאחר איהם זיין לייב איינצושניידען, איז מען לסוף געפאלען

אויף א פלאן: איהם אין א ביטעל־וואסער ארייגצוזעצן... א גאנצע נאכט האט ער זיך אין וואסער געווייקט, ביז ס'איז איהם געלונגען פון זיין ערפינדונג ערלייזט צו ווערען!

די שטימונג אין דער קאלאניע איז א געהויבענע געווען. שבת איז מען זיך צונויפגעקומען צו אונז, אין גרופע 43 און מען האט אנגעהויבען זארגען פאר א ספר תורה, כדי עס זאל א מנין זיין. מ'האט געשמועסט איבער פאליטיק און אומגעדולדיג געווארט אויף גאלרשמיער'ס הבטחה: "געלד וועל איך אייך געבען!" און אז מען וועט האבען מזומנים, וועט דאך טאקע ליכטיג ווערען אין די אויגען! צו אלעם ערשטען, וועט מען קויפען שיך און אפשר טאקע אויך א זעקעל מעהל אויף צו באקען ברוידט און פטור ווערען פון די גאליעטען...

אט אזוי איז ענדליך פארשוואונדען די פוסטקייט. די פעלדער רונד ארום, זיינען באזעצט און באלעבט געווארען. אומעטום האט מען מענשען געטראפען און אלעס איז אנגענעהמער און ליעבליבער געווארען.

אונזער ווייץ איז אויפגעגאנגען שעהן און געדיכט, פארשפרייטענדיג זיך ווי א גרינער טעפיך. מילך און פוטער האבען מיר געהאט לרוב און מיר האבען שוין ערווארטעט פויקעלאך... ריזע בשורה האט מיין פרוי אונז אנגעזאגט: זי אליין האט שוין געהערט ווי אונטער דער "באטאראסא" הוהן, פיסטשען די הינדעלאך.

איהר לעזער פון דיזע שורות, וועט אפשר לאכען פון מיר. דען וואס פאר א ווערטה האט ביי אייך א קוואטשקע מיט פויקעלאך? אבער ביי אונז, מיט דרייסיג יאהר צוריק, ווייט פארוואגעלט פון דער היים, דערווייטערט פון טאטע־מאמע, שוועסטער און ברידער, קרובים און פריינד, עלענדע ווי דער פעלז אין רוישענדען ים — איז יעדעס וועזען, יעטווידער לעבעדיגע באשעפענים, געווען א גאנצע מציאה, א גרויסער פארמעגען, וואס האט אונז היימליכער געמאכט די משפחה און דאס לעבען פארזיסט: ווייל אין יעדער זאך, האט זיך אפגעשפיגעלט אונזער גלענצענדע צוקונפט אין דער נייער היים! דאן, דארפט איהר וויסען, דאס יעדעס פיצעלע, אייגער מ'האט עס ערווארבען, איז עס אונז אנגעקומען זעהר און זעהר שווער, אזש מיט בלוט פארלאפען...

אפשר קיינט איהר אז די קוואטשקעס זיינען גרינג אנגעקומען? דאן האט איהר א גרויסען טעות. דען וואו איינענטליך זעהט מען היהנער אין אזא ווייסטער געגענד?

דאס האט אויך א ספעציעלע געשיכטע:

בעד דער בחור, א לאנג־אויסגעצויגענער דארער ליטוואק, מיט א צעשויבערטע טשופרינע, וועלכע האט קיין מאהל קיין קעמעל ניט געזעהן, איז אונזער היסטארישער קורעלאפניק געווען... ער האט זיך אוועק געלאזען ווייט, צעווישען די האלב ווילדע נאמא־דען און מיט זיי א חליפין־האנדעל געטריעבען: וויל געלד, דארפט איהר וויסען, איז ביי קיינעם דאמאלסט ניט געווען! ער פלעגט ביי אונז נעהמען טאבאק, צוקער און אנדערע ארטיקלען וואס מיר האבען פון אלמאסען באקומען און פלעגט דאס אוועקפיהרען צו די ווילדע און אויסטוישען אויף היהנער, עהער, שטרויס־פויגעל און הירשלאך. איך האב אזוי, דעם גאנצען טאבאק פון א חודש צייט אוועקגעגעבען פאר דער ערשטער פאאר היהנער, וועלכע האבען שוין פויקעלאך אויסגעבריהט. איהר פארשטעהט? דעם טאבאק אוועק געגעבען!

אין א קורצע צייט ארום האט דאס לעבען געשווירבעלט ארום אונז, ארום אונזער הייזקע האט געררוישט און געזשומעט פון לע־בעדיגע באשעפעניסען. מיין "גלינקא", האט זיך צוגעוועהנט צום קליין הירשעלע און ביידע זיינען זיך געלעגען בשלום און ער פלעגט בלויז אפטמאהל אויסטשירען מיט קנאה די צייהן, ווען מען האט ארויף געטהאן "צבי" און דאס הירשעלע האט אינסטינקטיוו גע־וואוסט, אז דאס מיינט מען איהם און פלעגט צולויפען לעקען די הענד און דרעהען מיט'ן געל־ווייסליכען קאדקעלע. דאס האט איהם פארדראסען — פארט א הונד!

מיר האבען אויך צוגעוועהנט צום שטוב, אפאאר יונגע שטרויסען און צו דעם, זיינען נאך צוגעקומען די קעלבלאך פון די מילך־קיה אזוי, אז די "כאדאבע" האט זיך פארגרעסערט און זיצענדיג אין דרויסען, טרינקענדיג א מאטע, האט מען אנגעקוואלען פון נחת.

אבער צווישען דיזען פרייד, האבען מיר אויך א צייטווייליגען עגמת־נפש געהאט.

ווען אונזער ווייב איז שוין געווען א דרייסיג צענטימעטער די

הויך, זיינען אין א נאכט אויף איהם ארויף א פאאר הונדערט שטיקלאך סקאט: מסתם האט יעדער "שטיקעל" געוואלט טועס־זיין פונ'ם קולטיווירטען ווייץ... נאכדעם ווי די סטאדע האט אפגעפאשעט דאס גרינע פעלד, איז זי באפאלען אונזערע הייזקעס און זיך באקוועם געגומען קראצען ביי די ווענט, פיליכט אום זיך צו איבערצייגען, ווי פעסט זיי זיינען... מיר זיינען אין איין שרעק געווען, דאס מיר זאלען ניט פארבלייבען אונטער די בלעד מיט'ן האלץ פון אונזערע ביידלאך: אבער גליקליכערווייזע, אפשר צוליעב "גלינקאס" בילען — זיינען זיי ענדליך אפגעטראטען, איבערלאזענדיג אונז צוטרייסעלטע הייזער און, אן אפגעפאשעט שווארץ פעלד, אקוראט ווי עס וואלט נאר וואס פריש צעאקערט געווארען.

וויפיעל טרעהרען האבען אונזערע פרויען פארגאסען אויף דיזען "חורבן". שייך, זיי האבען בע'גזל'ט אונזער ברוידט פון א גאנץ יאהר!

ערשט שפעטער האבען מיר ערפאהרען, אז דאס איז גאר געווען א גליק וואס דער סקאט האט דאס פעלד אפגעפרעסען: ווייל דער ווייץ איז צו־געדיכט פארזעעט געווען און ס'וואלט לחלוטין קיין תבואה ניט געווען. — אזוי האבען מיר כאטש א "קאסעטשע" (ערנטע) פון אכציג זעק ארויפגענומען!

ניט פיעל איז אונז אויסגעקומען צו ליידען פונ'ם סקאט: ווייל דער עהרליכער (?) דירעקטאר, אדאלף ראטה, האט נאך פריהער פארקויפט עטליכע, היבשע עטליכע טויזענד "קעפ", וואס מען האט גיד צוגענומען און זיי האבען די קאלאניסטען מעהר ניט דערקוטשעט... גליקליך זיינען בלויז געווען די מקדימין, וואס האבען אוספייעט א פאאר מילך־קיה צו פאנגען: ווייל די שפעטערדיגע, האבען קיין בהמות נישט געהאט ביז וואנען דר. בערקנהיים איז אנגעקומען.

## 29.

# אײַנגעפיהרט אַ שטרענגע דיסציפּלין.

אין יולי פון 1892, צוויי מאָנאַט נאָך גאָלדשמיד'ס אָנקומען, איז אַ נייער אָרדן ארויף אויפ'ן אדמיניסטראַציאָנס בענקעל... אַ רויטהעריגער ענגלענדער, סער ארטהור בוטעל, קאַלט און שטרענג, האָט ער אויף אונז געקוקט פון אויבען אראָפּ... מיט פאַראַכטונג האָט ער אונז באַטראַכט: אונז אויפגענומען מיט אַ מין עקעל — ווי עפּעס אַ שמוציגע באַשעפענים.

אַ נידעריג געמיין אידעל, איז אַלס דאָלמאַטשער נעבען זיין שטוהל געשטאַנען און האָט איהם אָפּטמאָל איבערגעגעבען דאָס, וואָס מיר האָבען קיינמאָהל ניט גערעדט...

ניט צו יעדער צייט האָט מען געקענט צוקומען צום אָרדן און בכלל קיינמאָהל ניט האַלטען אויפגעהויבען דעם קאָפּ... אַ נייע אָרדנונג, אַ קאַזאַרמע לופט, האָט אָנגעפיהלט די קאָלאָניע און אַ גרויזאַמע דיסציפּלין האָט גענומען הערשען.

אַנ'אייזערנע ענערגיע און אַ קופּערנעם געדולד האָט מען געדאַרפט באַזיצען, אום צו קענען איבערטראָגען די באַליידיגונגען און דעם דעספּאָטיזם וואָס גאָלדשמיעד'ס ממשלה האָט מיט זיך געבראַכט. דאָס איינציגע וואָס האָט אונז מוטה געגעבען צו ליידען און שווייגען, איז געווען זיין אַקטיוויטעט. די קאָלאָניע איז ראַשיג געבויט געוואָרען און מען האָט געזוכט שנעל דעם עולם אין אַקערבויער צו פערוואַנדלען — דאָס האָט טהיילווייז גערעכטפערטיגט די סאָלדאַטסקע דיסציפּלין.

די האָפנונג אַ זיכערע היים ענדליך צו געפינען, האָט פאַרזיסט די גאָל־טראָפּענס, וואָס די קאַזאַרמע האָט אונז אין אַ גרויסען ראַזיס, טעגליך איינגעגעבען און אויך פאַרטריעבען די מרה שחורה.

מיט שטורם, מיט ענגלישער פּינקטליכקייט און מיליטערישער שנעלקייט, האָט גאָלדשמיעד די קאָלאָניע געבויעט. מיט'ן פאַדריאַטשיק כואַן אַלפּאַראַ, איז אַ קאָנטראַקט געשלאָסען געוואָרען, אויפ־

צובויען א שולע אין דער גרופּע 39 און אויך די אויפשטעלונג פון סקעלעטען וועגן אונזערע הייזער, — וועלכע מען האָט געמאכט פון אַ דאך מיט הילצערנע סלופּעס, ארומגעצויגען מיט דראָט און די קאַלאַניסטען אליין, האָבען שוין געדאַרפט מאַכען די ווענט, אויס־פילענדיג מיט געקנאָטענער לעהמיגער בלאָטע דעם שטח צווישען די דריקלאַך און דעם דראָטה. אזוי זיינען געוואַלקעוועט געוואָרען אונזערע הייזקעס, אָדער "ראַנטשאָס".

טעגליך האָט מען געבראַכט אליין נייעם רעמאַנענט: אַלערליי מאַטריאַלען, אייזענס, האָלץ, און מען האָט די קאַלאַניסטען גע־טריעבען צו דער ארבייט. יעדערער האָט אָבער אויך געאַרבייט מיט חשק און פלייסיג זיך גענומען אַקערן.

געאַקערט האָט מען ווי אזוי מען האָט נאָר געקענט און וויפיעל מען האָט געקענט. יעדערער האָט געפּראַקטיקירט אויף זיין אופן, און די מעהרסטע האָבען לחלומין נישט געוואוסט ווי אזוי דערמיט אומצוגעהן.

דאָס קען גענוי כאַראַקטעריזירען פאָלגענדער עפּיזאָד:

"אין דער גרופּע 47, איז באַזעצט געוואָרען דער זקן, לייבעלע זייגערמאַכער, מיט זיין 22־יעהריגען זוהן, ביידע אַלס "באַלאַס־טאַיעס". דער אַלטער איז פאַרבליבען אין ביידעל, אום מיטאָג צו קאָכען און דער יונגערמאַנטשיק, אַ קליינינטשקער, אַ מאָגערער, איז מיט אַ פּאָאַר אָקסען און אַ האַנד־פלוגעל, ארויסגעגאַנגען אַקערן.

"דער "דיאַדקאַ" האָט די ערשטע מעלגע אָפּגעצויגען, איהם אָבערפלעכליך געוויזען, ווי אזוי דעם פלוג צו האַלטען און איז אוועקגעפאָהרען און דער יונגער נאַאיווער קאַלאָניסט, האָט אָנגע־פאַנגען די "וואַלטעס" צו מאַכען ארום דעם אָפּגעמעזשע־נעטען פעלד. נור אַנשטאָט צו שטעלען דעם לעמויש פון'ם פלוגעל אויף דער האַרטער־ערד, אַז עס זאָל שניידען אין דער ברייט, האָט ער דאָס מעסער געשטעלט אליין אין דער זעלבער בראַזנע און געגראָבען אין דער טיעף. אזוי איז זיך דער לינקער אָקס כסדר געגאַנגען אין דער זעלבער "צורקע" און דער רעכטער, אויפ'ן אונבאַאַרבייטען באָדען. אַ צעהן־מאָהל איז דער חכם דורכגעגאַנגען אין דער זעלבער מעלגע ביז דער צורקע־אָקס איז אויסגעקומען אין אַ טיעפען גראָבען און דער רעכטער — ווי ער וואָלט רייטען אויפ'ן

לינקען: אויף אזוי פיעל העכער איז ער געוועזן! ווען דער אלטער זייגערמאכער, איז ארויסגעגאנגען רופען זיין יורש צום מיטאג, האט ער זיך שטארק דערשראקען זעהענדיג בלויז איין אקס — און ניט מעהר. האט ער זיך צעגוואלדעוועט... פון דער שכנ'ישער הייזקע איז מען אנגעלאפען, געאיילט אויפ'ן פעלד און ערשט דארט דער־זעהן, ווי דער בניאק געהט זיך גאנץ צופריעדען אינ'ם גראבען וואס ער האט אויסגעאקערט און זינגט נאך עפעס א ניגונ'דעל".

א סך יאהרען האבען די קאלאניסטען נאך אלץ געלאכט פון יע־נעם אקערבויער... דאך האבען אלע דאמאלסט געאקערט. שוסטער, שניידער, קרעמער, מעקלער, חזנים, מלמדים, זאגאר גנבים און אפילו גאלדשטיין, — וואס האט אונז שפעטער מיט א יאהר דעם ערשטען שאנד פלעק געמאכט עפענענדיג א בית־זונות אין קאסארעס, אט דיזער פארשוין מיט אלע איבעריגע איטשע־מייערם און לייבישעס, האבען אונטערן קאלאנעל'ם דיסציפלין, די ערד געאקערט און געארבייט.

לאנגע שטיקער שווארצע פאסען האט מען פון דער "טיערדא ווירכען", פון דער קרקע בתולה געריסען, און אייניגע קאלאניסטען האבען נאך דעם זעלבען ווינטער פארזעעט ווייץ.

כדי די פארוואלטונג פון דער קאלאניע אויסצובעסערן און דעם אדמיניסטראטער צו פארלייכטערן זיין טהעטיגקייט, האט דער קא־לאנעל איינגעטהיילט די קאלאניע אין צוועלף דיסטריקטען און אויף יעדערן אן אינספעקטאר באשטימט. די אינספעקטארן האבען גע־דארפט ארומפאהרען צווישען די גרופעס און אכטונג געבען, דאס מ'זאל ארבייטען, — נישט פוילענצען.

דיזע משרתים און די יוצר משרתים, אדער ווי די קאלאניסטען הא־בען זיי אנגערופען: "די נוגשים ושוטרים פון מצרים", זיי האבען די אינסטרוקציעס אויסגעפילט מיט אזא מין אכזריות, די קאזארמע דיסציפלין מיט אזא אייזערנע האנד ארויפגעדריקט, דאס מיר הא־בען אין אמת'ן באלד באגריפען דעם ריכטיגען זינען פון ע ב ד י ם ל ע ב ד י ם.

גיך האבען אנגעהויבען פליהען מסירות. איז געקומען די אלטע סדרה פון רוסישע "דאנאסען".

זאל ער מיר מוחל זיין, יענער גרויסער איד אין ענגלישען מונדיר! א סך פיין, פיעלע שמערצען און גייסטיגע פלאגענעש, האט ער

אונז. דאמאלסט דורך זיין סארט א ר א נ ז ש י ר ע ן צוגעטהיילט; הגם ער האט געווים נאר צום גוטען געמיינט, הגם ער האט די שטאל טהיילווייז אויסגעריינינגט, הגם ער האט אונז צוויי שולען פאר די קינדער אויסגעבויעט, הגם ער האט דעם פאר'עיפוש'טען סמיטניק — דעם לאגער צעשטערט און די אים גראנטען איבער די פעלדער צושפרייט און באזעצט!

אבער דעם אמת מוז מען פעסטשטעלען. א קורצזיכטיגער ארגאניזאטער איז ער דאך געווען! נאר א קלענערער פסיכיארט. ער האט לוידער די נשמה פונ'ם רוסישען אידען לחלוטין ניט געקענט! זיכער וואלט ער געקענט מושטירען א דיוויזיע, ווי איין גרופע קאלאניסטען צו אראנזשירען!

ער האט כלל ניט געזעהען דעם שקלאפישען יאך וואס ער לעגט ארויף אויף זיינע ברידער. וועלכע ער האט אמת געליעבט. אונבאוואוסטזיניג און בלינד, האט ער אונז איבערגעגעבען אין די הענד פון דער אדמיניסטראציע, וועלכע האט אונז דערנידערט און דעמאראליזירט, צוגעהמענדיג ביי אונז יעדע מענשליכע ווירדע און זעלבסטשעצונג. די שפורען פון יענער שקלאפעריי, זיינען ביז היינט זיכר אין די קאלאניעס!

30.

## מאָנאָפּאָל און געלדשטראַפֿעס.

אם יענדע יוני, האָט דער קאָלאָנעל צושטערט די גנבים נעסט — דעם באַראָנ׳ס גרויסע קלייט און אָנגעהויבען אויסטהיילען די קאָלאָניסטען "סובסידיע", אָדער שטיצונג אין געלד... אַלע משרתים, בוכהאַלטערס, פערוואַלטער און שרייבער, האָט ער פּשוט אַרויסגעטריעבען און אָפּגעשלאָסען אַ קאָנטראַקט מיט די סעניאָרעס איגנאַסיאָ מורעטאַ און לאַזאַראָ פערנאַנדעז, און זיי האָבען מאָנאָפּאָליזירט דעם גאַנצען האַנדעל אין דער קאָלאָניע.

קיין פּריוואַט מענש, נאָך ווייניגער אַ קאָלאָניסט, האָט דאָס רעכט געהאַט, אַריינצוברייגנען וואָסער ניט איז סחורה צום פאַרקויפען אויפ׳ן גאַנצען שטח פון באַראָנ׳ס לאַנד, חוץ די צוויי אויבען־דערמאַנטע סוחרים, וועלכע האָבען איבערגענומען דעם אַלמאַסען, אַלע סחורות פונ׳ם סקלאַד און אונז, עטליכע טויזענד נפשות אַלס פאַנשטשיזניקעס, פאַרטיגע קונים, וואָס האָבען אומבאַדינגט געמוזט קויפען נאָר ביי זיי!

מכוח דער פּרייז, און כדי דיזע קאָמערציאַנטען זאָלען ניט בערייסען אין די מקחים, איז באַשטימט געוואָרען, דאָס די אַדמיניסטראַציע זאָל זיי קאָנטראָלירען. כ׳לעבען אַ זיכערע באַוואָרענעש!..

מעגליך אַז דער געדאַנק איז געווען אַ גוטער. פיליכט איז עס באַצוועקט געווען, אָפּצוגעוועהנען אידען פון אַ קרעמעל, אַ שענקעל... אָבער די פאָלגען זיינען זעהר טרויעריגע געווען. מען האָט אונז אונערבאַרעהמליך די הויט געשונדען. פינפאַך, זיינען געווען די פּרייזען פון אַלע אַרטיקלען אין פערגלייך ווי אין די אַנדערע פּריוואַט קלייטען פון דער סביבה. און די אַדמיניסטראַציאָנס קאָנטראָלירער, האָבען ווייזט־אויס, מיט די מאָנאָפּאָליזירער בלאַט־געשלאָסען. אין גאַנצען די גליקליכע "סובסידיע" וואָס מיר האָבען באַקומען, איז ביי זיי פאַרבליבען און מיר האָבען געהאַט אַ ברירה

צו הונגערן... אט דערצו, זיינען נאך אלס צוגאב געווען די מסירות, און אלס רעזולטאט די "מולטאס" — געלדשטראפעס פאר יעדער קליינינקייט און פאר'ן קלענסטען חטא... פון אט די דאזיגע צרות און די באליידיגונגען סתם אין דער וועלט אריין, איז ממש דאס לעבען נמאס געווארען.

אויך דאס פלייש, וואס איז ביז צו דער "סובסידיע" געווען פריי און אומזיסט, האט דער קאלאנעל איבערגעגעבען אין מאנאפאל איינעם א בערדיטשעווער, מיט'ן נאמען: מאטעל סאטאנאווסקי, וועלכער האט ביי גאלדשמיער'ן אפגעדונגען, אזוי צו זאגען: — די קאראבקע, און איינגעפיהרט א פשוט'ע טאקסע, 15 ס ע נ ט א קילא כשר פלייש און צ ע ה ן ס ע נ ט טרפה'נע. סקאט צום שעכטען האט ער לויט'ן אפמאך, געדארפט קויפען אין אדמי־ניסטראציע. נו, האט זיך שנעל ענטוויקעלט א נייער פארם פון גנבה און פלייש איז געווארען א צוגעקומענער גלות־פראדוקט.

יענער געניטער קאראבקע־איד, האט אין גאנצען צוויי יאטקעס געשטעלט, איינע אין אלגאראבא און די צווייטע אין אליסע. קעפ אויף קעפ, פון פריה ביז נאכט, איז מען ביי דער יאטקע געשטא־נען, ווארטענדיג אי אויף "אטשערעד", אי טאקע אויף פלייש... מען איז פון די קצבים געזידעלט געווארען און אפטמאל געכאפט א בייזן אין קאפ. זיך באקלאגען? וואוהין? צו־וועמען? דער שטו־מער ענגלענדער, סער בוטעל, האט געקוקט דעם דראגאמאן אין מויל אריין און דיזער, איז מיט'ן "קארניסערא", דעם בוטשער, איינס געווען... ווער ס'האט זיך געקלאגט איז מ ו ל ט י ר ט גע־ווארען...

זאל דא פארצייכענט ווערען דער פאקט איבער א "מולטא" פון 120 פעזאס, וואס אונזערער א קאלאניסט האט פאר גאלדשמיער'ס פעריאד ג ע מ ו ז ט באצאהלען.

יצחק ווייספעלד, פון לאנצקארון, פאדאליע, א פעהיגער קאלא־ניסט און דער פאטער פון א זעהר גרויסע משפחה, האט זיך צו־נויפגערעדט מיט א סך אנדערע קאלאניסטען און זיי האבען א בונט געמאכט, געגען בעל טאקסע סאטאנאווסקי. דיזער אבער, אום פון א נעגנער פטור צו ווערען, האט אפגעטהאן א רוסישע שטי־קעל ארבייט: צוגעשיקט א דאנאס צו די מאנאפאליזירער פון

קליינט מיט׳ן בלבול, דאס וויינפעלד האט ביי זיך אין הייזקע א געהיימע קליימעל... מען איז איבערגעפאלען זיין וואוינונג אין באגלייטונג פון א קאמיסאר מיט זעקס ו ו י ז ש י ל א נ ט ע ן, און אונטערזוכונג געמאכט און לײדער טאקע געפונען — צוויי קאסטענס פארפאקעוועטע און פאר׳חתמ׳עטע, נאך מיט׳ן שיפ׳ס־זיגעל פון האמבורג.

— אהא, קאנטראבאנד! — האט דער קאמיסאר געשריען! — ער איםפארטירט סחורה פון אייראפא און גנב׳עט די "אדואנא". — צאהלט ניט קיין טאמאזשנע!

מען האט דעם אלטען וויינפעלד׳ן ארעסטירט, די "סחורה" קאנפיסקירט און אלעם איבערגעשיקט אין געריכטסהויז פון נועווע־דעבוריא.

דארט האט מען די קאסטענס געעפענט און געטראפען געשיהר. טייערע גלעזערנע און פארצעלייענע כלים. א גרויסען קריסטאלענעם כוס מיט׳ן אויפשריפט: "כוסו של אליהו הנביא", וואס איז פאבריצירט געווארען אין וויען, עסטרייך, נאך אינ׳ם יאהר 1845: טעצלאך, שיסעלאך, ווערטהפולע פאסודע. אט וואס דארט איז פארפאקעוועט געווען!

דער אלטער וויינפעלד האט גע׳טענה׳ט, אז דאס זיינען פסח׳דיגע כלים, ירושה נאך פון זיין זיידען, רבי קלמן. "אלץ, — האט ער געקרעכצט: — אלץ, האב איך אין רוסלאנד אויסגעפארקויפט, נאר פון דיזע ירושה־כלים, האב איך זיך ניט געוואלט שיידען און האב זיי אהער געבראכט!"

נאר ווער האט איהם דען געוואלט גלויבען? אויף דער פאסודע איז דער קאמיסאר און דער ריכטער, דוקא אויף חמצ׳דיגען. בעלנים געווען און זיי האבען דעם קאלאניסט צוויי וואכען אין תפיסה געהאלטען, ביז די ביורא האט נאך פאר איהם 120 פעזאס א "מולטע" באצאהלט...

אין ארכיוו וואס געפינט זיך אין דער אדמיניסטראציע פון מאאוריציא, קען מען נאך היינט, אין דער אבטיילונג פון יאהר 1893, געפינען דעם בריעף מיט דער פאראָרדנונג פון סיר אלבערט גאלדשמיעד, דאס מען זאל ביים קאלאניסט וויינפעלד, אלע מאנאט ארונטערנעהמען צוואנציג פעזאס פון זיין סובסידיע.

ביז מ'וועלען געדעקט ווערען די 120. וואס די ביורא האט פאר איהם, אלס געלדשטראף, באצאהלט אין "כוזנאדא" פון נתעווע דע בוליא.

אט אזוי זיינען מיר לאנגזאם געבוינען און איינגעצאמט געווא־רען אונטער אן אייזערנער דיסציפלין. קיין פריי ווארט, האט מען פון מויל ניט געטהארט ארויסברייננען. די קאפאטאסען,אינספעקטא־רען, מאנאפאליזירער און סתם מוסרים, האבען אונז טעראריזירט. פאר דער קלענסטער אונארדנונג, פאר ניט אפענטפערען מיט הכנעה, פאר וועלכען ס'איז ווארט — האט מען תיכף מ ו ל ט י ר ט, אדער גאר איינגעווארפען די הייזקע און דעם זינדיגען ארויסגע־טריבען פון דער קאלאניע דורך פאליציייליכען געוואלד...

אזוי האט מען "ארויסגעטריבען" די משפחות וועקסעלבלאט, קופערמאן און פייערמאן.

יענקעל קאלקער'ן און בעריש פינקעלשטיינען, האט א קאפא־טאס פאר'מסור'ט, אז זיי האבען צופיעל געשלאגען א פערד — אן אדמיניסטראציאנעם פערד. האט דער קאלאנעל פון בוענאס־איירעס שריפטליך באפוילען, דאס מען זאל ביי די צוויי קאלא־ניסטען פון זייער ש ט י צ ע אלס "מולטע" ארונטערציהען צו פינף פעזאס. און אויב דער פערד וועט חלילה פגר'ן, זאל מען פון זייער ווייץ־קאסעטשע, איינקאסירען דעם גאנצען ווערטה פון יענעם פערד. (דעם בריעף האב איך געזעהן אין ארכיוו פון דער אדמי־ניסטראציע).

פאר יעדער קלייניגקייט איז מען באשטראפט געווארען. א "מולטע" און ווידער א "מולטא"!

דער נעקסטער נאך סער בוטעל'ן, דער אדמיניסטראטער, ש ט ו ר ם, א דייטש, איז נאך ערגער און שטרענגער געוועזן. ער האט באשטראפט ווען א קאלאניסט האט זיך צופיעל אנגעשפארט אויפ'ן אדמיניסטראציאנעם דראטה...

פירכטערליך, גרויזאם, האט ער אונז אין סאלדאטען פארוואנ־דעלט! יענער גרויסער טרוימער, וואס האט גע'חלום'ט אין ארגענטי־נא א גרויסע אגריקולטור שולע צו מאכען, אום נאכהער פעהיגע ערדארבייטער פאר ארץ ישראל צו בעקומען, האט אויף אונז א שווע־רען יאך ארויפגעלעגט. מיר זיינען געקומען זוכען פרייהייט און־

טער די שעהנע ארגענטינישע בלויע הימלען און געפונען האבען מיר שקלאפעריי! צו אייגענע פריצים זיינען מיר פארשקלאפט געווארען...

אך, וואס פאר א נאבעלע אידישע הארץ ער האט פארמאגט! נאר זי האט נעבאך געקלאפט אונטער א סאלדאטסקען אוניפארם. אויף זיין באזוך אין מיין גרופע, האב איך זעהר פיעל מיט איהם געשפראכען און כ'האב אין איהם דערקאנט א מענשען מיט א ווייכער און גוטער הארץ, און א מילדע נשמה — אבער דער סאלדאט האט איבערגעוואויגען ביי זיין קאלאניזאטארישער טהעטיגקייט.

אין חודש אויגוסט, סאמע ווינטער, האט ער אנגעטראפען די ברידער קיילעס גראבענדיג א "כאוואויל", ווייל ס'האט געפעהלט וואסער פאר'ן סקאט. א שוואגער זייערער, דער גאטזעליגער יענקעל שמוקלער, איז אין גרויסען ברונעם געשטאנען בארוועס, ארומגעוויקעלט מיט א זאק בלויז, און מיט א לאם געהאקט דעם שטיינערנעם גרונט.

— ווארום דיזער מאן אין זאק געקליידעט? — האט דער קאלאנעל געפרעגט אין זיין צובראכענעם אידיש-דייטש.

— ווייל ער פארמאגט נאר איין רעקעל מיט איין פאאר הויזען, כדי ער זיי אפהיטען, — האט איהם דער שטילינקער יענקעל קעסלער אפגעענטפערט.

— איז ברונען ניט קאלט ארבייט צו מאכען? — האט ער אפזיפצענדיג ווידער געפרעגט.

— ביי דער ארבייט איז ניט שטארק קאלט! — האט מאזעס שמולטשוק, איהם פארזיכערט.

אויף מארגען האבען די פינף, וואס האבען דעם ברונען געגראבען, ערהאלטען פון גאלדשמיעד'ן א מתנה פון גאנצע 25 פעזאס.

אט אזוי האט זיך דארט אין זיין נשמה געפלאנטערט: ווייכקייט מיט הארטקייט, איידעלקייט און גראבקייט, אידעאלנע טרוימען און סאלדאטסקע ווירקליכקייטען...

זאל איהם גאט מוחל זיין! ער האט אונז בכלל ניט פארשטאנען.

31.

## סובסידיע.

"געלט וועל איך אייך געבען!" — האט דער פאלקאווניק געזאגט צו די אימיגראנטען, וואס האבען זיך אלס פערד איינגעשפאנט אין זיין קאטש און איהם קייזערליך אריינגעשלעפט קיין מאאוריצא.

וויקטאריעס ריענער, האט ווארט געהאלטען. אבער אז אד־און ווען איז צו דעם געלט געווען! סובסידיע — שטיצע האט דאס געהייסען.

וויפיעל דערנידערונגען, באליידיגונגען, חרפה, חניפה און קריכע־ריי, עס געפינט זיך אויף דער גאנצער וועלט, איז דאס אין גאנצען און אפשר נאך מיט פראצענט, פארקניפט, פארבונדען און פאר־קערפערט מיט'ן שטיצע-סיסטעם!

מיין פעדער ציטערט מיר אין האנד, בעת איך שרייב די דאזיגע שורות. ווען פאר מיינע אויגען ערשיינען יענע בילדער, ווי מ'פלעגט אויסטהיילען די „סובסידיע", ווערט מיר דער פנים פארפלאמט פאר בושה און שאנד.

אט שטעלט אייך פאר דאס בילד:

א האלב־רונדער לאד, אויסגעשניטען אין א געל־געפארבטער ווענטעל פון ברעטער — דאס איז געווען די קצבה־לאד! א פלאכע לענגליכע ברעטעל, צוגענעגעלט אין פראנט ביים חלל, וואס אויף דעם ליגט דער ספר החשבון וואו מ'דארף זיך אונטערשרייבען. פון יענער זייט ווענטעל, זיצט דער „קאבערא", אדער קאסירער פון דער אדמיניסטראציע, אדאלף בערנהיים, א קורצער עלזאסישער אידעל, און רופט אויס די נומערן, וועלכע דער משרת האט פריהער פאר־טהיילט אונטער די קאלאניסטען.

ווען דער "נומער" קומט צו צום לאד, הויבט זיך אן דער עקזאמען:

— ווי הייסען זי? וויפיעל קינדער האבען זי? ארבייטען זי? ווי־פיעל לאנד האבען זי פערפלוגט?

— טרינקען זי שנאפס? — פלעגט דער אדמיניסטראטער שטורם אריינפאהרען מיט א שטעכעדיגען וויץ.

האט מען נאר דערטאפט א בעזגראמאטנע, און זייער צאהל איז א באדייטענדע געווען — אזוי האט מען איהם גענומען אפ׳חוזק׳ן און קיבעצען און מ׳פלעגט פשוט אויסצאפען די דמים...

יענער בערנהיים, איז געווען א שטיק ליז... ער פלעגט אפהאלטען א צייט־לאנג דעם "נומער" און זיך איבער איהם וויצלען. דער ציפער קאלאניסט, איז געשטאנען אין געהאקטע וואונדען און געשוויגען — ווייל רעדען געגען נאטשאלסטווא, האט מען אין גאלדשמיעד׳ס צייטען ניט געטהארט. פאר א קרום ווארט איז די שטראף געווען: צום ערטשען מאהל — פינף פעזאס, צום צווייטען — צעהן און דאס דריטע — וויסילקע, פשוט ארויסטרייבען פון דער קאלאניע און געעקט... דער נידעריגסטער משרת פון דער אדמיניסטראציע, האט מעהר צוטרויען און גלויבען געהאט, ווי דער גע־אכטעטסטער און ארענטלכסטער קאלאניסט און אט דיזע מכה איז בראניש פארבליבען, ביז צום היינטיגען טאג.

יענקעל ווינדאווסקי און קאפלאן, זיינען פאר׳ן חטא: רעדען קע־געז אדמיניסטראטער, "ארויסגעשמיסען" געווארען פון דער קאלא־ניע. סאלאמאן טראפ און בעריל שווארץ, זיינען פאר דער זעלבער עבירה, צוויי מאהל מולטירט געווארען און צום דריטען, הא־בען די גאאוטשאס זייערע בעביכעס ארויפגעווארפען אויף די וועגען און מען האט זיי פאריאגט פון באראנ׳ס טערריטאריע.

ביים צימער׳ל וואו דאס שטיצע־לאד איז געווען, איז א מודעה געהאנגען מיט דער ווארנונג: „ווער עס וועט ניט אויספאלגען, אדער זיך אנטקעגען שטעלען דעם קלענסטען באפעהל פון אן אדמיניס־טראציאנס בעאמטען — וועט באשטראפט ווערען מיט א "מולטא".

די נוגשים, די קאפאטאסען מכל המינים, פלעגען זיך אויסנוצען מיט דיזען "אוקאז", און וועמען ס׳האט זיך זיי פארגלוסט, האבען זיי אונערבארעהמליך געפייניגט.

שטעלט אייך פאר: די "סובסידיע" איז אזוי אויסגערעכענט גע־ווען, נור אום די נשמה צו דערהאלטען. אכט פעזאס פאר אנ׳ערוואק־סענעם און פיער — אויף א קינד פון דריי־יאהראן: ביז דריי יאהר.

זאל זיך עס שפייזען פון דער מוטער! 8 און 4 — האט עס געהייסען.
דער פּעזא האט דאמאלסט באטראפען קארגע פופציג רוסישע קאפּי־
קעס. אלעס איז געווען שרעקליך טייער: די מאנאפּאל־קלייט, האט
די הויט געשונדען! נון, קומט מען איז קצבה־טאג, נעהמען די ס ו ב־
ס י ד י ע און מען רעכענט נאך ארונטער פינף, אדער צעהן פּעזאס
אלס געלדשטראפע! וואס־איז? דער נוגש האט פאר'מסור'ט, דאס
מען האט די אקסען ניט געגעבען צום טרינקען, א פערד געשמיסען,
אדער אויפ'ן קייזערטהום גערעדט: — און געהט לעבט דורך א חודש
צייט מיט די מיזעראבלע סענטען וואס ס'זיינען פארבליבען!

יא, א קייזערליכע עהרע האבען די קאפּאטאסען געפאדערט! דער
"שווארצער מצרי", א נידריגער טונקעלער בחור'ל, מיט'ן נאמען ה.
איז געווען דער בעסטער אינספּעקטאר ביי גאלדשמיעד'ן. א ביטע־
רער שלעכטער יונג איז עס געווען! דיזער "מצרי", האט די קאלא־
טען די יאהרען דערגאנגען... מיט א בלויען בליישטיפט, פלעגט ער
אייגענהענדיג פארצייכענען אין שטיצע־בוך די שטראפען און ווען
דער אקערבויער איז נאך קצבה געקומען, האט ער שוין געטראפען
א צעהנפעזאסדיגע "מולטע" און שריי חי וקיים!

ניט איינעם פון די מ ו ל ט י ר ט ע פלעג איך טרעפען וויינענדיג
נעבען דראט אנטקעגען דער שטיצע־טהיר: "מיינע קינדער וועלען
שוין דאס מאנאט הונגערן, דער מ צ ר י האט מיך
פ א ר' מ ס ו ר' ט!" — פלעגט נעבעך דער באשטראפטער שלוכצען.

א נומער נאך א נומער זיינען אזוי, אויפ'ן פארהער פונ'ם אדמי־
ניסטראטער און קאסירער אויפגענומען געווארען און גליקליך זיינען
געווען די יעניגע, וועלכע זיינען עס בשלום אדורכגעקומען, ערהאל־
טענדיג די גאנצע ש ט י צ ע זייערע. וואס עס האט זעהר זעלטען
געפאסירט! די בלעטער פונ'ם קאפיר בוך באשטעטיגען דיזע טהאט־
זאך.

הונדערטע קאלאניסטען זיינען פון באגינען, ביז צעהן ביי נאכט
געשטאנען און אויף "אטשערעד" געווארט. אפט איז מען אהיים גע־
פאהרען מיט לעדיגען, אום אויף מארגען ווידער א גאנצען טאג ביים
גיהנום טהיר אפצוקרענקען. די מלאכי־חבלה פון דער אדמיניסטרא־
ציע, האבען זיך ניט געאיילט. פלעגען אטפראווען א צעהנדליג
קבצנים און זיך געהן עסען, טהעע טרינקען, קארעספאנדענץ איבע־

נעהמען, א ציימונג לייענען אדער גאר אביסעל זיך איבערשלאָפען... און ביים מהיר שטעהען מענשען, געוועזענע בעלי־בתים און הונ־גערן, פרירען, קוקען זשעדנע אין קצבה־לאַד און פארשעלטען זייער מזל, וואס האט זיי צו אזא מדרגה געבראכט.

— קצבה! פארפלוכט זאָלסטו ווערען! "שנאָרער! בעטלער באַנ־דע!" — פלעגט אונז שטורם אַנרופען און דער קאסיר בערנהיים, שפּעטער אדמיניסטראַטער, דוקא ניט קיין שלעכטער מענש אין כאַ־ראקטער, א גוטער העברעער, וועלכער האט לשון־קודש זיך אויס־געלערענט ביי א גלח אין בעלגיע און וואס איז שפּעטער זאגאר געוואָרען מיינער א פריינד. אָט דער דאָזיגער קאסירער, פלעגט אונז, מיט זיין לצנות שניידען פאַסענווייז.

— ס'איז א צדקה געשעפט! פלעגט ער שטילערהייד זאגען צו די ווייסבערדיגע קאָלאָניסטען. — אַנ'הכנסת אורחים! אַן אַזיל פאר קבצנים!

— נהמא דיכסיפא, אַלפּערסאַן! — האָט ער צו מיר אַרויס־געשריען פונ'ם חלל אַרויס און טרעהרען האָבען מיך ביי דיזען שטאָד-ווארט באַוואשען. יא, "העסליך ברוידט". דאס איז דער אמת'ר טייטש-ווארט פון סובסידיע.

וואס האָב איך געזאָלט טהון? אין א פרעמד לאַנד, שטום, אָרים, מיט קליינע קינדער וואס ווילען עסען... אָך, הונגער! וואס פאר א געפעהרליכער שונא דו ביזט!

מיט געבויגענע קעפּ, פאַרפלאָמטע פּנים'ער, אָהן א פונק פון מענ־שענווירדע, האָט מען זיך געשטופּט צום קצבה־לאָך, גע'חנפ'ט דעם משרת, כדי ער זאָל איבערבייטען דעם נומר אויף א פריהערדיגען — אום וואס שנעלער דעם באַראָנ'ס "נדבה" צו באַקומען... הגם מיר באַצאָהלען איצט מיט פּראָצענט און פּראָצענט פון פּראָצענטען, פאר יענע כלומר'שטדיגע נדבות...

ברידער, מענשען! ווער פון אייך עס וועט אַמאָהל דיזע שורות לייענען: האט איהר שוין געפּרופט נעהמען א נדבה? האָט אייך דער שיקזאַל געבראַכט צו דער מדרגה, א מקבל צו ווערען? איהר קענט די שאַנד און דעם וועטהאג נאָר פיהלען, אויב א י ה ר אַליין האט עס פאַרזוכט אדער כאָטש געווען דערביי!

דאס האַרץ ווערט פאַרקלעמט און טהוט שרעקליך וועה, די בלוּ־

טען פליסען מיט אזא האסטיגקייט אין די אדערען. אקוראט ווי עס וואלטען דארט ארומגעקראכען מיליאסען מוראשקעס: דער מוח ברענט און די גאל צעגיסט זיך אין יעדען אבר, אזש מען ווערט אנגע־פילט מיט א פערביטערנעש אויף זיך אליין, אויף דער גאנצער מענש־הייט, מיט איהר בארעמהערציגקייט. מיט איהר פארשאלטענער צדקה, מיט איהר אכזריות'דיגען רחמנות, מיט איהר גאנצען וואהל־טהאט סיסטעם! א צוויקענדע בושה כאפט אן און פאר די אויגען שוועבען איראניש הארבע פראגע־צייכענס: פאר וואס? נאך־וואס? צו־וואס פריהער דורך אלערליי פסלנות צוזאמענשארען דעם פאר־פלוכטען מעטאל, אום נאכהער א פילאנטראפ צו ווערען? איז דען די צדקה אליין, ניט די גרעסטע נקמה־נעהמערין פון דער ארימער גערעכטיגקייט? נא, זעה, ווי דו מוזט שעהן געבויגען ביי מיין טהיר? איז דען בכלל דאס רחמנות, נישט די גרעסטע באליידיגונג, פאר דער מענשליכער נשמה? איז דען רחמנות, נישט קיין פאק־טארין ביי גזלה אין די הענד? מען פארקריפעלט טויזענדער ארביי־טער, מען פארשקלאפט די מוטער, מען פראסטיטואירט די טאכטער און ווען מען איז שוין אויפ'ן שפיץ פון סאציאלען לייטער, פארגלוסט זיך כבוד, עהרע, — דאן וויקעלט מען זיך איין אין מאנטעל פון רחמנות, מען ווערט א בעל צדקה און מען ווארפט־צו די הונגעריגע א בייהן: "גאט גריזשעט און זינגט צו מיר שירים ותשבחות, איך וויל הנאה האבען פון מיין געלד און בין א נדבן, א פילאנטראפ!"

פארשאלטען זאל ווערען די חצופה רחמנות! פלוד אויפ'ן גאנ־צען צדקה סיסטעם!

נאר צו וואס האב איך זיך פלוצים פאנאנדער געפילאזאפירט? איך וויל דאך נאר דערצעהלען די געשיכטע פון דער קאלאניזאציע און ווי ס'איז צוגעגאנגען מיט'ן אויסטהיילען פון דער "סובסידיע".

מיט א טרוקענעם גאליעט אין קעשענע, אנגעטהאן די פעלענע לאפציעס צוגעבונדען מיט א ריהמענדעל פון א רוויער־פעל, אינ'ם געשענקטען קאמיטעט־רעקעל, אויפ'ן קאפ א מיצעל מיט צוויי דאש־קעס, — בין איך אויף דער געלער "מולא" נאך דער קצבה געפאה־רען. עלטערע אידען פלעגען עולה־רגל זיין, מחמת זיי האבען אנ־פאנגס מורא געהאט צו רייטען אויף די היזיגע משוגע'נע פערד. די גרעסערע נומערן, פלעגען זיך צוזאמענקלייבען אין קרייזלאך ער־

געץ אויף א בערגעל אָדער אונטער א געדיכטען בוים, זיך אוים זע־
צען ווי די טערקען מיט די פ ס אונטער זיך און איינער פאר'ן אנ־
דערען אויסגיסען דאָס פאַרביטערטע הארץ...

אזוי האָט מען טעגווייז פאַרלוירען, וואַרטענדיג אויף שטיצע!

## תכליתים און פרוכטבאַרקייט.

עטליכע פון די עלטערע קאָלאָניסטען, וואָס מען האָט זיי גע־האַלטען פאַר די חכמים און אויף זיי האָט מען שוין טאַקע אויך אַרויפגעלעגט דעם כלל'שען יאָך, האָב איך אין אַ "שטיצע טאָג" געטראָפען פאַרזאַמעלט אונטער דער ק ל אָ ג ע נ ד י ג ע ר וו ע ר ב ע, וואָס קוקט צום בית עלמין. אַלע זיינען אויסגעזעצט געווען אויפ'ן גראָז און אַ מאָסע "כאַלאַסטאַיעס" און פאַמיליאַנ־טען, זיינען אַרום זיי געשטאַנען.

מען האָט שטאַרק געזאָרגט איבער'ן נייעם נאָמען וואָס די קאָ־לאָניזאַציע האָט באַקומען. ביז'ן אַכצעהנטען יאַנואַר פון 1893־טען יאָהר, האָט עס דאָ אָפיציעל געהייסען: "ד י ק אָ ל אָ נ י־ז אַ ט אָ ר י ש ע א ו נ ט ע ר נ ע ה מ ו נ ג פ ו ן ב אַ־ר אָ ן ה י ר ש! און פּלוצים איז עס פערוואַנדעלט געוואָרען אין "די אידישע קאָלאָניזאַציאָנס געזעלשאַפט — יק"אַ.

פון

EMPRESA COLONIZADORA "BARON HIRSCH"

אין

"JEWISH COLONIZATION ASOCIATION".

— מען האָט אַרויסגעוואָרפען דאָס וואָרט ב אַ ר אָ ן ה י ר ש: אוים טאַטע! צו אַ שטיף־מאַמע זיינען מיר איבערגעגעבען געוואָרען! צו עפּעס אַ משונה בריאה, וואָס הייסט: יק"אַ! — האָ־בען אייניגע באַמערקט און פון יענעם טאָג אָן, האָבען די קאָלאָ־ניסטען אינסטינקטיוו גענומען האָסען דער דאָזיגער באַשעפעניש און איהר נאָמען.

שניאור מלמד, יוסעל דראָהל, אליהו פּאַק און דער בשר'ער מנקר, האָבען געוואָלט דרינגען, אז דאָס דאַרף זיין עפּעס אַ באַנדע מי־

סיאַנער׳ן, רייכע ענגלענדער, וואָס ווילען אונז מעביר זיין על דת... דערפאַר איז דער נאָמען אין ע נ ג ל י ש.

דער קליינינקער קאָנטאָניסט ראַגאָוו, פון טאַמבאָוו דוכט מיר איז ער געווען און וועלכער האָט זיך שטענדיג ארומגעטראָגען מיט א ספר־תורה׳לע, קושענדיג דאָס מיט צערטליכקייט און מיט האַר־ציגער תמימות, — האָט זיך ווי א קינד צעבליפעט:

איך האָב די שנייע־פעלדער פון סיביר אדורכגעבראַזשעט, ימים דורכגעפאָהרען און געקומען, ווידער א איד צו זיין, דעם צלם אוועקשליידערן און טיעפער׳זש..

דער קליינער קיבוץ אויפ׳ן גראָז, האָט ביי די ווערטער פון ני־קאָלאַיי׳ס אָן אַנוס, די קעפ טרויעריג ארונטערגעלאָזען און אַלע האָבען זיך פאַרטיעפט און פיינליכע געדאַנקען.

ישראל ליסין אַן עלטערער קלוגער איד, האָט זיך אויפגעשטעלט און צושריען:

— שוטים — טפושים! מלמדים וואָס איהר זיינט! ווער דאַרף אייער דת, וואָס האָט איהר זיך פאַרזאָרגט, און וואָס האָט איהר מורא פאַר׳ן נייעם נאָמען? מיר וועלען נאָך פון דאַנען פאָהרען אין א קאָמיסיע צום באַראָן, אָדער מיר וועלען א י ה ם אהער, צו־אונז ברייגען! מיר וועלען זיך ניט לאָזען טרעטען מיט די פיס — האָט קיין מורא ניט!

— אָט דער דאָזיגער ליסין, איז געווען א הייסער איד מיט א סך בטחון, דערפאַר האָט מען איהם שפּעטער אלס רעוואָלוציאָנער, אויף לאַפּין׳ס א באַפעהל, ארויפגעוואָרפען אויף א וואָגען און פון דער קאָלאָניע ארויסגעשיקט!... מיר׳ן נאָך צוריק־קומען צו זיין טהעטיגקייט.

ס׳איז שטיל געוואָרען, דער אַלטער וויינפעלד, וואָס האָט שטענ־דיג צווישען די צייהן געביסען דעם ציגאַרשפּיצעל און משלים גע־זאָגט, האָט פּלוצלונג אין א גאַנץ ערנסטען טאָן אָפּגעווענדעט דעם שמועס אויף אַן אנדער עניין.

דערוויל ברידער, איידער ה׳ ליסינ׳ס חלום וועט פאַרווירק־ליכט ווערען און מיר וועלען די זכיה האָבען דעם באַראָן דאָ צו זעהן, וואָלט איך געזאָגט, אַז ס׳איז א סך גלייכער א טראַכט צו טהון מכוח א דאָקטער. דער ליעבער דר יאַפּפע איז אוועק פון אונז. ער האָט מעהר ניט געקענט איבערטראָגען די פאַרפּעסטעטע סאָ־

זארמע לופט פונ'ם ענגלישען פאלקאוואדיעז. ווען ער האט למשל פערד געבעטען, אום צו פאהרען צו א קראנקען — האט איהם די אדמיניסטראציע ענטזאגט. דאס ווייסט איהר דאך! און מיט אזעלכע "שפיצלאך" האבען זיי איהם געזוכט צו פטר'ן און האבען עס דערגרייכט... דערווייל אבער ברידער, האבען זיך די ווייבלאך צעקינדעלט באלד ווי אין מצרים אונטער י ע נ ע נ ו ג ש י ם... צוועלף פאארלאך האבען מיר שוין דא געהאט און איצט איז ביי בצלאל ליפמאן א דרייללינג געבוירען געווארען... מעהר פון הונדערט געבורטען אין פערציג טאג! און אחוץ די קימפעטארענס, זיינען פאראן א סך אנדערע קראנקע. זאל דער קאלאנעל אונז שיקען א דאקטער און פאר איהם באשטימען זעקס פערד און נישט די פאדלעס וואס די אדמיניסטראציע שטופט אונטער גראדע דעם דאקטער!...

— און טאקע "מימעכאדאם", לאמיר אויך שרייבען וועגען א מקוה! — האט רבי לייב דינער געפאדערט — די ווייבלאך געהען טבילה האבען אין דער "לאגונא", די ש ו ו א ר צ ע קוקען זיך אונטער... און ס'איז קאלט... די סכנה איז א צווייענדיגע!..

— נו, און אן אונז, אן די "באלאסטיאקעס" פארגעסט מען? — האט זיך אויפגעהויבען א לאנגער איד מיט א באראדיווקע אויפ'ן נאז, א מעזשיביזשער חסיד מיט'ן נאמען, לייזער ניסענזאהן — איהר — טענה'ט ער, — זארגט זיך פאר פרו ורבו און מיר דוכט, אז די "לאגונא"-וואסער, איז אויסגעצייכענט פאר פריה ורביה, א סימן: די צווילינגם און די דריילינגם וואס זיינען געבוירען געווארען... ווארום זארגט איהר נית פאר א ו נ ז ע ר ע פרויען און קינדער וואס שמאכטען דארטען אין רוסלאנד? דארט ליידען זיי נעבאך פון הונגער און פון קעלט! — זיין שטימע ווערט איבערגעריסען פון אויפרעגונג און ער שלעפט-ארויס דעם ברייטען ארבעל פון זיין העמד און ווישט זיך אוים די פייכט געווארענע אויגען — בערל! — גיט ער א געשריי און שטורכעט מיט'ן עלענבויגען א ברייטביינערדיגען אידען, מיט א שעהנעד און גרויסער בלאנדער בארד, — דער "געלער ראבינאוויץ", האט מען איהם גערופען, א איד פון "עקרים", "כוזרי" און „עקידה", וואס שווייגסטו וואס? גולם איינער! זעה דעם בן הרב, ווי ער קען א מויל נית עפענען! די פאמיליאנטען האבען זיך אין זינען, און אן אונז פארגעסען זיי!

דער דאזיגער בערל, בורטשעט אונטערן נאז, לאזט אראפ זיין בליק צו די בארוועסע פיס. — קיין ג ו י' ש ע כ א ד א ק ע ס, אזוי ווי מיר, האט ער בשום אופן ניט געוואלט אנטוהן — און ענטפערט אנצייגענדיג מיט'ן האנד אויף מיר:

—זאל ער, מיט'ן פעלענעם גארטעל, מיט אליהו'ס אוזר עור, אייך אנשרייבען א ביטע אין לשון הקודש, דער פאלקאווניק זאגט מען, קאן די ציונ'ס שפראך...

—צוערשט זאל מען שרייבען פון די "כאלאסטאיעס"! —היצט זיך א מאגערער ווייסינקער מענשעלע, שמחה פליישהעקער איז זיין נאמען געוועז. — לאמיר אויך דא האבען אונזערע משפחות און זיין גלייך מיט אלעמען!

—מאטעל! — קאמאנדעוועט דער אלטער ליסין. — מאך א "טשארנע", מיט א קאראנדאש, טאקע דא אויפ'ן ארט און מיר ווע־לען דיך שוין אויסטאלקאווען!

ס'איז באלד געשאפען געווארען פאפיער און א בליישטיפט און יונה פרענקעל, מיט זיין גלייכער פלייצע, האט גערינגט אלס שרייב טיש... דער אלטער ליסין, האט דעם שפיץ פון זיין ציגענער בערדעל אריינגענומען אין מויל, האט ארויפגעצויגען די זאק, וועלכע פלעגט זיך איהם כסדר אראפרוקען, האט צוויי מאהל אפגעווישט די נאז, מיט דער האנד וואו ס'האט געפעהלט דער גראבער פינגער, זיך צו־גערוקט צעם לעבעדיגען שרייבטיש און גענומען דיקטירען — איך האב געשריבען...

דער עולם ארום איז ערנסט געווארען און איז געשטאנען שטיל רוהיג... לייב דינער, האט נאר איינאייציגען מאהל ארויסגענומען זיין טאבאקירקע מיט'ן צוריבענעם טיטון — קיין שמעק־טאבאק איז נאך דאמאלסט ניט בנמצא געוועז. האט מען זיך צופרידענגע־שטעלט, שמעקענדיג צוריבענע מאכארקע: — און ווי די מאדע זיינע איז געוועז, האט ער זיך גענומען מכין זיין צום דאזיגען עונג... אבער אין זעלבען אויגענבליק האבען זיך דערהערט קולות פון צע־ווישען עולם: "לאזט צורוה, רבי לייב, מיט אייער טאבאק שמעקען, עפעס שרייבט מען דאך!" און ווידער איז איינגעטראטען די שטיל־קייט און איבער יעדענס געזיכט איז צום באמערקען געוועז, דאס מען איז אין רעיונות פארטיעפט... אלע האבען פון זייער היים גע־

טראכט און ביי די אומגליקליכע „כאלאסטאיעס" זיינען די אויגען אנגעדראלען געווארען...

איך האב די"פראשעניע" געענדיגט. אברהם'ל ראזענפעלד, האט דאס פאפיער אין האנד גענומען און איבערגעזעצט אין אידיש דעם אינהאלט פון דער העברעאישער בקשה.

פלוצים האט זיך אויפגעהויבען וועקסעלבלאט, א בכבוד'דיגער איד, א גאנצער פארנעם, האט געהאט א זעהר געבילדעטע פאמיליע, (גאלדשמיעד האט איהם טאקע אומגעזאמט, ארויסגעשיקט פון דער קאלאניע) און האט אונז מיט זיין הייזעריגער שטימע כמעט ווי אין צווייפעל געטריבען.

— דומהייטען! נארישקייטען! — האט ער מיט זיין פעסימיזם באהויפטעט. — אומזיסט איז אייער שרייבען! דאקטוירעס, מקוואות, די פאמיליעס זאלען זיי אייך ברייגנגען? ניין, ניין! איהר האט צוטהון מיט רשעים, מיט שקלאפענהענדלער! ס'איז גאר קיין באראן נישטא! מיר זיינען זעהר שלעכט פארפאהרען! מ'דארף טראכטען ווי זיך צוריק אהיים צו דערשלאגען...

דער עולם האט אויפגעציטערט. דאס ווארט: א ה י י ם! האט יעדען עלעקטריזירט.

— א ה י י ם? — האט א הויבער קול אין א סארקאסטישען טאן אפגעקלונגען. — א היים! וואט טיעבע נא!

דאס האט אויסגעשריען אברהם הויכבערג, אנ'אדעסער און א געוועזענער סאלדאט. וואס האט אימער גערעדט "פאפאלאם פא-רוסקי"...

—א היים! — האט ער ווידער געשריען, נאכקרימענדיג זיך וועקסלבלאט'ן און האלטענדיג זיך פאדבאקאם: — א היים! טאם גדיע מ'ברענט הייזער, מ'זגראבעוועט די קלייטען, מ'הרג'עט די סטארצי, אי מען פיצעלט רעביאנושקי און מען ז'גוואלדעוועט אונ-זערע סיאסטרי! .... אה! — האט ער אזש גדונערט. — סאם יא ווידיעל א פאגראם! נו, דא, אליין געזעהן! מיין פראפארשטשיק געשטאנען נעבען מיר און געקוקט ווי די באסיאקעס בושעווען און ראזגראמליעווען און מיר געהייסען האלטען קאראאול! א שעהנע היים! וואט טיעבע נא! היי ווילענסקי! — מיר זיינען זדיעס אין דער ראספובליקע ארגענטינא: זדיעס איז אונזער היים!

און יענער הויכער, פעסטגעבויטער איד, צעטאנצט זיך פרעהלאך פאר'ן גאנצען עולם.

מיר האבען אלע פרייער אפגעאטהעמט. דער יאוש איז פאר־שוואונדען און די האפענונג האט איהר געוועהנליכען ארט פאר־נומען.

אין צעהן טעג ארום, איז אויף אונזער ביטע אנגעקומען אן ענטפער.

גאלדשמיעד מעלדעט: "דאס קיין מקוה קען די בירזא ניט מא־כען. עס דארף קאסטען פיעל געלט", און ברייננגט א חשבון: 500 פעזאס א הויז, היינט די גרוב, ד. ה. די מקוה, דארף האבען ציגעל און צעמענט אין באטרעף פון נאך 200 פעזאס. די אדמיניסטראציע קען אזא אויסגאבע ניט מאכען. "אויב די קאלאניסטען ווילען, זאלען זיי עס אויסטרויען פון זייערע ס ו ב ס י ד י ע געלדער"....

—ווי געפעהלט אייך דער שפאס! — האט אימיצער אויסגעשריען!

וועגען א דאקטער, פארזיכערט ער, דאס מארגען שיקט ער ארוים דעם דר. שווארץ, אויף יאפפע'ס קאסטען און מכוח די פאמיליעס פון רוסלאנד צו ברייננען, ווערט פארשפראכען, אין גיכען צו באציהען די משפחות פון יענע "סאלטעראס", וועמעס אויפפירונג איז אין די פערוואלטונגס־ביכער פון מאאוריציער אדמיניסטראציע, פארצייי־כענט אלס א ג ו ט ע ; די בונטאוושטיקעס און רעבעלען, האבען אבסאלוט ניט וואס צו ווארטען און האפען, דאס מען זאל זיי נאך זייערע פאמיליעס ברייננען!

באין ברירה, האבען מיר מיט פארדראס דעם ענטפער אראפגע־שלונגען.

די פרומע אידען האבען שון מקוואות אליין פארזארגט: ביי מאטיע פרענקעל אין גרופע 54, האט מען איין ג ר ו ב אויסגע־גראבען און ביי הירש שאפאטשניק, אין גרופע 31 — די צווייטע. מען האט געגראבען ביז'ן וואסער, נאכדעם איבערגעצויגען די גרוב מיט א לייווענטענעם דאך און די שוחטים, האבען די קאלטע וואסער גריבער מיט א הייסען מקוה־הכשר געווארימט... און דאכצעך דאס זיי האבען די דאזיגע מקוואות מיט מילך גע'כשר'ט... דער יונגער דור, די 20 ביז 30 יעהריגע, (מחמת עלטערע מענשען, זיינען גאר ווייניג געווען). האבען זיך פאר צרות גענומען מעהרען און מעה־

רען, ווי אין פסוק שטעהט: וכאשר יענו אותו, כן ירבה!...

אבער קינדלען אין א בודקע פון בלעך, דארט האדעווען קינדער. זיי זייגען און ערציהען אויף דער פארשאלטענער מאגערער ש ט י־צ ע. איז גאר ניט אזוי קאפריסינ׳דיג געווען. האבען זיך מיישב גע־ווען אייניגע פון די יונגע קינפעטארינס און געוױנערינס, און געכאפט א שטארב...

קיין דאקטער איז גיך ווידער ניט געווארען. דר. שווארץ, איז קוים געווען פון יולי ביז סעפטעמבער. ער האט זיך מיט דער אדמיני־סטראציע צעריסען, אקוראט ווי אלע איבעריגע ערצטע און איז אב־געפאהען, שפייענדיג קלעק אויף זיי...

איז ווידער אמאהל א יללה געווארען:

— דאקטער: — האט מען פון אלע זייטען געשריען!

דא איז א קינפעטארין געשטארבען. דארט האט זיך א קאלאניסט פארטשעפעט אן א בראנע און דאס לייב צופליקט. אנאנדערער איז פון פערד אראפגעפאלען און א פוס צובראכען... איבערהויפט זיי־נען די שטאדטישע אידען, כמעט אלע, גרויסע בריה׳ס געווען, צום פאלען און זיך אויסצוגליטשען...

— גוואלד, א דאקטער! — האט די גאנצע קאלאניע געיאמערט. די אדמיניסטראציע האט צו דער דירעקציע געשריעבען און דער ענגלישער קאמאנדיר, וואס יעדער סאלדאט־קאלאניסט, איז ביי איהם טייער געווען, האט פארארדענט, אז די אדמיניסטראציע זאל יענע מיט די צעבראכענע בייהנער, אריבערשיקען קיין בוענאס־איי־רעס אין "האספיטאל־פראנסעס" און דאס די געוױנערינס זאלען דערווייל צו ווארטען... מילא, האט מען די קאליקעס אויף שליטענס פון בלעך, צוגעטאסקעט ביז קיין אלגאראבא און די בארעמהערצי־גע אדמיניסטראציע פון גאלדשמיעד׳ס מאנארכיע, האט זיי אט־פראוועט אין שטאדט אריין. וואלט דאך שוין געווען נישקשה! איז אבער דערביי אן ערגערע צרה געווען. אז מען האט דעם קאלאניסט דארט אויסגעקורירט און ווען ער איז מיט א פארגיפסעווען פוס, בשלום א היים געקומען, האט דאן זיין געזונדטע פאמיליע אנגע־הויבען קרענקען פשוט פאר הונגער... ווייל די אדמיניסטראציע האט אלע מאנאט אראפגעצויגען א חלק פון זיין שטיצע, אום צו דעקען די אויסגאבען פונ׳ם קראנקענס רייזע קיין בוענאס־איירעס: פאר־

די שפייזען פון דער קוראציע וואס זי האט דארט פאר איהם באַ־צאהלט, אדער וועניגסטענס, געזאָלט באַצאָהלען!...

נאָך אַ פּאָאר מאָהל האבען מיר געשריבען צום קאָלאָנעל. ער האט ענדליך געענטפערט, דאס ער האט וועגען ענין דאָקטער, דעפּעשירט צום באָראָן און ער האט אַ תשובה באַקומען, אַז עס ווערט ארויס־געשיקט אַנ׳ערצטין, אַ אידישע פריילין...

די אומגליקספעלע האבען אבער ניט געוואלט ווארטען אויף דער דאָקטערשע, די פריילען... יונגע מאַמעס זיינען דערוויייל אלס קרבנות געפאַלען!

האט מען געמוזט באַדינגען אַ קריסטליכען ארצט פון שטעדטעל פעהוואכא, אַ מרחק פון צוועלף לעגוועס (60 קילאָמעטער) פון אונזער קאָלאָניע. צוויי מאָהל אין וואָך, פלעגט ער קומען צופאָהרען און מיט דעם דאָזיגען ארצט, איז אונזער ביטערער כוס פארפולט געוואָרען...

33.

## צעזאר רהאדעס, — אנ׳ארצט, און „האטעל טשאנטשא״ — א שפיטאל.

אויך ביי די טהויערען פון מענשליכע שמערצען און יאמערן, אויפ׳ן שוועל פון שפיטאל, האבען די בעאמטע פון דער בארעמהארציגער פילאנטראפיע, אונז אויף חוזק גענומען: האבען זיך אויסגעלאכט פון אונזערע וועהטהאגען, זאלץ געשאטען אויף אונזערע וואונדען און זיך געוויצעלט איבער אונזערע שטערבענדע...

יענע בילדער, קענען פון מיינע אויגען ניט פארשווינדען. אימער ערשיינען זיי בולט און שטענדיג ערוועקען זיי ביי מיר די פראגע: איז טאקע ווירקליך דער איידעלער קאלאנעל אזוי בלינד געווען, אז ער האט דאס אלעס גאר ניט געזעהן? ווארום האט ער עס ניט פארהיט? פארוואס האט ער דאס ניט געהינדערט? ווי אזוי האט ער עס געקענט געבען אזא אומבאגרענעצטע ממשלה, אין די הענד פון א באנדע וואגאבונדען וואס האבען נאר געוואוסט, דאס זיי דארפען די אומגליקליכע אימיגראנטען פייניגען? ווי קומט עס, וואס פאר אלעמען און אויף אלעם, האט ער אזא אפענע רייכע האנד געהאט, אחוץ פאר אונז קאלאניסטען?

הערט חידושים! אויף אלצדינג האט דעם באראן׳ס פארמעגען געסטאיעט! א קאמיסאריע האט מען אויסגעבויעט ביי רחבה, זאל פאליציי האבען וואו צו וואוינען און פארברייגגען! א תפיסה, מיט א סך קאזאמאטען, צימערלאך מיט אייזערנע גראטעס, גוטע זיכערע שלעסער, מיט באקוועהמע וואוינונגען פאר די וועכטער, אלעס פון ציגעל מיט צעמענט, גוטע טהירען, פענסטער, כדבעי... אן אדמיניסטראציאנס געביידע, הויך און לאנג ווי דער אידישער גלות... מיט צימערן גרויסע און ברייטע — אהן א שיעור. אפילו פאר דער בלאנדער פראנצוזקע, דעם אינזשעניערס מעטרעסע, וועלכע פלעגט מיט איהר אויסגעלאסענעם געלעכטער פארהילכען דעם גאנצען „הויף״, האט מען צוויי חדרים אויסגעסטרויעט. די צוויי ריעזיגע

גאַלפּאַנעס, פאַר די פערד און די קאַטשען פון דער אַדמיניסטראַציע, האָבען מיר מיט אונזערע הענד אויסגעבויעט: „פּיתום און רעמסס" האָבען מיר זיי אַ נאָמען געגעבען; — אויף אַלעס, איז די האַנד ברייט צועפענט געוואָרען: נור פאַר אונז קאָלאָניסטען איז זי פעסט געשלאָסען געוועזן!

מילא אַ באָד, אַ מקוה האָט גאָלדשמיעד אָפּגעזאָגט, דאָן וועט זאַנגאַר ארעסטאַנטען איז סיביר באַקומען אויך אַ באָד זיך צום רייניגען... די אַדמיניסטראַציע קען קיין געלד אויף אַ באָד ניט פאַרשפּענדען! אויף מקוואות — נו פאַנאַטיזם אפשר. איך ווייס? אָבער אַ האָספּיטאַל? אַך מיין גאָט! ווייסט איהר וואו ער האָט אַ פּלאַץ געפונען פאַר אַזאַ דרינגענד נויטהיגען אינסטיטוט? ס'איז מיר פּשוט אַ בושה צו דערצעהלען. יענער אויבען־דערמאָנטער חזיר שטאַל, וואו מיר זיינען צוזאַמען מיט די שווייַנען געלעגען ביים אַנקומען, אהין האָט מען איצט די חולאים פאַרשיקט! די וועגט פון בלאָטע, דעו דאַך פון שטרוי, — איז דער באַריהמטער "האָטעל טשאַנטשאַ" געשטאַנען אויף אַ בערגעל אַנטקעגען בית עלמין און פאַרבליבען בירושה פון דעם עקס־פּאַטראָן'ס, רעמעלאָ פראַנקאָ'ס חזירים!

יענע "ראַנטשאַ" האָט דער קאָלאָנעל געהייסען כלומר'שט פאַרריכטען. מען האָט אויפ'ן שטרוייענעם דאַך אַרויפגעלעגט בלעכען, די וועגט מיט קאַלך אָפּגעווייסט, אָפּגעטהיילט צוויי פראָנט צימערלאַך, איינעם אַלס קאָנסולטאַריע פאַר'ן דאָקטער וואו קראַנקע אויפצונעהמען און דעם צווייטען, וועגען די עטליכע פלעשלאַך מעדיציז, וואס מ'האָט אָנגערופען אַפּטהעק.

הינטער די צוויי חדרים, איז געווען אַ לאַנגער שמאָלער חדר, מיט צוויי קליינע בויער־פענסטערלאַך וואָס האָבען אַרויסגעקוקט צום "הייליגען אָרט". אין יענעם צימער האָט מען אַריינגעשטעלט צוויי "קאַטרעס", און דאָס האָט מען אַ נאָמען געגעבען שפּיטאַל! נעהמט אידען, ווי איינער רעדט — און קרענקט אייך וויפיעל איהר ווילט: איהר קענט אויך דורך די פענסטער־לעכער, קוקען גלייך צום עולם האמת — און צופרידען זיין.

אַט דיזער "האָספּיטאַל", וואו עס געפינט זיך נאָך עטליכע פלעשלאַך מיט מעדיקאַמענטען, שטעהט ביז היינט אויפ'ן זעלבען אָרט.

קיין בעסערן האבען מיר ניט זוכה געווען אויפצובויען; נאר היינט דרעהען זיך דארט ארום גרויסע סטשורעס, ראצען און מייז פון אלע סארטען און מינים.

דער פאראנדעק איז געווען פאלגענדער: צוויי מאהל אין וואך, זיי־נען די "דאקטער טעג" געווען — מאנטאג און דאנערשטאג.

הונדערט חלאים זיינען זיך צוזאמען געפארען, אדער צונויפ־געקומען קיין אלגאראבא און זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, פון ביידע זייטען וועג וואס ציהט זיך פון דער אדמיניסטראציע ביז'ן "האטעל טשאנטשא־האספיטאל". דארט איז מען געזעסען און גע־ווארט אויפ'ן דאקטער פון פעהואכא.

נאך יעצט דוכט זיך מיר, ווי איך זעה יענע ארימע קראנקע: א ווירקליכע גיהנום בילד, וואס נאר א דאנטע, וואלט א מייסטער גע־ווען ריכטיג צו שילדערן!

אט ליגט דער אכצעהן־יעהריגער שעהנער בחור, שמשון מעלמאן, וועלכער איז פון א פערד ארונטערגעפאלען און א פוס צעבראכען. ער קרעכצט און אויקעט אז עס שניידט אזש ביים הארצען. זיין פאטער, משה חנה"ג אלדעס פון סקאלא, — א שפעטערדי־גער רעווערענד, חזן ומוהל אין ניו־יארק, — שטעהט נעבען איהם, לעגט איהם צו קאמפרעסען פון קאלט וואסער און באוואשט זיך מיט טרעהרען... ווייטער אביסעל, ליגט לייב יוטעם מיט א צעבראָ־כענעם ריפ אין זייט. אביסעל אפגערוקט, טרעפען מיר אונזער באַ־קאנטען, דעם אלטען ישראל ליסין, וועלכער איז געפאלען אויף א בראנע און אפאאר אייזערנע צייהן זיך אריינגעשטאכען. נאכהער קומען יונגע פרויען, מיט ארומגעבונדענע קראנקע ברוסטען. פארקיהלט צווישען די אנגעפרוירענע קאלטע בלעכען: מא־מעס מיט שלאפע און קראנקע קינדער, ריהנענדיגע אויערן, שטיקענדיגע העלדזער, צעיאטרעטע מכות און שלעק פון דער גאנצער וועלט... אט די דאזיגע אלע פארוואגעלטע, ליגען אויפ'ן גראז אוןווארטען דער דאקטער זאל זיי ברייגנען זיין מעדיציניש־ע הילף. הימעל! איז דען מעגליך דאס בילד צו פארגעסען?

אויף א לייכט רייט־וועגעלע, איינגעשפאנט צו א ברענענדע שווארץ סאמעטענעם פערד, לויפט אן דער דאקטער צעזאר רהאדעס. ער איז שנעל מיט זיין געשפאן דורכגעלאפען די צוועלף־לעגוועסדי־

גע שטרעקע. די בעאמטע פון דער אדמיניסטראציע, שטעהען און גלע־טען דעם פארשוויצטען "נעגרא", פאטשען איהם אין הינטען, גלע־טען איהם די גריווע, קוקען איהם אין די צייהן און זאגען מבינות, לויבענדיג דעם פערד ביז גאר... דער דאקטער שמועסט מיט זיי און צעשמעלצט זיך פון נחת. אויף די קראנקע קוקט מען זיך אפילו ניט ארום!

דער דאקטער וואשט זיך ארום, טרינקט מיט'ן אדמיניסטראטער קאפע און ווארפט-צו עטליכע קאמפלימענטען דער יונגער פראנטשו־זשינקע... ערשט ארום עלף א זייגער, קומט ער ארויס, אפט באגלייט פונ'ם אדמיניסטראטער, שפאצירט אדורך די שורות מיט קראנקע, פארשרייבט, אז די מיט צעבראכענע גליעדער, זאל מען שיקען אין א שפיטאל קיין בוענאס איירעס און פאר די איבעריגע חולאים, פאר־ארדענט ער אביסעל מאגנעזיע, ביקארבאנאטא פון סאדיום, זאגט עטליכע פארנארגראפישע פראזען צו די יונגע ווייבלאך און געהט ווייל ס'איז אומזיסט די קוראציע... ווע זיי װאלטען דארפען צאה־תיכף אוועק, אום מיטאג צו עסען...

זיצען די קראנקע און ווארטען ביז צוויי א זייגער! ווען דער דאק־טער קומט פונ'ם עסען מ ר א ה כ ה נ'ד י ג, זעצט ער זיך אוועק אויף א שטול און באהאנדעלט אונזערע קראנקע מיט'ן גרעסטען ציניזם...

—טשע גרינגא! — זאגט ער צום יונגענמאנטשיק וואס פאר־טרעט כלומר'שט אז אפטהעקער און פארוואלטעט די עטליכע פלעש־לאך און פעקלאך רפואות. — דו ווייסט דאך שוין אליין! זאלץ — די האלדז קראנקע, יאדא טינקטור — פאר די פארוואונדעטע...

דריי א זייגער קומט אריין דער אדמיניסטראטער און מ'שמועסט אביסעל, מען לאכט, מ'חוזק'ט און מען טרינקט "מאטע", וואס א שותפות'דיגע שיקסעל דערלאנגט... אזוי ווערט צווישען זיי באַ־שטימט בהסכם, דאס די אלע קאלאניסטען קרענקען נאר דערפאר, ווייל ס'איז אומזיסט די קוראציע... ווען זיי וואלטען דארפען צאה־לען פאר יעדער וויזיט פונ'ם דאקטער און פאר די מעדיקאמענטען, דאן וואלט קיינער פון זיין ניט שלאף געווען...

זייגער פיער איז שוין דער „נעגרא“ אפגעבאדען, ארומגעוואשען, אויסגעקעמט, אנגעהאדעוועט און איינגעשפאנט — און דער דר. פאהרט אוועק.



ווי דער דאָקטער מיט'ן אדמיניסטראַטער קורירען קראַנקע. (ז. 191)

אויף אזא סמך האבען די רשעים אויפגעהויבען א פראטאקאל און צעזאר רהאדעס האט באשטעטיגט, דאס די אימיגראנטען קרענקען פשוט פון וואוילטאג און זיי קורירען זיך נור, ווייל דאס איז אויפ'ן בארא'ס חשבון. "זעהר ווייניג זיינען ווירקליך קראנק!" — פארזיכערט מען דארט. אט דאס איז אפגעזיגעלט געווארען מיט'ן שווארצען חותם פון דער ארמיניסטראציע און איבערגעשיקט געווארען אין דער דירעקציע פון בוענאס-איירעס.

אומגעזאמט איז אנגעקומען אן אוקאז פונ'ם קאלאנעל, דאס יעדער קראנקער זאל צאהלען פון 50 ביז 80 סענט פאר יעדער מעדיצין, וואס ער באקומט פון אפטהעק... דאס זאל זעלבסטפארשטענדליך ארונטערגערעכענט ווערען יעדען מאנאט פון דער "סובסידיע".

און די נוגשים האבען טריאומפירט, אנצייגענדיג דעם פאלקאווניק, דאס זייער מיינונג איז א ריכטיגע געווען; דאס זינט ס'איז איינגעפיהרט געווארען דער אפצאהל, קומען א סך ווייניגער די קאלאניסטען צום דאקטער... אה! דער ר י י כ ע ר גאלדשמיעד האט מן הסתם ניט געוואוסט, דאס דער ארימער טאטע וואס ברויכט די 80 סענט אויף ברויט פיר זיינע קינדער, וועט גיכער ליידען דעם וועטהאג, זיך בעסער פארלאזען אויפ'ן בורא'ס רפואות, איידער ביי זיינע בני-בית צוצונעהמען דאס עסען!...

נייענציג פראצענט פון די ערשטע קאלאניסטען זיינען טאקע ביז היינט פארבליבען קראנקע, רעוומאטיזנע, געבראכענע פון דער צו שווערער ארבייט, פון דאס לעבען אין דחקות בעת דער פארפלוכטער שטיצע-עפאכע, פון דאס וואלגערן זיך אריבער א יאהר אין „קארפאס" און אין בלעכענע בודקעס, — און אלעס צוזאמען האט אונטערגעגראבען די געזונדהייט פון די ערשטע פיאנירען.

א גרויסע טהייל פון די כוחות האט פארצעהרט דאס הייזערבויען. בעת דער פאדריאטשיק האט שוין אויפגעשטעלט די הייזערסקעלעטען, האבען מיר אליין געדארפט אויסקנעטען די בלאטע, אום די ווענט צו מאכען. אונזערע פרויען און קינדער האבען ווי ביי פרעה'ן, אין די גרעסטע קעלטען געקנאטען בארוועסערהייד דאס לעהם, אין יולי און אויגוסט, אין סאמע-מיטט פון היגען ווינטער. זיינען מיר ביז'ן האלדז אין בלאטע געלעגען און אזוי זיך הייזער געבויעט...

איז דען אַ חידוש דאָס מען האָט ביי אַזוינע אומשטענדען אַלער־
ליי קראַנקהייטען ערוואָרבען און אָפט אַ דאָקטער געברויכט? די
פּילאַנטראָפּען האָבען עס אָבער נ י ט ג ע װ א ל ט באַגרייפען.

## 34.

## קורצזיכטיגקייט און אומפארשעמטקייט.

נאך א מיהזאמער פלאגונג פון פיערציג טעג, נאכדעם ווי אונזערע פים זיינען געשוואלען געווארען קנעטענדיג דאס לעהם, איז ענדליך אונזער "ראנטשא", געדעקט מיט שטרוי, פארטיג געווארען אויף שבת סליחות פון תרנ"ג. איך עראינער זיך איצט, מיט פון טרעהרען אנגעפילטע אויגען, אן יענעם מאמענט, ווען מיר האבען אונזערע צרה'דיגע געלעגערס אריבערטראגען פון דער. בודקע אין שטוב אריין און ווי מיין פרוי, האט באגייסטערט אויפגעהויבען די אויגען צום קאמישענעם דאך זאגענדיג:

— אה, איך דאנק דיר גאט! מיר שלאפען שוין אונטער א דאך מיט ווענט!

ווען איך דענק איצט, איבער יענע יאהרען: ווען איך טראכט־נאר, איבער די ליידען און שמערצען וואס מיר האבען דאן איבערגעטראגען, באגרייף איך באין אופן ניט, פון וואנען מיר האבען דאמאלסט אזוי פיעל ענערגיע, מוטה, אויסדויער און כוחות גענומען, איבערצוטראגען דעם שווערען יאך וואס דער ענגלישער איך האט אויף אונז ארויפגעלעגט. ער האט אונז פשוט פאר'ן באראן'ס שקלאפען געמאכט, פאר זיין לייב־אייגענטהום פאררעכענט.

— מיר זיינען קנין כספו של הבאראן! — פלעגען די תלמוד'איסטען, ניסענזאהן און ראבינאוויץ, כסדר באהויפטען.

גאלדשמיעד האט נאר אבאכט געגעבען, דאס מ'זאל פאלגען נאטשאלסטווא. מען זאל חלילה ניט עובר־זיין אויפ'ן קלענסטען פארשריפט, וואס דער קאפריז פון זיינע משרתים האט דיקטירט. אונז האט ער באטראכט אלס אונוויסענדע ברואים, וועלכע מען דארף האלטען און קולאק, ווי סאלדאטען אין א קאזארמע... דערצו נאך, איז ער געווען א קמצן, א קארגער פון דעם סארט, וואס צעהלט די גרייפען אין טאפ און לאזט אויסרינען די מילך... אין איינציגע פרטים איז זיין באגריף איבער עקאנאמיע פשוט צום לאַבען געווען.

אין ארכיוו פון סעפטעמבער 1892, טרעפט מען א פעראָרדנונג צום אדמיניסטראטער פון מאָוריציאָ, דאס ער זאָל ניט שרייבען אויף קיין גרויסען בלאַק־פּאַפּיער, די קליינינקע באריכטען פון דער קאָלאָניע. וואס קענען געשריבען ווערען אויף פיערטעל־בויגעלאַך פון די מעמאָראַנדום׳ס, ווייל ס׳איז א שאַד געלד... דאס בלאַק־פּאַפּיער קאסט צו טייער!

דאס וואס די בעאמטע האבען טויזענדער געשטווילען — דאס האט איהם ניט געאַרט, אָדער אויף אזוי ווייט האט ער מיט זיין שכל ניט געקענט זעהן... ער האט אויך ניט באמערקט דעם טעררער, וואס די בעאמטע זיינע איבען אויס איבער אונז און זייערע אומפארשעהמטע באנעהמונגען און באַציהונגען צו אונז. ווייל חוץ וואס זיי האבען אונז קערפּערליך געבראַכען, האבען זיי נאך אונזער גייסט אויך געוואלט פארטיליגען און אונזער טהרת המשפחה געזוכט צו פארניכטען.

א געוויסער אדמיניסטראטער, גאספּאַדין ב. ז., א רויטהער ביי־זער נאטשאלניק, וועלכער פלעגט שטענדיג אונטערפאנפען און וועמען מיר האבען אלס פאַרזאָרגער געהאט, ביים סוף פון גאלד־שמיעד׳ס פעריאָד און פאַר דער גאנצער צייט וואס דער פּראָוויזאָרישער דירעקטאָר, מאַקסים קאַגאַן, האט געוועלטיגט: — האט פיעלע פון אונזערע פרויען באַלעסטיגט מיט די שמוציגסטע אבזיכטען...

אין א „דאָקטער־טאָג”, האב איך נעבען דער אדמיניסטראציע אנגעטראָפען א פרוי, שטעהענדיג אונטער א בוים און ביטער וויי־נענדיג. איך בין נעהענטער צוגעגאנגען און א בעקאנטע דערזעהן — איהר מאַן איז מיינער א גוטער ברודער געוועזן און מיר זיינען אויף דער זעלבער שיף געפאָהרען.

— וואס וויינט איהר? וואס איז אייך געשעהן? — האב איך זיך גענומען ערקונדיגען.

דאס ווייבעל האט זיך אנפאנגס געקווענקעלט. עפּעס האבען זיך איהר פאַר שאַנדע, אָלע ווייל די קאָלירען געביטען און ענדליך האט זי, אונטער א ים טרעהרען מיר דערצעהלט: דאס זי ליידעט שוין א צייט לאַנג אויף א ברוסט, עפּעס א צוקיהלונג. איז זי צום דאָקטער געגאַנגען. האט איהר דערזעהן דער אדמיניסטראטער און

איהר צוגערופען.

— איהר ברויכט צום דאקטער? — האט ער געפרעגט: דער־צעהלט זי ווייטער: — קומט אריין, ער איז אט־דא אין צימער.

ווען זי איז אריין, האט ער די טהיר הינטער זיך פארמאכט און זיך צו איהר געווענדעט:

— אנו ווייזט נאר די ברוסט, איך וועל אייער דאקטאר זיין און אייך קינצלעריש אויסהיילען... — און דא האבען געפאלגט א רייהע פון ציניש׳ע אויסדריקע און שמוציגע ווערטער, וועלכע זיי־נען באגלייט געווארען מיט געוואגטען געוואלדטהאט...

זי האט גענומען שרייען, גוואלדעווען און זיך קוים פון זיינע הענד, אנ׳אונבאפלעקטע געראטעוועט.

א סך אזעלכע לומפיגע סצענעס זיינען פארגעקומען. ס׳האט זיך זיי אבער ניט איינגעגעבען: יענע וויסטלינגע איז ניט געלונגען, אונזער פאמיליען ריינהייט צו פארשוועכען.

אמת, זיי האבען געהאט גענוג א ו מ ר יי נ ע, וואס דער עמיגראציאנס שטראם האט ביז צו די ארגענטינער גרענעצען פאר־טראגען און ארויסגעווארפען אויף מאאוריציער פעלדער. דר. בערקנהיים און לאפין, האבען שפעטער אט די אלע דאזיגע נפשות פארטריבען און ארויסגעיאגט: די קאלאניע איז פארבליבען א ריינע, אנ׳אונבאפלעקטע, ביז צום היינטיגען טאג.

אט אזוי האט מען אלעם געדולדיג אריבערגעטראגען. געשפיע־נען די לייהען אין פנים אריין... די האפנונג האט אלצדינג פאר־זיסט מיט איהר פארשפרעכען:

— מיר וועלען אלע אדונים איבערקומען, אפילו דעם קאלאנעל מיט זיינע גאלדענע עפאלעטען איבערלעבען!

פלייסיג האט מען אלץ ווייטער געארבייט: מענער, קינדער און פרויען זיינען קיינמאהל ניט אפגעשטאנען.

35.

# אונזערע פרויען.

איך זעה זיי ארומגעהילט אין א שעמערירענדער ליכטיגקייט — יענע מוטהיגע און שטאלצע קאלאניסטישע פרויען.

ניט דער שווארצער טעראר פון יענער פארפלוכטער צייט; ניט די דערנידערנדיגע שמוציגע ש ט י צ ע: ניט יענע פארדארבענע נאטשאלניקעס — האבען זיי געקענט פארטונקלען. זיי מאכען קאמפלאז אדער פארצווייפעלט. האנד ביי האנד מיט זייערע מענער, האבען זיי העלדיש געשטריטען, און די נויט אויסגעלאכט.

זיי האבען די גאלדענע האפענונג מיט זייער פרויען־חן באפוצט. אין זייער פאנטאזיע, האבען זיי געמאלען די שענסטע צוקונפטס־בילדער און פאר די מענער פארגעשטעלט, גלויבענדיג־פעסט אין א רייכען, פרייען, גליקליכען עתיד אין דער נייער היים, פארזיסענדיג הערוייל די גאל־ביטערנעש פון דער פינסטערער געגענ־ווארט.

ווי די ליכטיגע פינקלענדע שטערען אין א פינסטערער נאכט, אזוי שיינען יענע פרויען פיאנירינען פון דער ארגענטינישער קאלאניזאציע, וועלכע, אויב זי וועט נאר לאנג אויסהאלטען און עקזיסטירען — וועט א גרויסען דאנק שולדיג בלייבען, אט צו יענע נאבעליע דאמען.

באלד ווי די ווענט פון הייזעל זיינען מיט די בלאטע אנגעוואלקעוועט געווארען, ווי די פרוי האט איהרע עופה'לאך דערזעהן אונטער א דאך, געשיצט צווישען פעסטע ווענט, אזוי האט זי זיך תיכף מיט ליב און זעלע צו דער לאנדווירטשאפט איבערגעגעבען. אונטער די שניידענדע פאמפא־ווינטען, אין דער ברוכטאגיגער גיפטיגער קעלט, איז זי שוין געשטאנען אין "קאראל" נעבען איהר מאן און געהאלפען א יי נ ז ש ו ג ע ו ו ע ן די אקסען. אויסריכטענדיג איהר מאן צום אקערן, איז זי באלד אויפ'ן פערד געזעסען און ווי א ווינט זיך געטראגען קיין אליסע אדער נאך אלגארבא, אום צו ברייגנען פלייש פון דער יאטקע. אט אזוי ארום,

זיינע פיעלע פון זיי, פלינקע און פעהיגע רייטערינס געווארען; גאנצע סקוואדראנען אזעלכע אמאזאנינס, פלעגען זיך יאגען איבער די וועגען אום פונ'ם מאנאפאליזירטען אלמאסען פראוויאנט צו ברייגנען.

פעשע רעזניק און מלכה דיניעץ, פלעגען זיך פארוועטען מיט די געשיקסטעסטע יונגע רייטער א "קארערא" צו מאכען, און זיינען שטענדיג די רייסעס געווינערינס געווען.

פיעלע מיידלאך און ווייבלאך, זיינען מיט די פלוגעס געגאנגען; האבען געאקערט און געבאראנאוועט צוגלייך מיט די מענער.

שרה ניעמיטשיניצער און חוה חיה וויינגאסט, האבען דעם ער־שטען שניט געמאכט מיט'ן סערפ; פון פריה ביז נאכט האבען זיי דעם ווייץ־צוזאמענגעקליבען. דבורה חת, א הויכע, קרעפטיגע טונקעל־ברוינע פרוי, האט זיך דאס "סיעווא" אנגעטהון אויפ'ן האלדז, און מיט'ן זאק, געשפאנט אויף דער ר ע ל ע א און די קוקורוזע געזעעט. איהר מאן, שלמה חת, א שטיק שלומיאל, איז געגאנגען פאראויס, אום איהר די ליניע אנצוצייגען און זי האט אלע וויילע צו איהם געשריען:

— שלמה. אט־א־דא! דו האסט פארפעלט א מ ע ל ג ע, ס'וועט זיין א פליעד!..

די הארץ האט געפרעהט צוקוקענדיג ווי די שטאדטיגע אידישע טעכטער, וועלכע זיינען פארוועהנט געוועזן צו געהן אין סאמעט און אין זייד, אין האנדשוה און אין היטעלאך, געהען איצט אנגעטוהן אין אקספארד און אין ציצענס, שטעהען אין פעלד און ארבייטען באגלייך מיט די מענער!

די אידישע פרוי, האט ארויסגעצייגט איהר טרייהייט און־איבערגעבענהייט צום ארענטליכען פאמיליע־לעבען און צו דער עהרליכער אגריקולטור ארבייט! ניט אין שענק, אין קלייט צי אין מארק, צווישען טענדלערס. מוכרים און קונים — איז דער פלאטץ פון דער אויפריכטיגער אשה עבריה, —זאנדערן אין פעלד, אין גארטען, ביי דער לאנדווירטשאפט! נאר דארט, דערקענט מען דער עקרת הבית. אין גארטען און אין סאד, מיט די ביימער און בלומען, וואו ס'שיינט ארויס די וויים־געקאלכטע שטוב; מיט'ן אויפגערוימטען הויף, וואו הונדערטער עופות פון אלערליי סארטען און מינים.

פילען אין די לופט מיט זייער פיסטשערייי און קוואקעריי: — אט דארט אין דעם נ ו ה ה ש ל ו ם, דערקענט זיך די א ש ת ח י ל, וועלכע איז א קרוין פאר איהר מאן און א ציערונג פיר איהרע קינדער!

און דאס זיינען די מאאוריציער קאלאניסטישע פרויען טרייליך געוועזן.

ניט נאר ביי דער אגריקולטור אליין, האט זיך די פרוי צו דער העכסטער שטופע דערהויבען: אויך ביי דער קולטורעלער ענטוויקלונג, ביי דער פארשפרייטונג פון ק ע נ ע ן און ו ו י ס ע ן, זיינען די קאלאניסטקעס, די ערשטע איניציאטארינס און מיטארבייטער געוועזן.

אין דעצעמבער פון 1892, איז די ערשטע שולע אין אליסע פערטיג געווארען. האבען די פרויען זייערע קינדער געפיהרט אין שולע רייטענדיג. (מיר מענער זיינען נאך אזוי פארטאראראמעט געווען, אז מיר האבען דאמאלסט לחלוטין ניט אין זינען געהאט די קינדער ערציהונג.) ווען די פרויען האבען באמערקט דאס סאלאמאן כהן, דער ערשטער לעהרער, פארנאכלעסיגט זיין אויפגאבע, זיינען ז י י געווען די פראטעסטירערינס און האבען זיך דירעקט איבער דיזען ענין צו גאלדשמידט'ן געווענדעט.

זיי האבען געפאדערט, דאס מען זאל זארגען פאר די עלטערע, צוועלף יעהריגע אינגלאך, וואס זיינען שוין „אין די פלוגעס איינגעשפאנט געווען" — ווי זייער וויבערשער אויסדרוק איז געווען. ז י י האבען געליארעמט, דאס מען זאל אווענד־שולעס מאכען און מען זאל שאפען פון זייער'טוועגען ביכער צום לעזען, כדי זיי זאלען ניט פארגרעבט ווערען...

אכט פרויען, רייטענדיג אויף פערד, האבען מיך אין א טאג ארומגערינגעלט, בשעת כ'האב אין פעלד פארבראנעוועט דעם פארזעעטען מאאיס, און האבען פון מיר געפאדערט, דאס איך זאל מיטהעלפען ליטעראטור צו פארשפרייטען און שאפען די נויטהיגע ביכער, כדי עס זאל זיין וואס צו לייענען אין די שבת'דיגע טעג און אין די ווינטער אווענדען.

כ'האב דאמאלסט אין "המליץ", פארעפענטליכט אן ארטיקעל אונטער'ן איבערשריפט: "לא מעבר לים היא" — "מיר זיינען אהן תורה, מיר האבען ניט איין ספר, מיר ווערען פארגרעבט אין אר־

גענטינא!" — איז מיין געשריי געווען.

אונזערע ברידער פון יענער זייט ים, האבען זיך תיכף אפגערופען. פיעלע מחברים, האבען אונז זייערע ווערק צוגעשיקט. דר. אייזענשטאדט, האט דער ערשטער אונז א סך ביכער אריינגעשיקט, אונטער וועלכע ס'איז אויך געווען פיעלע עקזעמפליארען פון זיין בוך, "יודען און יודענטהום", — דאס ביכעל האבען כמעט אלע קאלאניסטען זיך אויסגעלעהרענט אויסעןוועניג. ד"ר. קאצענעלענסאן, האט געשיקט זיין ווערט: "רמ"ח אברים". העררר שלמה בובר זיין: "מדרש תנחומא". — דערצו זיינען אויך געקומען פיעלע ביכער אין אידיש. דער בארימהטער און גרויסער איד, קלמן וויסאצקי, האט צוגעשיקט צוויי קאסטענס מיט ביכער, אבער אויפ'ן אדרעס פון דער יק"א, און די וואהלטעטיגע בעאמטע, האבען ווייזט אויס אונז ניט פארגונען אזוי פיעל ליטעראטור און האבען עס געלאזט פארפאלען ווערען אין אפצאהל־אמט (ארואנא). א ספר־תורה האט אונז צוגעשיקט דער ראבינער צוקערמאן, פון קיעוו.

אין קעסטלאד פון קעראסין האב איך ביי מיר אין „ראנטשא", די דאזיגע ביכער געהאלטען און פרייטאג נאך חצות, פלעג איך מוזען איבערלאזען דעם פלוג, אום א ביבליאטעקאר צו ווערען.

ווי גראסארטיג און ווי אנגענעהם איז דער שבת־טאג געווען! דאמאלסט האט מען נאך דעם רוה־טאג שטרענג אפגעהיט און די גאנצע גרופע, פלעגט צו פוס ארויסגעהן אין פעלד, אום די אקסען צו פאשען. אלע פלעגען זיך אויסזעצען אויפ'ן גראז, געוועהנליך אנטקעגען דעם ארט, וואו די אקסען האבען זיך ארומגעדרעהט און איינער פון אונז, האט אנגעהויבען פארלעזען פאר'ן עולם. אז מ'האט געדארפט אפטרייבען די אקסען, דאס זיי זאלען ניט ארויף אויפ'ן פארזעטען, האט מען מיט'ן לייענען אפגעווארט, ביז דער פאסטוך פלעגט צוריק־קומען. אזוי האבען מיר אויפגעהאלטען די פעלד־ביבליאטעק, מיט'ן פרייען לעזע זאאל אונטער גאטס הימעל, ביז צו לאפין'ס צייט.

די מאדאם לאפין. א דיפלאמירטע ערצטין, זעהר א געבילדעטע און עדעלע פרוי, זי האט אונז מיטגעהאלפען, א רייכע ביבליאטעק צו שאפען. צווייהונדערט פעזאס, האט זי אליין דארויף געשאנקען און גע'פועל'ט ביים אדון לאפין, דאס ער זאל אין אדמיניסטרא-

ציע געבען א צימער וועגען די ביכער. די מאאוריציער ביב־ליאטעק, געפינט זיך ביז היינטיגען טאג אין זעלבען חדר.

דאס ביסעל קולטור, הגם זי איז נעבאך זעהר ארים אין דער קאלאניע, האט ז י י אבער, יענע ערשטע מוטהיגע קאלאניסטישע פרויען צו פארדאנקען איהר עקזיסטענץ און זיי קומט, אלס צו טרייע פיאנירירען, — ליב און כבוד.

## א פראנצויזישער שפיאָן, די האַדראָוואַניע פון דער "אַליאַנץ".

גאָלדשמיער איז דאָ אין לאַנד געווען, ביז צום צוועלפטען יולי פון 1893 און איהם איז צו פערדאַנקען, וואס די אימיגראַנטען זיינען געוואָרען קאָלאָניסטען.

פאר זיין צייט, איז דאס לאַנד איינגעטהיילט געוואָרען. א גרויסע פאמיליע האט באַקומען 50 העקטאר און קליינע משפחות — צו 25. יעדען קאָלאָניסט האט מען געגעבען צו זעקס אָקסען, איין פערד, א פלוג, א בראָנע און אַלעמען אויף לאַנד באַזעצט. דער קאָלאָנעל האט נאָך די זכיה געהאט צו זעהן די ערשטע "קאָסעטשע" פון 1892־טען יאהר, וואס איניגע קאָלאָניסטען האבען געמאכט.

— אַלפערסאָן. — האט צו מיר גאָלדשמיעד מיט שטאָלץ געזאגט. — אייערע פיערציג זעק ווייץ, האָבען מיר פארקויפט צו 7.60 $! — אבער דאס געלד דערפון, האב איך קיינמאל ניט געזעהן און אין חשבון מיט דער יק"א, זיינען זיי אויך ניט אריינגערעכענט געוואָרען!

דער פאלקאָווניק האט נאָך אויסגעפיעט, כמעט די לעצטע 3200 פיה־שטיקלעך צו פארקויפען דעם סעניאָר כאַסע פערעז, אין פרייז פון צוועלעף פעזאָס א קאָפּ... ס'קען זיין אז דאס האט ער געטהאן, בכדי זיי זאלען הפנים קיין שאדען ניט מאכען אויף די פּאַרזשעטע פעלדער, אדער פילייכט די בעאמטע איינצושפּאָרען די מיהזאמע ארבייט פון גנבה... ווער ווייסט, וואס פאר א טובה ער האט געמיינט דערמיט די קאָלאָניסטען צו טהון?! און פּלוצים, שטיל, אומבאמערקבאר, אהן באַגלייטונג, אהן א "ז יי ג ע ז ו נ ד", איז ער פון ארגענטינא אפּגעפאָהרען און קיינער האט איהם קיין ברכה ניט נאכגעשיקט אויף זיין רייזע...

א פּראָוויזאָרישער דירעקטאָר, א רוסישער איד, גאַספּאַדין מאַקסים קאַגאַן, איז פון לאָנדאָן געשיקט געוואָרען, גאָלדשמיעד'ס אמט איבערצונעהמען. מיט דיזען, איז געקומען אלס מיטהעלפער, דער

פעטערסבורגער דאָקטער, בערנקהיים. אדמיניסטראַטער ביי אונז אין קאָלאָניע, איז געווען א געוויסער ראָזענבערג, אויך א רוסישער איד — און דער דעספּאָטישער רעזשים פון רוסלאַנד, איז צו אונז אריבערגעטראָגן געוואָרען.

נאָך איידער די רוסישע האָבען די הענד צופיהרט, איז אין קאָלאָניע אָנגעקומען גאָר א נייער נפש. א קורצער און א דיקער, מיט א ווייסען געזיכט און קליינע הענטעלאך... א שטימע האָט ער געהאַט א מיידעלשע, אויגען שמייכלענדע, אנ׳אויסזעהן פון א גאַנצען פרומאַק, וואָס איז גאָט די נשמה שולדיג! זיין נאָמען איז געווען פּ ר אָ פּ ע ס אָ ר ה י י אַ י ם (חיים), און די קאָלאָניסטען האָבען איהם מיט א צונאָמען געבענשט: ״דער ווייסער יעזואיט״ אדער ״דער פראנצויזישער שפּיאָן״.

געווען איז ער, דוכט מיר פון די מאַראָקאַנער־שפּאַניאָלישע־פראנצויזען: א פּראָדוקט פון דער ״אַליאַנץ איזראַעליט אוניווערזעל״, אדער פון דער אַרצי־אַסימילירטער פראנצויזיש־אידישער חברה, וועלכער מען האָט אין אַלטע צייטען אָנגערופען ״חברת כל ישראל חברים״.

געשיקט האָט מען איהם, לויט ס׳האָט געהייסען, נאָר וועגען די שולעס: אָבער מיט׳ן ערציהונגס פּראָבלעם האָט ער זיך אבסאָלוט ניט באַקימערט. ער האָט בלויז שפּיאָנירט די קאָלאָניסטען און זיי ווי א שלאַנג, הינטען ארום, געביסען, קרענקענדיג א יעדען ביז אין דער טיפעניש פון זיין נשמה...

מעגליך אז ער האָט געוואוסט פונ׳ם: כ ל ה מ י צ ר ל י ש ר א ל נ ע ש ה ר א ש: ער האָט אונז גענוג וועה געטהאָן און גע׳רודף׳ט, און טאַקע באַלד, איז ער געוואָרען דער הויפּט־מאַכער, אדמיניסטראַטער און ארגאַניזאַטער.

ביים ״טרעהרען דראַטה״, ביי דער ״אַלאַמבראַ״ וואָס צאַמט ארום דעם אדמיניסטראַציאָנס הויף, פלעגט ער זיך ארומדרעהען מיט ביידע הענד אין די ארבעל אריינגעשטעקט. אז ער האָט דערזעהן א קאָלאָניסט פאַרבייגעהן, האָט ער איהם מיט א יעזואיטישען שמייכעלע א ״גוט־מאָרגען״ אנטקעגען געטראָגען: מיט א נעבאַך־פּנים׳ל און אנ׳אומשולדיגער מיענע, פלעגט ער כלומר׳שט גלייכגילטיג פרעגען, אויף זיין דין און קוויטשיק קול׳כעל:

— ווי הייסען זי? וואס פיר א גרופע? קענען זי יענעם קאלאָ־ניסט וואס געהט דארט? וואס פיר א מענש איזט־ער? זא? ער וויל ניכט ארבייטען? א פוילענצער? שפיעלט אין קארטען? אה׳זא? אה, זא? דאַנקע־שאָהן פיר דיזע אויסקינפטע!

דער יעזואיט האט דעם קאלאָניסט אפגעלאָזט און גלייך אלעס אין זיין ביכעלע פארצייכענט און באלד באגעגענט א צווייטען קאָ־לאָניסט, צו וועלכען ער האט זיך מיט נייע שאלות געווענדעט:

— ביטטע, קאָנען זי דעם מאַן וואס האט מיט מיר יעצט גע־שפראָכען? וואס, ער איז א פעהיגער, גוטער ארבייטער? וואס ניין? זאַ, זאַ, א אוננוצליכער בורזשע: טרינקט פיעל שנאפס? אה, זאַ? דאַנקע... דאַנקע שאָן!

אַט אזוי פלעגט ער שפיאָנירען. אויספרעגען ביי די תמימות׳דיגע מענשען, די חסרונות פון איינעם אויפ׳ן צווייטען... און פון אזעל־כע ארויסגעפרעסטע ווערטער, האט ער שוין אויסגעקנאָטען א מסירה־קיכעל, צוגעגעבען זיינע אייגענע געווירצען און עס צוגע־טראָגען אלס פאַטראָווע צו די הויכע שרים, וואס האבען שוין גע־ווארט אויף די דאָזיגע מטעמים...

די קאָלאָניסטען האבען ניט געוואוסט, דאס א וואָלף אין א שעפ־סען־פעל, דרעהט זיך ארום צווישען זיי. מען האט איהם געהאלטען פאר א פראָפעסאָר, א לעהרער פאר די קינדער: אָבער די אדונים אין פאַריז, וואס האָבען דאמאלסט איבערגענומען דאס אפּוטרופסות פון דער קאלאָניזאציע, זיי האבען הפנים גוט געוואוסט, וועמען זיי שיקען... ער האט געשפיאָנירט אי די קאלאָניסטען, אי דעם רוסי־שען רעזשים, וואס האט דאן פראָוויזאָריש די ממשלה איבער די קאלאָניעס איבערגענומען און איז אויף דער ביהנע ארויפגעטרא־טען.

## אונזעריגע זיינען דאָ!

אין א פריה־מארגען, אם ענדע פון מאנאט יולי 1893־טען יאהר, בין איך מיר געגאנגען ביי מיין פלוג, געשפאנט צו זעקס אָקסען, רייסענדיג די "צעלענא". דער ווינטערדיגער נעבעל האט זיך נאָר וואס אויפגעהויבען, אנטרינענדיג פאר דער גרויסער, קיילעכדיגער זון, וואס האט גענומען ווארימען די שווארצע פאסען ערד, וועלכע מיר האבען אויפגעאקערט, כדי ווייץ צו פארזעען. פלוצלונג איז אויף זיין "שימעל" אנגעלאָפען א פארסמייעטער דער אלטער ליסין. די פאָלעס פון זיין קאפאטע האבען געפלאטערט אין דער לופטען און געטריעבען דעם ווייסען פערד—ווי די זעגלען פון א קאראַוועלע;ביידע זאקען זיינען ביי איהם ארונטערגעקאטשעט געווען אריבער די שיך און זיין פנים האט געפלאמט. ווי נאר ער האט מיך דערזעהן, האט ער פרעהליך זיך צעשריען:

— נייעס, מאטעל, נייעס. א ו נ ז ע ר ע זיינען דאָ! אונזערע רוסישע זיינען אנגעקומען!

לופטיג, שפרינגט דער אלטער אראפ פון זיין פערדעל און טאקע בהרף עין, איז ער שוין נעבען מיר אויפ'ן גראז געלעגען; האט די זאקען צוערשט ארויפגעצויגען און דאן גענומען דערצעהלען מיט באגייסטערונג און פרייד, דאס מיר האבען ענדליך דערלעבט, אז אונזער חלום זאל פארווירקליכט ווערען: רוסישע אידען, אונזערע ברידער, האבען איבערגענומען די הנהגה פון דער קאלאניזאציע.

— איצט וועלען מיר דעם קאפ אויפהויבען! — יחמור'ט־זיך דער אלטער ליסין. — באפרייעט געווארען פון ענגלישען יאָך! אויס מיט גאלדשמיעד'ס טערראר! אונזעריגע זיינען דאָ!

דער געטרייער כלל־טהוער ווערט אלץ מעהר ענטוזיאזמירט, ווישט דעב נאז מיט דער פיערפינגערדיגער האנד, שלעפט די פאָלע פון דער קאפאטע און ווישט ווייטער, ווישט און רעדט:

— צוויי זיינען זיי דאָ. דער דירעקטאָר, א פיינער, דיקליכער

רוסישער איד, קאגאן אדער כהן איז זיין נאמען. א מאסקווער איז ער! דער צווייטער, איז א קליינטשקער, א מאגערער און מען רופט איהם: דר. בערקנהיים,—קומט פון פעטערבורג. מיר—דערציהלט ער ווייטער אין איין אטהעם, — מיר עלטערע מענשען, זיינען נעכטען געווען ביי זיי און שוין אלעס גע'פועל'ט. מיר האבען זיי פשוט געזאגט, אז ס'וואקסט־אויס א גאנצער דור בני־נידה... די ווייבלאך ווילען נים געהן טבילה האבען אין די קאלטע גריבער, און די וואס געהען שוין יא — ווערען קראנק פאר קעלט... האבען זיי קיין צוויי ווערטער נים איבערגערעדט און אונז באלד געגעבען ציגעל, אום א באד צו סטרויען: — בכלל נים אזוי ווי דער ענגלישער פאלקאוואדיעץ!

און ליסין ציינט מיר א "וואלע" פון מאקסים קאגאן. אין דיזען קוויטעל צום פאדריאטשיק אלפארא, ווערט פעראָרדענט צו געבען ציגעל, האלץ, טהירען און פענסטער, אלעס וואס מען ברויכט פיר אזא געביידע.

— יעצט, — באפעלט מיר דער זקן: — שפאז־אויס די אקסען און קום אין שטוב אריין: מ'דארף אויסשטעלען אנ' אויפרוף צו די קאלאניסטען. דאס יעדער גרופע זאל ארויסשיקען א „קאמון־וואגען" מיט צוויי ארבייטער, כדי דעם מאטריאל אריבערצופיהרען פון דער גרופע 39, ביז צו דער גרויסער "לאגונא" אין אלגאראבא וואו ס'איז באשטימט דער פלאטץ פיר דער באד. און מלאכה־געלד, — זאגט ער ווייטער, — ווערען מיר אליין שאפען. יעדער־רער זאל א פעזא אראפגעבען פון דער שטיצע... אזוי זאלסטו שרייבען. הערסט? מ'דארף זעהן וואס שנעלער דאס צו מאכען! ס'איז פיקוח־נפש! פארשטעהסט?

איך האב איהם געפאלגט. דעם קול קורא מיט'ן פלאן פון דער באד און מקוה פערטיג געמאכט. דער אלטער קהל'ס־מאן האט די פאפיערען צוגענומען און די ארבייט אנגעהויבען. נאך א פאאר חדשים פון שווערער מיה, האט ישראל ליסין, פארענדיגט די ערשטע קהל'שע געביידע — א באד...

די קאלאניע האט גע'רעש'ט: נייע אדונים — נייע פעראָרדענונגען, נייע גזרות און נייע משפטים. פיעלע קאלאניסטען האבען פאר שמחה אזש געטאנצט. האבען די נייע בעלי־בתים געלויבט ביז'ן

הימעל... נאר עס זיינען אויך געווען אזעלכע, וואס האבען געשאלטען מיט טויטע קללות.

— א רוצח איז אט דער דאזיגער יונגער בערנקהיים! — פארזיכערט מיר מאזעס קנעפלער, איינער פון די "סאלטעראס" — דער שפאנישער איבערגעלעגטער נאמען פון די "כאלאסטאיעס"— אהן רחמנות שיקט ער ארוים די קאלאניסטען! אויפ'ן צעטעל ביי איהם, שטעהען שוין א גאנצע מאסע. דער "מצרי" האט פון מ'ניי אויפגעלעבט און איז זיך נוקם אן די קאלאניסטען.

די שכנים פון מיין גרופע זיינען דאנעגען געקומען פון אלגאראבא דוקא מיט גוטע נייעס.

אונזערע רוסישע זיינען בעסער און פראקטישער פאר די ענגלישע: — דערצעהלען זיי, — אין א גרופע א ל א מ ב ר י ר ט מען שוין ארום א "סינאדע" — א "פאטרערא" פון 50 העקטאר, וואוהין ארייננצולאזען דעם סקאט אויף ביי נאכט צום פאשען. מען וועט שוין מעהר ניט דארפען אלע פריהמארגען ארומלויפען זוכען די אקסען און אפטמאהל גאר נישט געפינען, ווייל אנאנדער קאלאניסט פון א ווייטער גרופע, האט זיך הערוויל אויף זיי מרחם געווען און האט זיי איינגעשפאנט אין פלוג... אדער דער בעל טאקסע איז איבער זיי געקומען און געלאזט מאכען א ברכה על השחיטה...

אזעלכע ערא־יגניסע פלעגען גאנץ אפט פאסירען. אן ארענטלירער רוהיגער קאלאניסט פלעגט מיט מסירות נפש אויסצאמען א פאאר ווילדע יונגע "נאוויזשאס", אום ער זאל האבען גוטע פרישע עקסלאך צו דער ארבייט; — אבער אפלאזענדיג זיי אויף פאשע, האט ער זיי אויך שוין מעהר ניט געפונען. אפטמאל פלעגט ער זיי מחילה פשוט ניט דערקענען... הגם א פאאר קרעמער, האבען א תחבולה אויסגעקלעהרט: האבען זייערע אקסען אנגעבונדען אויף די עהרנער קאלירנע בענדלאך... אבער מיט די "קאמונאלע פאטרעראס" צום פאשען, וועט דאס אויך שוין מעהר ניט פארקומען.

גוטע און שלעכטע ידיעות האבען זיך פארשפרייט און אלערליי קלאנגען האבען זיך געטראגען: מען גיט זריעה אויף ווייץ; מ'טוישט אין דער אדמיניסטראציע די אקסען! אנשטאט די ווילדע, פוילע, אלטע אדער נארעוויסטע, גיט מען אויסגעלעהרענטע און פאסיגע צו דער ארבייט: פעהיגע, פלייסיגע קאלאניסטען, באקומען איצט

נאך א פּאָאר אָקסען פרישע, א חוץ די פריהערדיגע זעקס.

איך האב אָט די אלע ישועות אויסגעהערט און ביים אינס־פּעקטאר פון דער גרופּע, ביים יונגען דייטש פּעטערסאן, א קוויטעל געבעטען, דאָס מען זאל מיר אויך געבען א פרישע פּאָאר אָקסען: ס׳האָט זיך מיר געגלוסט, צווישען די פלייסיגע קאָלאָנסטען אריינגערעכענט צו ווערען.

דער אינספּעקטאר האט מיר צוליעב געטאָהן, ער האט אבער דערביי, עפּעס רעטזעלהאפט מיט די אָקסלען געצויגען.

— פערענדיגען זי דאָס פּפלוגען: — האט ער מיר געזאָגט, — אונד קאָממען זי דאנערשטאַג אראב נאָך אלגאַראַבאַ: דר. בערקנהיים ווירד זעלבסט פּארטהיילען די אָקסען. זי ווערדען דאָרט אויך, איינע "וואָלע" ביי׳ן פּראָפעסאָר הייאים בעקאָממען, אום וויצען־סעמיליא אָבצוהאָלען! — האט ער מיט אן אונזיכערען טאָן פּאָרענדיגט.

דאנערשטאג פּארטאָג, איז גראדע אויסגעפאלען א ווייסער שטארקער פראָסט. איך האב מיינע פּאָסטאָלעס אויף די פיס ארומגעשנורעוועט, צוגעבונדען דעם רעקעל מיט׳ן ריהמענדעל פון דער רויער־פעל: א גרינעם רוסישען שארף האב איך ארום האלדז פּאר־וויקעלט, אנגעטאָהן מיין היטעל מיט די צוויי דאשקעס און אין אזא הלבשה, אראָפּ־געפאָהרען אין דער אדמיניסטראַציע.

א מענגע קאָלאָניסטען, ציטערנדיג און פּלאָטערנדיג פאר קעלט, זיינען דאָרט געשטאנען נעבען "קאַראַל" און מיט די צייהן גע־קלאַפּט... זיי האבען געקוקט אויף די איינגעשפּארטע אָקסען און האבען פאר׳גנב׳עט בליקען געוואָרפען אויף׳ן צווייטען זייט פון צאָם, וואו ס׳האבען זיך געפונען די גאנצע כאַליאַסטרע אַדונים, אינספּעקטארען און קאַפּאַטאַסען, וועלכע האבען מיט קריכערישער חניפה צוגעשמייכעלט צום יונגעטשקען דר. בערקנהיים, וואס איז אין זייער מיטט געווען.

דער אדמיניסטראַטער ראזענבערג, האט אינ׳ם קאַראַל ארומגעשפּאַנט מיט זיינע רויטהע כאַליאַוועס, און געקאָמאַנדעוועט מיט די גאַאוטשאָס וואס האבען זיך דאָרט ארומגעדרעהט רייטענדיג, און ארויסגעגעבען די אָקסען צו די גליקליכע וואס זיינען ביים דר. בערקנהיים בשלום אדורכגעגאנגען דעם עקזאַמען.

יעדער אינספעקטאר האט פארגערופען זיינע קאלאניסטען און איינציגווייז, אזוי ווי די שאף צו דער שחיטה, זיינען זיי פארבייגעגאנגען. דער דר. האט יעדען באטראכט פון קאפ ביז די פיס, האט אריינגעקוקט אין א פאק געלע פאפיערען, וואס ער האט אין האנד געהאלטען און דעם קאלאניסט, פארשיעדענע שאלות געשטעלט, אויף וואס מען פלעגט געוועהנליך שטאמלענדיג און דערשראקען אפ־ענטפערן. איינינע, זיינען פונ'ם פארהער פרעהליך אוועק, זיי האבען נושא־חן געוועזן ביים פריץ, — האבען באקומען אקסען, זריעה און נאך דערצו א פריינדליכען שמייכעל אלם "א לא ושאפא"...

אנדערע אבער, זיינען אוועק מיט אראפגעלאזטע קעפ און בלוט פארלאפענע אויגען...

— דעסגראסיאדא! — אנ'אומגליקליכער, האבען די גאאוטשאס אזעלכען נאכגעמורמעלט.

— די זעהסט? — זאגט צו מיר לייזער ווילדער, אנ'אלטער מענש און א זעהר בכבוד'דיגער קאלאניסט. — פיינשטיינען האט ער שוין אפגעשאכטען; א רחמנות נעבאך, פיער קינדער האט ער!

ס'איז דעם "מצרי'ס" ארבייט! — האט יוסעל מלמד זיין מיינונג געזאגט. — אט דער ש ו ו א ר צ ע ר, האט אין יענע געלע פאפיערען איבערגענוג אנגעפינטעלט.

איך בין געשטאנען און האב זיך צוגעקוקט צו דיזער נייער אינקוויזיציע און די בלוטען האבען זיך אין מיר געקאכט.

— גלויבט איהר אין השגחה? — האט מיר געפרעגט משה סאפיאן, א איד א חקרן, וועלכער איז גראדע געשטאנען נעבען מיר ביים דראטה: — יא, זאגט איהר? פארוואס־זשע האט זי בעדארפט געבען דעם באראן אזוי פיעל מיליאנען און נאך אזא גוטע הארץ דערצו? האט זיך דען דאס אידישע פאלק ניט געקענט באגעהן אהן איהם, אהן דעם ביגל רחמים מיט זיין גאנצער עקעלהאפטער צדקה־קאלאניזאציע? אלע מאהל שיקט ער נייע אדונים — און נייע בלוט. ווערט פארגאסען! ווי אזוי, פרעג איך אייך, האבען אונזערע עלטערן יאהרען אבגעלעבט אהן א באראן? נו, איהר שווייגט. וואס? השגחה פרטיות...

פאר פארדראס האב איך דעם פארפרוירענעם דראטה אריינ־

געגומען צעווישען די צייהן און האב איהם מיט כעס געגריזשעט...
נור פלוציב האב איך דערהערט ארויסרופענדיג מיין נאמען.

איך בין צוגעגאנגען און דערלאנגט די "וואליע" פון אונזער אינספעקטאר פעטערסאן. דער איינגעל, וואס האט זיך גערופען דר. בערקנהיים, האט זי ביי מיר צוגענומען, האט מיך דרינגליך אנגעקוקט, געבלעטערט אביסעל זיינע פאפיערען און זיך געווענדעט צו מיר מיט געשפעט:

— איהר זיינט עם אלפערסאן? איהר ארבייט מיט אייערן א זוהן פון 9־10 יאהר? א שעהנע ארבייט קען דאס זיין?!

איך האב שוין מעהר ניט געקענט איבערטראגען. דער כעס וואס האט אין מיר פריהער געזאדען — האט אויסגעבראכען און מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ, קוקענדיג איהם גלייך אין פנים אריין, האב א י ך געפרעגט:

— און ווער זיינט איהר? איהר זיינט עם דעם דר. בערקנהיים? אונזערער א רוסישער, פון דער רוסישער אינטעליגענץ, נישט וואהר? און איהר מיט אייער בילדונג, זיינט געקומען אפשפאטען פון אונזערע ליידען? זיינט איהר געווען ביי מיר אויפ'ן קאמפ? האט איהר געזעהן מיין ארבייט? אין די געלע דאנאסען זוכט איהר די ארבייט פון אונזערע געפלאגטע קאלאניסטען? ס'איז בלעבען א חרפה און א בושה! איהר גלויבט דאקטער. אין מסירות און משפט אזוי לייכטזיניג דיני נפשות...

ער איז אונגעהייער בלאס געווארען און האט אויגענבליקליך איבערגעביעטען זיין טאקטיק.

— בערוהיגען זי זיך, הערר אלפערסאן! — האט ער גענומען מילד ריידען. — איהר האט רעכט... איך וועל זיין ביי אייך... פעטערסאן! — האט ער זיך צום אינספעקטאר באפעלעריש געווענדעט. — גיבען זי דעם סעניאר, א פאאר פון די בעסטע אקסען!...

איך האב די אקסען געטריבען אהיים אין באגלייטונג פון עטליכע קאלאניסטען, וועלכע האבען הנאה געהאט, וואס איך האב דעם קליינעם אינגעלשען דאקטער'ל, אזוי שטאלץ גע'מוסר'ט.

אויפ'ן וועג, שמועס'נדיג צווישען זיך, זיינען מיר צום הסכם געקומען, אז דער נייער רוסישער רעזשים — מיט די דאנאסען, דער פראנצויזישער שפיאנאזש און די ענגליש־עקשנות'דיגע הארטקייט,

וועט אונז קיין גליק קיינמאהל ניט ברייננגען!... דאס א שווערע מלחמה שטעהט אונז פאר. א ביטערער קאמפף מיט די בעאמטע פונ׳ם באראן הירש!

38.

## דר. בערקנהיים, — א רוסישער צענזאָר!

אומגעריכט, שפּעטער מיט אַ פּאָאר טעג, ווען כ'בין געשטאַנען ארומגעבונדען מיט אַ זאַק און געמויערט אַ באַק־אויווען, מיין פרוי און קינדער האבען מיטגעהאלפען, דערלאנגענדיג צום האנד ציגעל און בלאָטע — איז אויסגעוואקסען ביי מיר אין שטוב דער דר. בערקנהיים.

— אַה! — האט ער פאר'חידוש'ט אויסגעשריען. — איהר זיינט אויך אַ מוליער? מאַדאַם, — ווענדעט ער זיך שפּאַסענדיג צו מיין פרוי; — וויפיעל צאָהלט איהר דעם מוליער אייערן?—ער האט אריינגעקוקט אין דער סקליעפּניע און באטראכט די שטיקער אייזערנע רויפען וואָס האָבען געדיענט אויף אויפצוהאַלטען די "ארקאדע" און האָט געפרעגט:

— וואו האָט איהר זיך די מלאָכה אויסגעלערענט?

— צוויי לעהרער האבען מיר! — האב איך געענטפערט.

— אזוי? און ווער זיינען זיי?

—די נויט, און די צייט! זיי האבען אונז אַלעם אויסגע־לעהרענט און צו אלצדינג צוגעוועהנט.

ער האט ארונטערגעזונקען זיין קאָפּ און זיך א רגע פארטראכט.

ער איז אריין, — אַנרופענדיג עם אויפ'ן ציוויליזירטען אופן — אין מיין זאַאל, וועלכער איז אין דער ווירקליכקייט געווען אַ שוואר־צע פינסטערע גרוב, באדעקט מיט טשערעט; פון ווייסע ברעטער—א טהיר און אַ פיערקאנטיגער לאָך, אַנשטאַט א פענסטער. שויבען האָט גאלדשמיעד באהויפּטעט, איז אַ לוקסוס ארטיקעל און דאַ־רום האט מען, מיט א ווייס ברעטעל, פארשטעלט דעם חלול אין א שלעכטען וועטער אדער אויף ביי נאכט.

ער האָט נייגעריג באַטראַכט מיין מעבעל: צוויי "קאַטרעס", אַ טישעל און אלס בענקלאַך — אַ פּאָאַר קעסטלאַך פון קעראָסין. ער האט א טיעפען זיפץ געטהון.

— אבער עס וועט אייך זיין גוט! דער באראן זארגט זעהר פיעל פאר אייך! — האט ער פאר נויטיג געפונען צו געבען א תירוץ אויף דער דריקענדער לאגע און דעם זעלבען פזמון. פלעגען מיר הערען פון אלע נאטשאלניקעס.

אויפ'ן טישעל האט ער באמערקט איינינע פארשריבענע בויגער לאך פאפיער.

— וואוהין שרייבט איהר, אין "המליץ"? און וואס אייגענטליך שרייבט איהר?

די נוגשים, די גאנצע כאפטע בעאמטע, די ר ו ס י ש ע קליקע, האט מיך שוין פאר'מסור'ט ביים אדון, דאס איך שרייב שלעכטעס אויף דער קאלאניזאציאנס פארם און איך האב איהם אנ'אפגעהערצינע תשובה געגעבען:

— קיין גוטס דאקטער, שרייב איך ניט!

— אבער איהר דארפט ענדערן אייער מיינונג. איך און דער הערר קאגאן, זיינען אהערצו געקומען נאר לטובת פון אונזערע ברידער. מיר זיינען אויך רוסישע אידען און מיר פיהלען־מיט אייער נויטה. איך מוז נאר א קליינע אפעראציאן מאכען אונטער די קאלאניזירטע, ווייל, — און זיין פנים האט א פיינליכע גרימאסע אויסגעדריקט — ווייל ס'האט זיך אנגעזאמעלט א היבש־ביסעל ווילדפלייש! ס'זיינען פאראן פראפעסיאנעלע גנבים; איינינע רוצחים. אנטלאפענע פון דער רוסישער טורמע... דער צענטראל קאמיטעט פון פעטערסבורג האט מיך געשיקט, אום דעם שמוץ אויסצוזייניגען, אפשניידען די פארפוילטע אברים... דער ה" מאקסים קאגאן ווידער, גיט אבאכט אויף די אדמיניסטראציאנס אנגעלעגענהייטען: איהר ווייסט, — האט ער צוגעגעבען שטילערהייד, ווי פארשעהמט: — מעהר ווי א מיליאן פראנק זיינען שוין נעלם געווארען... און דאס וועט אלצדינג אויף אייער חשבון ארויפגערעכענט ווערען! מיר ווילען צו אזא אומרעכט נישט דערלאזען... דער באראן ווייסט שוין דערפון... איהר מעגט זיין רוהיג: קיין שלעכטס דארף מען איבערהויפט ניט שרייבען!..

צו מיין פרוי האט ער זיך מיט א זיסינקען שמייכעלע געווענדעט:

— בעטמע עבעס מאדאם! אפשר פעהלט אייך א מילך־קוה? מיר

האבען איצט א סך קיה וואס עס לאזען איבער די קאלאניסטען וועלכע פאהרען אוועק פון דאנען...

— מילך דר. האבען מיר: דאך וואלט ניט געשאדט נאך א קיה! — האט מיין פרוי געענטפערט. — אבער וואס מיר ברויכען נויטיג, איז א פערדעל א רוהיגס, פאר די קינדער, כדי זיי זאלען האבען אויף וואס צו פאהרען אין שולע אריין.

ער האט עפעס פארצייכענט אין זיין נאטיץ ביכעלע און זיך געזעגענענדיג איז ער אפגעפאהרען.

אויף מארגען האבען צוויי קרעאלען (קריאזשאס) געבראכט מיט דער לאסע, א רויטהליכע־קיה מיט א קעלבעל און א דריטער, האט מיט׳ן "באסאל" א "פעטיסא" — א קליין שווארץ־פערדעל, אי־בערגעגעבען מיינע קינדער, אויף וועלכען זיי פלעגען נאכדעם זאלבעצווייט און זאלבעדריט, רייטען אין שולע אריין.

מיט א קורצע צייט נאכדעם, האט דר. בערקנהיים, אדער די קליקע מיטהעלפער זיינע אויך באווארענט, דאס מען זאל קיין שלעכטס קיין איירא‍פא ניט שרייבען, — ווי ער האט עס ביי מיר פארלאנגט. א געוויסער טאגער, א קורלענדישער בחור, וועלכער האט געדיענט אין דער ביורא, האט מיט א צייט שפעטער, דעם סוד אויפגעדעקט.

מען האט נעמליך דורכגעפיהרט ביי דער רעגירונג, דאס אין מא־אוריציא זאל געעפענט ווערען א פאטשט־אבטהיילונג און טאקע דער אדמיניסטראטער אליין, איז אלס "כעפע דע קאררעא" — אדער פאסטמייסטער ערנאנט געווארען און אלס שעף, האט ער זיך ערלויבט אלע אונזערע בריעף צו צענזורירען.

דאס איז די סבה וואס צו יענער צייט, איז פון אונז כמעט גאר ניט געשריעבען געווארען אין דער אייראפעאישער פרעסע, אונגע־אכטעט דארויף, וואס איך האב מעהרערע קארעספאנדענציעס גע־שיקט אין "המליץ", אברהם ראזענפעלד — אין דער "הצפירה" און אלכסנדר יאקובאוו — צום "וואסכאד". בלויז עפעס א פאאר בריעף וואס ס׳האט דעם צענזאר געלונגט, זיינען אדורכגעלאזען געווארען און זיינען, צו יענער צייט. פארעפענטליכט געווען.

א נייער סארט ארא‍נזשעמענט האט אנגעפאנגען. פרישע טרעה־רען האבען די דערנער פון דער פאמפא אין זיך איינגעזאפט.

אידישע טרעהרען! טרעהרען פון עמיגראנטען! אך, ווי ביליג און וואלוועל איהר זיינט, צו אלע צייטען און אומעטום! גאנצע פעסער וואלט מען געקענט אנזאמלען פון זיי! אבער ווען קימערט עס? ווען אַרט עס און ווער באדארף זיי דען?...

# אפעראציעס.

א שרעקליכער אפעראטאר איז דר. בערקנהיים געוועז! אהן רחמנות האט ער געשניטען און צופיערטעלט א סך פון די יעניגע וואס האבען זיך אזוי פיעל אנגעפלאגט, זיך גאנצע צוויי יאהר אפגעוואלגערט אין דרויסען. אין "קארפאס" און איןביידלאך, האבען אלערליי יסורים איבערגעטראגען און קוים דערלעבט א שטיקעלגרוב — פיער ווענט מיט א דאך, אביסעל מילך פאר די קינדער און א צרה'דיגען געלעגער פאר די פרויען: און פלוצלונג איז איינער געקומען און באפוילען: "ארויס פונ'ם גרוב וואס דו האסט זיך געמאכט! געה ווייטער! געה בלאנדזשע ווייטער, איבער גאטס גרויסע וועלט! אין נאמען פון אידעאל, שיק איך דיר ארויס פון דאנען ווי א פערברעכער! דא איז אדמת קודש. דא געהט דער באראן שאפען א רוהיגע היים: גרינדען קאלאניען, מאכען אגריקולטארען, וואס זאלען מיט זייער עהרליכקייט באשעהנען און פארדעקען אלע פגימות פון פאלק ישראל... און דא, איז קיין פלאטץ ניטא, פאר קיין בעטלער, שנארער און גנבים, וואס ווילען זיך אנלענען אויפ'ן באראנ'ס רייכטהימער!"

— און וואס דארף מען אייגעטליך טהון מיט'ן געוועזענעם גנב וואס וויל אין דער נייער היים אנהויבען פיהרען אנ'ארענטליך לעבען? — האב איך איין א טאג דעם דר. געפרעגט. — און וואס קומט דען דעם שנארער, ווען ער נעהמט זיך פלייסיג צו דער ארבייט? טהאר מען זיי דען ניט מוחל זיין זייער פארגאנגענהייט? דארף מען זיי דען ניט אונטערשטיצען, אום זיי זאלען שוין אויף ווייטער, געהן אין דרך הישר?

— עט! — גיט ער א מאך מיט'ן האנד. — דא שפיעלט מען זיך ניט מיט קיין סענטימענטאליזם! די קאלאניזאציע פאדערט קרבנות!...

און קרבנות האט ער לרוב געבראכט. מיט'ן ביסעל וועלד־פלייש,

האט ער מיטגעשניטען געזונדטע אברים און א תל געמאכט פון קרעפטיגע קערפער....

אה, וויפיעל בלומען האט ער אויסגעפליקט צוזאמען מיט'ן בוריאן, און וויפיעל דערנער האט ער פארזעהן און דאנקענדיג די פושעים, די מיטהעלפער זיינע — איבערגעלאזען!

אבער אין אמת'ן האבען איינינע זיך ניט שטארק מצער געווען, וואס מען שיקט זיי ארויס. אבי מען האט זיי באלוינט מיט אביסעל געלד, שיפסקארטען געגעבען, זיינען זיי תיכף מרוצה געווארען אפצופאהרען.

די גנבים אבער. האבען זיך ניט אזוי לייכט געלאזט ארויסשיקען! מיט'ן אויבען דערמאנטען, הערש לייביקעל גיקער, האט ער גענוג שוועריגקייטען געהאט. אלע שויבען פון דער אדמיניסטראציע האט ער אויסגעזעצט און א רעוואלווער געצויגען קעגען דר. טאקע אין ביורא גופא. אבער דער יונגער בערנקהיים, האט זיך פונ'ם בענקעל אפילו קיין ריהר ניט געטהון און קאלטבלוטיג צו איהם גערעדט:

— גייער, דו וועסט ניט שיסען! דיך קען איך אין דער קאלאניע ניט איבער לאזען. ווייל דו ביזט א רוצח! איך וועל דיר געבען געלד, וויפיעל דו דארפסט און פון דאנען מוזט אוועק!

אט דעם דאזיגען נפש און אנדערע אזעלכע, האט ער אנגעשאטען פולע קעשענעס מיט גאלדענע מטבעות און זיי משלח געווען.

די ארענטליכע שלימזל'ניקעס, די יעניגע וואס די אדמיניסטראציע האט פאר זיי מורא געהאט, דאס זיי זאלען צו לאסט ניט פאלען אויף דער גרויסער קהל'שער שיסעל, זיי האט מען געשניטען און מיט זיי זאנאר קיין טענות ניט געמאכט. זיי האבען קיין חוצפה ניט געהאט זיך אנטקעגען צו שטעלען, האבען בלויז געקלאגט, געגאפען מיט טרעהרען און רחמים געבעטען:

— לאזט אונז לעבען, הארציגער דאקטאר! מיר וועלען זיך בעסערן, מיר וועלען פלייסיג ווערען!

איינינע האט ער איבערגעלאזען און אין בוך דארט סימנים געמאכט וועגען א שפעטערדיגער אפעראציע... לאפין, האט נאכדעם דעם סימן געפונען און האט זיי דעם דרך געגעבען. אבער די מעהרסטע זיינען מיט געוואלד ארויסגעווארפען געווארען אויף די

וועגעז און מ'האט זיי "וויסילקע" געגעבעז.

גיך האט זיך אלעם איבערגעקאכט. די טרעהרעז פון די ארויס־געטריבענע, האבעז זיך אפגעטריקענט. די קולות און גוואלדעז פון שפרה דער געלער מיט איהרע קינדער, וואס האבעז די הימלעז גע־שפאלטעז, בעת מען האט זיי אויפ'ן וואגעז ארויפגעלעגט, — האב־בעז זיך ערגעץ פארטראגעז, העט ווייט, אהיז צו די ארומוואנ־דערענדע ווילדע שבטים און אפשר דארט, איז די הערצער פון די נאטור־קנדער, די אינדיאנער, אז אפקלאנג געפונעז... ביי אונז איז אלעם געוועז גוט, פייז און וואויל...

די צעאקערטע פעלדער, טהיילווייז שוין אויך פארזעעטע, די ירושה פון די ארויסגעשיקטע, האט מען צעווישעז אונז פאר־טהיילט... מען האט אויך אויסגעשטעלט א צעטעל, פון אלע פרומע און גוטע "כאלאסטאיעס", מיט וועלכע די אדמיניסטראציע איז צעפרידעז געוועז און זיי מבטיח געוועז, — שויז א רוסישע הבטחה אנשטאט דער ענגלישער: — זייערע פאמיליעס פון אייראפא איז גיכעז צו ברייננגעז.

דאס לעבעז איז זיך ווייטער זייז וועג געגאנגעז.

## נייע ווינטען, א געהויבענע שטימונג.

מען האט פארענדיגט זעען דעם ווייץ. יענעם ווינטער איז אין קאלאניע פארזעעט געווארען 3250 העקטאר: אמת, ווי די מאדע איז, אביסעל נאך דער צייט: מחמת די אדמיניסטראציע האט די זריעה נעגעבען שפעט, אקוראט ווי אלצדינג וואס זייגט, מוז קומען נאך דער צייט! דאך איז דאס פאראקערטע לאנד, העט אין גאנצען, שוין איינגערעכענט די ירושה פון די ארויסגעשיק־טע — פארזעעט געווארען.

ווער איז דען אימשטאנד פארצושטעלען די פרייד פון די פאר־בליבענע קאלאניסטען, פון די מיוחסים אדער נבחרים, ווען זיי האָ־בען דערזעהן אזעלכע גרויסע גרינע פעלדער? געוועזענע קרעמער, גרויסע שאצער, וואס קענען שטענדיג חשבונ׳ען ביז א פרוטה, האָ־בען באלד אויסגערעכענט דעם ריינעם ריוח: אזוי און אזוי פיעל פּ א נ ע ג א (100 קילאָס, א פאנעגא) פונ׳ם העקטאר, אויף צו 7.60 א ק י נ ט א ל (100 קילאָס) נו, איז וויפיעל געלד וועט נאך אין קעשענע פארבלייבען? עס האט זיך צושפּיעלט די פאנטאזיע פון די אמעריקאנער גליקען און דאס האט געמאכט פארגעסען אין די צרות, די דיסציפּלין, די נאטשאלניקעס. די שטימונג איז גע־וואָרען א געהויבענע און אלע זיינען ארומגעגאנגען באגייסטערט.

איך ערמאנער זיך, דאס אין מיין גרופּע, צווערשט די 43־טע און נאכהער די 55־טע, זיינען מיר אכט פאמיליעס געווען. צווישען אונז זיינען געוועזן די ברידער ווינארסקי, איזוואזטשיקעס פון קיעוו. דער עלטערער, שלמה ווינארסקי, א פעסט־געבויטער, ברייט־בייהנערדיגער־איד, זעהר א פרעהליכער מענש, א לעבהאפטער טעמפּעראמענט, ווען ער איז מיט אונז שבת געגאנגען באקוקען דעם פּאסיעוו", הערזעהענדיג די 123 העקטאר גרינע ווייץ פון אונזער גרופּע, האט ער פון התפעלות זיין היטעל געשמיצט אין דער ערד און אויף זיין באסאווער שטימע זיך צו יחמור׳ט:

— יעיי באגו! וואו זיינען זיי דארט? זאלען זיי קומען זעהן און

צעפיקט ווערען! אט דער קווארטאלנע, דער פאליצמייסטער און טאקע דער גרויסער, דער סאמע גרויסער גובערנאטאר, דרענטל אליין! זאלען זיי זעהן, ווי מיר אידען, די שאכערניקעס, בעארביי־טען די ערד! יעיי באגו, פוסט־פריכאדיאט! 123 העקטאר ווייץ האבען מיר! און ווער זיינען מיר? — האט ער זיך "גראמקא" צע־שריען. — אפילו ניט איין, "זעמליעדעלעץ" פון דער היים!

דאן הויבט ער זיך אן וויצלען: יעדען איינעם פון אונז, רעכענט ער אויס מיט'ן מורי מורינו, מיט זיין פריהערדיגער פרנסה און זינגט צו מיט'ן ניגון פון די שמחת־תורה'דיגע הקפות:

"פיאווסקי הירש! געגאנגען מיט בארזשעם און גאלערעס אויפ'ן דניעסטער און דניעפער. פארדיענט זעקס קארבויצען א וואך!"

"לעווענזאהן שמעון! ארומגעפיהרט לעהם אין קאמענעץ פא־דאלסק, א רובעל פופציג קאפיקעס, פאר א גאנץ פוהרעל..."

"וויניארסקי סאלאמאן! געפיהרט בארעשניעס מיט פריצים צום וואקזאל אין קיעוו. און באקומען נא טשאייקו! פרנסות, באזשע טי מאוי!"

מיר האבען זיך ביי די זייטען געהאלטען לאכענדיג, אנטוועלענ־דיג פון אונזער מזל.

אזוי האבען מיר ביסלעכווייז ליעב באקומען די ערד־ארבייט און דאס פעלד־לעבען. און ווי נור די אקסען האבען זיך אביסעל אויס־גערוהט פונ'ם פאסיעוו ווייץ, האט מען זיך גלייך גענומען ווידער אקערן, אום צוצוגרייטען לאנד אויף צו פארזעען קוקורוזע.

דער ווינטער האט זיך שוין געהאלטען ביים געזעגענען. דער נע־בעלדיגער מאנאט אויגוסט פון 1893, איז צו ענדע געווען. דער אר־גענטינישער מאי, דער פריהלינג, האט זיך מיט זיין ליעב־ליכע ווארימקייט שוין באוויזען און פלאנצען ווי מענשען, האבען פריש אויפגעוואכט.

די קאלאניסטקעס מיט זייערע קינדערלאך, האבען זיך ווי די מוראשקעס פארשפרייט איבער די גערטנער און האבען געגראבען, געזעצט און געפלאנצט. די מענער האבען צוגעגרייט די מכשירים דעם מאאיס צו זעען און אלעס איז אנגעפילט געווארען מיט א מחיה'דיגען טהעטיגקייטס פערפיום.

פון אונזער גענעראל דירעקציע אין בוענאס איירעס, האט אויך

א פרישער ווינטעל געבלאזען. ס'איז אנגעקומען די בשורה דאס צוויי העפיניטיווע דירעקטארען, ס א מ ו ע ל ה י ר ש און ד ו ד ק א ז ע ס, האבען איבערגענומען די הנהגה פון דער קאלאניזאציע.

אט די־זע הערען, וואס האבען מיט אונז צוזאמען דורכגעמאכט א משך פון צוועלף יאהר, זיי אינאיינעם מיט'ן פראוויזארישען דירעקטאר, מאקסים קאגאן און דעם דר. בערקנהיים, וועלכע זייגען נאך ניט אפגעפאהרען, האבען ערנסט זיך פארטיעפט אין אונזער לאגע. מען האט אנגעהויבען באהאנדלען דעם קאלאניסט מיט מעהר, אזוי צו זאגען: דיפלאמאטיע. וועניגסטענס האט מען ניט געשפיגען אזוי פיעל אין פנים אריין, ווי פאר דער רעגירונגס צייט פונ'ם פאלקאווניק.

דעם ווייץ וואס מיר האבען פארזעעט, האט וואס א טאג ווייטער, אלץ מעהר די ערד באדעקט. די פעלדער האבען זיך געגרינט און אין אונז האפנונג אריינגעפלאסען, דאס גאר גיך וועלען מיר פטור ווערען פון דער קצבה, זיך ענדליך זעהן באקליידט און צו זאט אנגעגעסען...

פון די נייע דירעקטארען איז אנגעקומען א צירקוליאר, דאס יעדער קאלאניסט זאל געבען זיין שטוב, פארפלאנצען פופציג בוימער. די אדמיניסטראציאנע־וועלדער פון אליסע און אלגאראבא, האבען צוגעשטעלט די נויטהיגע בוימלאך.

ס'האט אויך אנגעהויבען אנצוקומען א סך רעמאנענט. די אגריקולטור מאשינען וועלכע האבען אויסגעפעהלט, האט מען געבראכט. יעדער איינציגער, האט באקומען א וואגען אויף פיער רעדער, אנשטאט דעם "קאמון־וואגען", וואס מ'האט פריהער געגעבען פאר דער גאנצער גרופע. זעקס־און'דרייסיג נייע שנייד־מאשינען, פון סיסטעם "וואלטער עט וואוד" און די אכטצעהן אלטע, פריהערדיגע מאשינען, זיינען פאררעכט און צוגעגרייט געווארען פאר דער קומענדער קאסעטשע פון ווייץ, וואס איז אזוי פארשפרעכענד געוועזן און געוואקסען גראסארטיג־שעהן.

די דריי "טריזשאדאראס", די דרעש־מאשינען וועלכע זיינען נאך פארבליבען פונ'ם געוועזענעם לאנד־איינגענטהימער, רעמעלא פראנקא, ויינען אויך אויסגעפוצט געווארען, אום גרייט צו זיין דעם ווייץ אויסצודרעשען.

אויף שריט און טריט האט מען געזעהן, ווי עס שפינט און עס וועבט זיך א נײ־לעבען און מיט׳ן ווארימען פריהלינג וואס איז אנגעקומען, האט צו אונז אויך דערגרייכט א פריינדליך־הארציגער בריעף פונ׳ם באראן הירש, אין וועלכען עס בעט, דאס מ׳זאל איהם קיין פאריז צושיקען א מוסטער פון אונזער ווייץ. ״ער וויל — שרייבט ער, — מיט זיינע אייגענע אויגען זעהן די תבואה, וואס זיינע קאלאניסטען האבען אויף דער וועלט געבראכט דורך זייער ארבייטסזאמקייט און פליים״.

א גרויסע שמחה, א גדולה האט אונז אלעמען באהערשט. מיר זיינען אויפ׳ן שוועל פון א זיכערער, א רוהיגער פרנסה און דאס נאך, אין אזא פריי־לאנד! פריי פון פאגראמען, פון פאניעס גלות, ס׳איז פאר קיינעם ניטא וואס מורא צו האבען, מען פרעגט ניט אויף קיין פאספארטען, מען געהט וואו מ׳וויל, מ׳שלאפט מיט אפענע טהירען — א געבענשט לאנד! א אידישע לאנד!

עס שיינט אבער, דאס הינטער יעדען זיסען בעכער, איז אימער צוגעגרייט א ביטערער טראפען. דער ביטערער שיקזאל, פארגינט זאגאר ניט דעם ארימען אימיגראנט, צופיעל צו פאנטאזירען פון גליק!..

אין דער פראכטפולער פריהלינגס צייט, האט זיך שנעל דער הימעל פארטונקעלט. איבער אונזערע קעפ האבען זיך פארצויגען פינסטערע, חושך׳דיגע וואלקענס: שרעק און יסורים זיינען אנגעקומען.

א גרויסע טהייל קאלאניסטען האבען אלצדינג איבערגעלאזען: דעם ווייץ, די גערטנער, די פארפלאנצטע בוימער, די ווייס־אויסגעקאלכטע שטיבער — אלעס, אלעס האבען זיי אוועק־געווארפען, אום די נאקעטע נשמה צו רעטען, כדי מיט׳ן לעבען זיכער צו זיין!

41.

## ווילדע פארפלייצען די קאלאניע און באפאלען פרויען.

קיינער ווייסט ניט פון וואנען די ווילדע גאאוטשאס פון דער פאמפא האבען זיך דערוואוסט, דאס צווישען אונז זיינען פאראן שעהנע פרויען. ווער האט דעם פונדיק אנגעזאגט, דעם אינדיאנער פון פאמפאניע געמאלדען; דעם קרעאל ביי די היילען און סקאלעס פון די אנדערן־בערג מיטגעטיילט; דעם אייביגען נאמאד פון די אוראלטע וועלדער אין נעאוקען די בשורה געבראכט. — דאס איז דער קאלאניע רוסא־כודיא, געפינען זיך ווייסע, ציכטיגע און חנ'עוודיגע מיידלאך?

פון אלע זייטען זיינען פלוצים דיזע נפשות אנגעקומען. יעדער־ער איז געקומען צו רייטען אויף זיין "פאנגארעע"; ארומגעווי־קעלט דעם אונטערשטען טהייל פון קערפער מיט דער "טשיריפא"; ארום די לענדען ארומגעבונדען די "באליאדאראס", אדער די ש ל י י ד ע ר־ק ו י ל ע ן פון לעדערנעם גארטעל האט ארויסגע־שטעקט די הענטעל פון לאנגען שארפען "פאקאן" וואס איז ארייג־געשטעקט געווען אין דער "וויינא"; און פיעלע האבען נאך געטרא־גען אנגעהאנגען א גיטארא אויף די פלייצעס. זיי זיינען אנגעקו־מען מיט זייער גאנצען פארמעגען, ווארפענדיג גלאצענדיגע בליקען ארום זיך, ניסטשערענדיג מיט זייערע שווארצע אדלער־אויגען און בעטענדיג:

— פאטראן, גיב מיר ארבייט! לאז מיר דא, נעבען דיין שטוב נעכטיגען, בדאי אין דרויסען שלאפען.

אברהם אבינו'ס אייניקלאך, האלטען פון הכנסת אורחים. מיר — האבען זיי מקרב געווען. ווי אנגענעהם, ווי שעצבאר־טייער, איז ביי אונז געווען דער וואנדערער, דער גר, ווען ער פלעגט אנטקעגען דער לבנה זיך צעזינגען מיט זיינע עצבות־מעלאדיען און צושפיע־לען מעלאנכאליש אויף זיין גיטארא! אין זיינע טרויער־טענער, האבען מיר אונזערע בענקענדע נשמות דערקענט: דער היים־וועה,

פלעגט זיך אין הארצען, ווי אייל פאנאנדערגיסען און מיר האבען זיי מיט פריינדשאפט באהאנדעלט און דאנקבאר געווען, וואס זיי פארזיסען אונזער איינזאמקייט.

די אדמיניסטראציע איז אויך צופרידען געווען מיט זייער אנקומען. די קאסעטשע האט זיך געוויזען, וועט זיין א געראטענע און מען וועט דארפען א סך ארבייטער הענד.

גיך זיינען אבער מעהרערע אקצידענטען פארגעקומען. אין אייניגע "פאטרעראס" האט מען געטראפען דערשטאכענע קיה. פון אזא "שטיקעל", פלעגט אויסגעשניטען ווערען 10-15 קילא פלייש און דאס רעשט מיט'ן פעל, האט מען געפונען וואלגערענדיג... מען האט גלייך פארשטאנען אז דאס איז ז ײ ע ר ארבייט. דאס האבען זיי בלויז גענומען א שטיקעל פלייש אויף אן "אסאדא" — און נישט מעהר!

אין אנדערע גרופעס האט מען פון לעבעדיגע אקסען, אפגעשניטען א שטיק פלייש אום אפצובראטען א ב ר מ ן ה ח י און דעם "נאוויזשא" געלאזט לעבען.

און ביים גאאוטשא איז דאס א געכט נאטירליכע זאך געווען! ער ווייסט ניט פון קיין אייגענטום באגריף: פארשטעהט ניט דעם חילוק פון מ ײ נ ס און ד ײ נ ס; ער נ ע ה מ ט וואו ער טרעפט זיין געברויך און גענוס...

אפילו אין געשלעכטס אנגעלעגענהייטען, איז ער אויך פריי געווען, ווי דער פויגעל אין וואלד! קיין הייראטה'ס צערעמאניע עקזיסטירט ניט ביי איהם. פון מאראליטעט האט ער ניט געוואוסט און פון קיין רעליגיאן קיין באגריף ניט געהאט! ווער שמועס'ט דאן, מיט דרייסיג יאהר צוריק, האט ער די אלע זאכען בכלל ניט פארשטאנען און איז געווען א אינסטינקטיווער געגנער פון פריוואט אייגענטהום... וואס ע ר האט פארמאגט איז עס אלעמענס געווען און י ע נ ע מ ס איז אויך זיינס — ווען ער דארף עס נאר!

ווען ער האט געפאנגען א הירשעלע, א "מארטינעטא", א "מורליטא", אדער זאגאר א "פעלודא", האט ער זיך צוזעצט רחבות'דיג ביים פייער, עס אפגעבראטען און איינגעלאדען דעם פאטראן, דער פאטראנא, יעדען איינציגען וואס איז דערביי געווען, דאס זיי זאלען מיט איהם מיטשפייזען: — וואס ער האט, איז פאר יעדען

פריי... נו, האט ער זיך אנגעשלאגן אן דער ציוויליזירטער מא־ראל, אן דער געזעצליכער ארדנונג, — אליין עסען צוזאט און דער אנדערער מעג פארהונגערן! דא זעהט ער, ווי מען שעכט גאנצע בהמות, מען טראגט זייטען פלייש, אלע עסען און ער שלינגט די סלינע און ווען ער בעט אן "אסאדא", פאדערט מען "פלאטא" — זילבערנע מטבעות: האט ער זיך מיישב געווען. דער ארימער נאטור־מענש און אליין גענומען — מכל הבא בידו.

דעם אמת זאגענדיג, האט עס אונז קאלאניסטען ווייניג וואס גע־קימערט: ס'איז דאך געווען דעם באראן'ס סקאט! די גדולים גנב'ענען אזוי פיעל: נו. מעג דער גאאוטש כאטש באקומען צום עסען... און מיר האבען צוגעקוקט און געשוויגען. ווען דער האלב־ווילדער קרעאל, האט הפנים דערזעהן דאס מען שווייגט, איז ער נאך דרייסטער געווארען און האט זיינע אויגען אויפגעהויבען צום שעהנעם, אבער שוואכען געשלעכט.

— לינדאס מוטשאטשאס! — שעהנע מיידלאך. האט ער אנגע־פאנגען אונטער־צומורמלען.

דערזעהענדיג דעם ווידערשטאנד פון די שעהנע מיידלאך, וועל־כע האבען איהם גאר מיט פאראכטונג אויסגעוויכט, דאן האט ער גענומען אנווענדען גוואלד־מיטלען... עס זיינען פארגעקומען אונאויפהערליכע אקצידענטען.

די פרוי ק'. איז מיר איהר טאכטער פון א יאהר אכטצעהן, גע־גאנגען פון איהר גרופע קיין אלגאראבא. נעבען דער "לאגונא" פון צעווישען די דערנער און בודשיקעס, איז ארויסגעשפרונגען א גאאוטש און האט דאס מיידעל געכאפט... די מוטער האט איהר קינד פארטהייטיגט און דער ליידענשאפטליכער קרעאל, האט איהר א האנד צעבראכען. גליקליכערווייזע, איז רייטענדיג אנגעלאפען דער אינזשעניער דאן סאהאל, האט אויפ'ן גאאוטש אויסגעשאסען און דער איבערפאלער איז אויף זיין פלינקען פערד פארשוואונ־דען געווארען.

אן עלטערע פרוי, וועלכע איז פון איהר שטוב אפגעגאנגען א פאאר הונדערט מעטר צווישען די גראזען, איז דארט באפאלען און פארגוואלדיגט געווארען.

זיי האבען געכאפט א מוטער פון קינדער, איהר ווייט אוועקגע־

שלעפּט, און דער אומגליקליכער דאָרט אָפּגעהאַלטען א גאַנצע נאַכט...

אבער נאך שרעקליכערעס איז געשעהן מיט דער יונגער אַקושאַרקע ראַזע; יענץ בילד, וואָס כ׳האָב צופעליג געזעהן, מאַכט מיר נאָך יעצט אויפשוידערען, בלויז ביי דער ערינערונג.

אין אַ דאָנערשטאג, אַ טאָג וואָס די פרומע קאָלאָניסטקעס האָבען שטענדיג פאַר אַ מבילה־טאָג געהאַלטען, ווייל אין זעלבען פלעגט מען אויך פאַהרען קיין אַלגאַראַבאַ איינצוקויפען אויף שבת, האָט זיך סאָפּעל וואַגמייסטער אַביסעל פאַרשפּעטיגט און שוין ניט געהאָט קיין קאָמפּאַניערקע אויף אַראָפּצוגעהן ביז׳ן באָד, וואו די מקוה האָט זיך געפונען. אליין האָט זי מורא געהאַט צו געהן הינטערן בערגעל ביז צו דער ״לאַגונאַ״.

די שעהנינקע אַקושאַרקע ראַזע, אַ זעהר מוטהיגע פרוי, האָט זיך אָנגעבאָטען איהר צו באַגלייטען און מיט אַ זויג־קינד אויף די הענד, איז זי מיטגעגאַנגען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז די פרוי וואַגמייסטער ארויפגעלאָפען אויף דעם בערגעל, רופענדיג צו הילף דורך שרעקליכע קולות און גוואַלדען.

— גוואַלד! אידען ראַטעוועט! אַ שפּאַניער איז דער אַקושאַרקע באַפאַלען! ראַטעוועט! גוואַלד! געוואַלד!

אַ סך וואָס זיינען ביים אַדמיניסטראַציאָנס דראַטה געשטאַנען, האָבען זיך תיכף געלאָזט לויפען; אבער שרעקליך, שוידערליך איז דאָס בילד געווען, וואָס מען האָט דערזעהן.

אַ צוטראָטענע, אַ געשענדעטע, מיט צעפליקטע קליידער, איז די אַקושאַרקע געלעגען אין גראָז אין האָט זיך געבאָדען און טרעהרען; און אין שאַנד... איהר זויגלינג, האָט זיך עטליכע מעטער ווייטער געוואַלגערט און פּירכטערליך געשריען; דער באַנדיט האָט עס אַה־ין פאַרשליידערט .. דעם פאַרברעכער האָט מען שוין ניט געטראָפען, ער איז צעווישען די גראָזען נעלם געוואָרען.

די אומגליקליכע, אָרענטליכע פרוי, האָט שלוכצענד געבעטען, דאָס מען זאָל ביי אייזיק שוחט פאַרשרייבען דעם פינסטערן טאָג, אום מען זאָל וויסען, טאָמער חלילה וועט זי שוואַנגערן... ווייל איהר מאַן איז שוין פיער מאָנאַט אַבוועזענד געווען פון דער היים...

א פאניק האט ארומגעכאפט דער גאנצער קאלאניע. קיין פרוי־
האט זיך ניט געוואגט ארויס־צו געהן פון שטוב. און אזוי ווי תמיד,
נאך יעטווידער קאטאסטראפע, האבען די שוואכערע, די וואקלענ־
דע אידעאליסטען אנגעהויבען פאדערן, שרייענדיג:

— א היים! דאקטאר, שיקט אונז א היים! צו פארגוואלטיגען
אונזערע פרויען, צו שענדען אונזערע טעכטער — דאס האבען מיר
דאך ביי פאניען אויך געהאט!

דר. בערקנהיים האט זיך פאר עגמת נפש, אזש די האהר פון קאפ
געריסען און האט געבעטען:

— פאהרט ניט! לויפט ניט! איך וועל באווארענען, אז אזוינ׳ס
זאל מעהר ניט פארקומען ...

ער האט געפלאנט א אידישע מיליץ, ווי פאר גערביל׳ס צייטען,
ווידער איינצופיהרען.

— לאמיר נאר האבען אונזער אייגענע פאליציי, דאן וועט צו־
די גוואלדטהאטען אן ענדע נעהמען! — האט ער דעם עולם געטרייסט.

ער האט דערפון געשריעבען צו די דירעקטארען און געבעטען מען
זאל צושיקען א פאאר הונדערט ביקסען. די העררן קאזעס און הירש,
האבען זיך געווענדעט נאך אן ערלויבנים צו דער פראווינציעלער רע־
גיערונג און דער פאליצמייסטער פון לא־פלאטא, א געוויסער לאפעז,
האט די דאזיגע בקשה ענטזאגט. "ווי אזוי מעג מען באוואפענען
פשוט׳ע בירגער?" — איז זיין שאלה געווען.

אלע מאהל איז ערגער געווארען און די גאאוטשאס פרעכער. זיי
זיינען שוין פשוט געקראכען אין די שטיבער אריין...

די קאלאניסטען, צום אנפאנג די יעניגע וואס האבען אין זייערע
משפחות געליטען און נאכדעם די צושראקענע — האבען אנגע־
הויבען מאכען פליטה...

מאקסים קאגאן און דר. בערקנהיים, אליין רוסישע אידען, הא־
בען שנעל אויסגעפונען די רפואה צום פאליציישקען "ניעלזא"...
זיי האבען, אין די הויכע פענסטער פון לא־פלאטא און נוועוע־דע־
כוליא, איינגעגעבען א היבשע דאזע פון דער קלינגעדיגער רפואה —
און דאס האט געווירקט... אנשטאט ביקסען, האט די רעגיערונג מתיר
געמאכט רעוואלווערן. צוויי קאסטענס פיסטאליעטען האט מען פון
בוענאס־איירעס געבראכט און יעדען קאלאניסט געגעבען איינעם

אדער צוויי און געהייסן שיסן... דער עולם האט געפאלגט און געשאסן...

מען האט געשאסן אין דער לופט. א פאאר פונדיקעס האט מען פארוואונדעט. אומגערן האט מען אויך געטראפן דעם סקאט אויפ'ן פעלד און א סך בהמות דער'הרג'ט. אפטמאל האט מען פאר גרויס בריה'שקייט זיך אליין אין פוס געטראפן... ווי ס'איז נאר צוגע־פאלן די נאכט, האט מען פון אלע גרופעס געהערט דאס אונאויפ־הערליכע קנאלן פון די רעוואלווערן.

דער גאאוטשא, וועלכער איז אונגעהויער געשיקט מיט'ן מע־סער און איז א ערשט־קלאסנער פעכטער, האט אבער דאמאלסט שטארק מורא געהאט פאר'ן פייער־געווער. (היינט האט ער שוין יענעם פורכט פארלוירן). פאר א "שפייער" האט ער דאן געציטערט און פיעלע פונדיקעס זיינען זיך צולאפן.

די ווייבער זיינען אין מקוה געגאנגען, באגלייט פון די מענער... די שומרים, פלעגן שטעהן אנגעשפארט אין וואנט פון באד און גווארטען ביז זייער פלונית'טע, א פערפלאמטע, א פארשעהמטע, איינגעוויקעלט אין דעם צניעות פון דער טבילה — פלעגט ארויס־קומען...

אין א דאנערשטאג־טאג, האט מען אפט געקענט טרעפן א פאאר מנינים קאלאניסטען, שטעהענדיג מיט די בייטשען אין די הענד נע־בען דער באד, און בעת א ליידענשאפטליכער שמייכעל פלעגט זיך קרייזלען איבער זייערע ליפען, פלעגען זיי גאר שמועס'ן איבער וועלט פאליטיק, איבער אידישע ענינים און באשטימען די קהל'שע אינטערעסען...

מען איז פארזיכטיגער געווארען מיט די גאאוטשאס. די פאליציי איז אויך פארדאפעלט געווארען און מען האט ארעסטירט יעדען פארדעכטיגען.

איינעם, וועלכען מען האט חושד געווען, דאס ער האט מאנס גע־ווען דער עלטערער פרוי, האט די פאליציי א צייט־לאנג נאכגע־שפירט ביז זי האט איהם באלאגערט אין א פוסטער שטוב, פון דער גרופע 57, ביי שמואל ראבינאוויץ. אכצעהן שטונדען האט מען צו איהם ניט געקענט צוקומען. ער האט געהאט א ביקס, א היבש־ביי־סעל פולווער און האט כסדר דורכ'ן פענסטער און די שפאלטען פון

טהיר געפייערט אויף דעם פאליציי — ביז ער האט פארוואונדעט א
סארזשענט. דיזער, ווערענדיג ווילד פון צארן, האט זיך געווארפען
צום פענסטער און מיט זיין "רעמינגטאן" דעם פארברעכער דער־
שאסען.

פאר'ן טויט האט דער באנדיט נאך אוספייעט אויסצושרייען:

— און דאך זיינען די אידישע פרויען די שעהנסטע!...

ערשט דאמאלסט, האט די אדמיניסטראציע געלאזט ריכטען אין
באפעסטיגען די "אלאמבראדאס" וואס צאמען ארום דער קאלאניע.
מען האט די דראטהען אנגעצויגען מיט נייע שלעסער, אריינגעגרא־
בען גוטע, שטארקע "פאסטען" (סלופעס), און אוועק־געזעצט
שומרים ביי די טהויערן, וואס פיהרען קיין קאסארעס און פאלאמא
און זיי באאויפטראגט ניט אריינצולאזען קיין גאאוטש, אהן דער
שריפטליכער ערלויבנים פונ'ם אדמיניסטראטער.

איינער פון אונזערע קאלאניסטען, דוד טשערניץ, א אמת'ר העלד,
ער האט איבערגענומען דעם אמט פון אבער שומר. בלויז פיערציג
פעזאס מאנאטליך האט ער געפאדערט אויף אמוניציע און געארבייט
האט ער אומזיסט. ער האט ווירקליך געטריי געהיט דעם גרענעץ
און די האלב ווילדע קרעאלען, האבען פאר איהם געציטערט אימת
מות, ווייל ער האט פיעלע פון זיי אוועק געלעגט...

די קאלאניע האט זיך דערווייל כלומר'שט בארוהיגט און די
ארבייט, האט אנגענומען איהר נארמאלען גאנג.

# 42.

## נייע פנים'ר אין דער קאלאניע.

דעם 19־טען אויגוסט פון יאהר 1893, איז אנגעקומען יהושיע לאפין, א דיפלאמירטער אגראנאם, געבוירען אין גראדנא, ליטא. ער האט מיטגעבראכט א פאראָרדנונג פון'ם באראן, דאס מען זאל איהם צום דיענסט שטעלען אלע מיטלען, דאס ער זאל אימשטאנד זיין באזוכען די קאלאניען און אויספארשען דעם באדען, אויסשטודירען די געאלאגישע צוזאמענשטעלונג, דעם קלימאט, די פראדוקציע און נאכהער זאל ער פערזענליך ברייננען דעם באריכט אין פארשטעלען דעם ריכטיגען צושטאנד פון דער לאנדווירטשאפט אין ארגענטינא. ער האט מיט דיעזען צוועק אונז דעם ערשטען באזוך אפגעשטאט.

אט דיזער בלאנדער יונגערמאנטשיק, אין א פאאר אלטע שטיוועל, מיט א באראשקאווען ברוינעם רעקעל, האט פייערדיגע בליקען איבעראל געווארפען, וועלכע האבען אמעטום טיעף אריינגעדרונגען... מעגליך אז דאמאלסט איז דאס זיין איינציגער פארמעגען געווען!

ביי דער אדמיניסטראציע האט ער בלויז פארלאנגט א פערד מיט א זאטעל און דעם פלאן פון מאאוריציא און שטיל, אהן גערויש, אהן באמבאסטיק, איז ער אומעטום ארומגעפאהרען און אין אלע ווינקעלאך געניסטשערט. יעדען קאלאניסט פלעגט ער אויספרעגען, נאכפארשען זיינע מעשים און אויך די טהאטען פון די נאבעלע העררן בעאמטע אין דער אדמיניסטראציע... דאס איז זיין ארבייט געווען דורכ'ן גאנצען טאג און ביינאכט האט ער געשריבען, באריכטען צוגעגרייט. אזוי האט ער באזוכט אלע קאלאניען, זיך אפגעזאמט גאנצע צעהן מאנאט אין ארגענטינא און איז אפגעפאהרען.

אבער גיך איז ער פון איירא־פא צוריק געקומען, שוין דירעקט קיין מאאוריציא און אלס "גראן סעניאר" — דער דיקטאטאר לאפין, פון'ם באראן זעלבסט באפאלמעכטיגט די קאלאניסטען צו ארא־

זשירען נאך זיין אייגענער, נאך לאפין׳ס מעטאדע.

איז א נייע איבערקעהרעניש געווארען. ווידער א בהלה, אנ׳ארויסשיקעניש, ארויסשמייסענעש און נייע עקספערימענטען פון אלערליי סארטען, איבער וועלכע מיר׳ן נאך שמועס׳ן.

צו יענער צייט, זיינען פון אלע זייטען געסט געקומען. פריינד פונ׳ם באראן, און סתם פריינד פון דער גאנצער מענשהייט, פוםטעפאסניקעס, אומזיסטיגע און אומגעבעטענע פארזארגער און גלאט רייזענדער פון אייראפא. איינינע באריהמטע זשורנאליסטען, צייטונגס-קארעספאנסאלען, צווישען וועלכע ס׳איז אויך געווען דער פעטערסבורגער, גאספאדין נ. שעלין.

די אדמיניסטראציע פלעגט געוועהנליך שוין ערהאלטען געגויץ אינסטרוקציעס פון דער בוענאס-איירעסער הויפט-ביורא, וואוהין און צו וועמען, דיזע געסט צו פיהרען; וואס זיי יא און וואס ניט צו ווייזען... שטענדיג האבען דיזע אלע טוריסטען, נאר איין זייט פון דער מטבע געזעהן... און דאס איז די אמת׳ע אורזאכע, וואס אלע ידיעות און מיטהיילונגען אין די צייטונגען, זיינען נאר געווען פרעהליכע, גוטע, האפנונגספולע און קלינגענדע...

פון אויגוסט ביז אקטאבער האט דאמאלסט ניט געדעגענט. די ווייצען זיינען געווארען פארגעלט און הינטערשטליג. מיר האבען מורא געהאט דאס אונזער ״אוראזשאי״ וועט שוין פארלארען געהן: נאר גליקליכערווייזע האט דעם 20-טען אקטאבער אנגעהויבען רעגענען און אזוי אונז די ״קאסעטשע״ אפגעראטעוועט.

די דירעקציע האט תיכף געמאלדען קיין פאריז צום באראן, דאס די קאלאניסטען זיינען מזל׳דיג... מיט׳ן רעגען. ער ווידער האט געענטפערט, אז מען זאל באצייטענס זיך צוגרייטען ארייצונעהמען די תבואות אין שייער אריין... און די ביורא, אדער לאמיר איהר רופען ביי איהר ריכטיגען נאמען: יק״א, האט זיך גענומען זארגען גאנץ ערנסט; פאר דער ערשטער, כמעט גרויסער ערנטע פון מאאוריציא: אבער זארגען נאר אויף אן אנדער שטייגער! איהר מעגט כ׳לעבען וויסען ווי אזוי און אויף וואס פאר אן אופן.

צו אלעם ערשטען, האט מען באשטימט דריי נייע אינספעקטארען: איינעם צו יעדער דרעש-מאשין, וועלכע מ׳פלעגט אויך רופען אגענטען. דער הויפט פון זיי, איז געווען מ א א ו ר י ס י א כ ה ן.

א גאנץ וואוילער יונגערמאן,—שפעטער איז ער געווארען אדמינים־טראטער אין דער קאלאניע מאזעסוויל. דער צווייטער איז געווען א י ג נ א ס י א ש ט ר ו ד, א פוילישער בחור, וואס האט געלויפיג געשפראכען אייניגע שפראך און איז רעקאמענדירט געווען פון עפעס א גדול... — שפעטער האט ער פון דער יק"א באקומען דעם פארעם אדער "עסטאנסיא" אליסע, וואו ער האט אויפגעשפיעלט זעהר גרויס, האט ערווארבען א פאאר מיליאן פעזאס און נאכהער איז עס צעריבען געווארען צעווישען די שרעקליכע צייהן פונ'ם קריזיס, און ער איז אזוי אראפ פון דער סצענע... דער דריטער איז געווען א נידריגער אדעסיט וואס האט געקוקט דורך פאנסנע, האט זיך גערופען ל ע א ן ס י ג א ל און וועלכער איז נאכהער געווען א צייטווייליגער רייכער קאמערציאנט און קהל'ס־מאן אין בוענאס איי־רעס און איז א כלל טהוער אין טשילע.

אט די דאזיגע דריי אויפזעהער, האבען געדארפט מיטגעהן מיט די דרעש־מאשינען, אכטונג געבען ביים אויסדרעשען דעם ווייץ און זעהן ערפילען דעם אוקאז וואס די ליבהארציגע מוהמע, די יק"א, האט ארויסגעגעבען אלס איהר ערשטען צירקוליאר אין שייכות צו איהר קאלאניזאטארישע טהעטיגקייט אין ארגענטינא.

אט דער דעקרעט פארדיענט בנאמנות א קאפיטעל באזונדער.

## דער ערשטער יק״א דעקרעט.

ביידע דירעקטארען, קאזעס און הירש, האבען דעם דעקרעט אונ־טערגעשריבען.

דאס איז געווען עפעס א סארט מיליטערישער אוקאז, וואו די ווערטער האבען זיך געשאסען ווי שרויט און האבען פארוואונדעט די קאלאניסטישע הערצער.

זיין אינהאלט איז פאלגענדער געווען:

א) יעדער קאלאניסט מיט זיינע קינדער, אין עלטער פון 12 יאהר אן, מוזען ארבייטען ביי דער דרעש מאשין; אלע איינוואוינער פון א גרופע צוזאמען, אין קאמונע, אום דעם ווייץ אויסצודרעשען.

ב) א פיערטעל, 25 פראצענט פון׳ם ריינעם ווייץ, ברויכט די אדמיניסטראציע אראפ־נעהמען אויף׳ן חשבון פון דער "סובסידיע", וואס דער קאלאניסט האט באקומען.

ג) דער גאנצער ווייץ, מוז אריינגעפיהרט ווערען אין די אדמיניסטראציאנע "גאלפאנעס". דער קאלאניסט האט ניט קיין רעכט זיך איבערצולאזען אין שטוב איין קערענדעל פון׳ם ווייץ.

ד) פון די דריי פיערטעל, די 75 פראצענט, דארף די אדמיניס־טראציע ארונטערנעהמען קערענדל־פער־קערענדל, פונקט אין גלייכען ווערטה, פאר דער זריעה וואס זי האט דעם קאלאניסט אויס־געבארגט. וויפיעל זעק, אדער קילאגראם דער קאלאניסט האט גע־נומען, דארף עס ארונטערגערעכענט ווערען פון די 75 פראצענט, דאן אויך פאר׳ן דרעשען, די אויסגאבען פון דער "טריזשאדארא" מיט איהר מאנשאפט, קאפאטאסען און מאשיניסטען. אויך די שפייזען וואס זיינען פעראורזאכט געווארען ביים שניידען די תבואה, בינדען די סנאפעס; פאר די טאגלויהנער וואס האבען געארבייט ביי דער "קאסעטשע". בכלל—פאר אלעס דארף צוערשט באצאהלט ווערען דורכ׳ן פראדוקט אליין, פון די 75 פראצענט.

ה) דאָס רעשט וואָס עס וועט בלייבען, נאָכהער ווי אַלע הוצאות וועלען גערעקט זיין, און נאָכדעם ווי מען וועט אָפּגעבען דער וואַנט איהרס, (דעם טייוועל זיינס און אין ים אויך עפּעס אריינוואַרפען, אויב עס וועט בכלל נאָך עטוואָס פאַרבלייבען!), זאָל דער אַדמיניסט־ראַטער אויסקלויבען דריי חשוב'ע בעלי־בתים און מיט זיי צוזאַמען פאַרקויפען דעם פּראָדוקט.

ו) אינפאַלס דער אדמיניסטראַטער וועט מיט די דריי ח ש ו ב י ם ניט קענען איינשטימען ביים פאַרקויפען, — פאַרזאָרגט אויסדריק־ליך דער צירקוליאַר:—האָט דער אדון א ל י י ן, דאָס רעכט צו טהון ו ו י ע ר פאַרשטעהט.

דעם צירקוליאַר טרעפט מען נאָך יעצט אויך אין ארכיוו פון דער מאַאוריציער אַדמיניסטראַציע און ער איז ווירקליך אַ זעלטענהייט דורך זיין אינהאַלט.

די אַגענטען האבען די דאָזיגע דעקרעטען, פּאַרטהיילט אונטער די קאָלאָניסטען און די קאָלאָניע האָט אויפגעזאָדען. אַ פאַלשטענ־דיגער ב[...]נט איז ענטשטאַנען...

— סמייטש, היתכן? — האָבען די פאַרשטענדיגערע געשריען: — איז דען מעגליך דעם ערשטען יאָהר שוין צאָהלען די שולדען? אַלעס ווילען זיי צונעהמען און אונז כסדר האַלטען ביי הער טהיר אַלס בעטלער און אונז בעטיטלען, אַלס שנאָררער?!

אָבער די קרעמער, די בעלי חשבון האָבען געדרונגען אַז עס וועט סטייען אי אבצוגעבען דער אדמינסטראַציע אַלצדינג וואָס זי פער־לאַנגט, אי דורכצולעבען דעם קומענדען יאָהר.

— עפּעס אַ קלייניגקייט, ערד! — האָבען זיי זיך גע'כופל'ט. — וואָס ערד קען נאָר ארויסגעבען! זי איז דאָך אַזוי רייך! משמעות?

די פּשוט'ע קאָלאָניסטען האָבען גלאַט געשאָלטען דעם נאָמען יק"א: — הגם מען האָט נאָך דאַמאָלסט קיינעם פון די חשוב'ע יק"א־פאַרטרעטער ניט געזעהן: קאַזעס און הירש, האָבען נאָך די קאָלאָניע זאָגאַר ניט באַזוכט. מען איז סתם ברוגז געווען אויף'ן באַ־ראָן, וואָס ער האָט די קאָלאָניסטען איבערגעגעבען אויף פרעמדע הענט... און מען האָט געפלוכט, אויף וואָס די וועלט שטעהט! דער אַדמיניסטראַציע האָט מען פיינט באַקומען ווי אַ פעסט, ווי אַ מגפה האָט מען זי ניט געקענט ליידען און מ'האָט זיך פשוט ארומגעטראַ־

...ען מיט ראַכע־געפיהלען.

אָבער איהר מעגט לאַכען. די נקמה האָבען די קאָלאָניסטען שנעל ...עהאַט אויף גאָר אַ זאנדערבאַרען אופן און האָבען אָנגעקוואָלען.

## פאַרשוואונדען די אײַזערנע קאַסע, און אַ דירעקטאָר פאָהרט-אָפּ

אַט האָבען מיר אַ נקמה דערלעבט אָן די אדונים!

דעם 29־טען אָקטאָבער, ביי נאַכט, האָט ניט געסטייעט די פייער־קאַסע. גנבים האָבען איהר פון דער אדמיניסטראַציע אַרויסגע־שטוילען... וויפיעל געלד און דאָקומענטען ס'האָבען זיך אין דער אייזערנער קאַסע געפונען — דאָס ווייסען נאָר יענע צדיקים, איך ניט! איך ווייס נאָר, אַז דער געבורטס־רעגיסטער וואָס ד"ר יאַפּפע האָט איינגעפיהרט, איז אויך דאָרט אין קאַסע געווען און אַז מ'האָט איהם שפּעטער גוט געזוכט...

די פּאָליציי האָט צוגעשיקט "פּעסקיסעס" אָדער דעקטעקטיווס. זיי האָבען געפּאַרשט, געשפּיאָנירט, — און גאָר ניט געפונען. דער אייזערנער שראַנק איז ווי אין וואַסער אריין!

די לאָקאַלע בעאַמטע האָבען איינער דעם צווייטען חושד גע־ווען. די דירעקטאָרען האָבען פייערדיגע בריעף געשריעבען און ווי דער מנהג פון דער וועלט איז "אַ גנבה ביים גביר, איז די דיענסט אַ כפּרה", אַזוי איז דאַ אויך געשעהן. באַצאָלט האָט דער אָרענט־ליכער פּעטערסאָן און נאָך אַ פּאָאַר קלענערע בעאַמטע, וועלכע האָ־בען עפּעס אַ מורמעל געטהאָן אויף אַ גדול... ז י י האָט מען ענטזאָגט. אויף אימיצען האָט מען דאָך געמוזט דעם חשד אַרויפ־וואַרפען!

מיר האָבען דערפון הנאה געהאַט.

אָבער דער צופאַל האָט אונז נאָך מעהר פרייד געבראַכט. ווען מיט אַכט טאָג שפּעטער, נאָך דער ערשטער גנבה, האָט זיך אַרויס־געוויזען נאָך אַ גרעסערע.

עטליכע פון די גוטסבעזיצער, ביי וועלכע מען האָט די געצאַמטע אָקסען געקויפט אום אונז ג עמ אַ נ ס י ר ט ע צו געבען, זיינען דעם 7־טען נאָוועמבער געקומען און צוריק־געפאָדערט די אָקסען, אָדער געלד פאַר זיי, טענה'נדיג דאָס די פריהערדיגע פאַרוואַלטער,

האבען די אקסען אויף קרעדיט געקויפט...

די נייע דירעקטארען האבען די ליפען פארביסען און כדי קיין סקאנדאל ניט ארויסצורופען, ניט אויסגעלאכט צו ווערען און משפטים אין די געריכטס-הייזער אויסצומיידען — האבען זיי נע־באך געצאהלט פאר די זעלבע אקסען צום צווייטען מאהל!

איי האבען מיר געלאכט! מיר האבען גוט געקענט און קענען נאך איצט אויך יענע מחותנים, וואס האבען זיך ארומגעשארט ביים "פעטען טאפ מיט גריוועו" און אפטמאל דערפון גענאשט — און דאס האט אונז גענוג שטאף געגעבען זיך צו וויצלען און אפצושפא־טען פון אלע דעקטעקטיוו'ס און אונטערזוכער...

אונז האט נאר באנג געטהון, וואס דער גוטער מאקסים קאגאן האט שוין די גנבות ניט געזעהן. פריהער מיט צוויי־טאג, דעם 27־טען אקטאבער איז ער אפגעפאהרען. אבער ער האט אלע דאמאלסט־דיגע הערשאפטען גוט געקענט. דאס האבען מיר ארויסגעזעהן פון זיין אפשייד'ס בריעף.

דעם 27־טען אקטאבער האט מען אויסגעקלעפט מודעות אויף די וועגט פון דער אדמיניסטראציע, דער קלייט און דער "קארניסעריא" מיטטהיילענדיג, דאס דער פראוויזארישער דירעקטאר מ. קאגאן, פאהרט־אפ קיין פאריז, וואו ער וועט זיך טרעפען מיט'ן באראן הירש. ער האט איבערגעלאזען אן אבשיידס בריעף צו די קאלא־ניסטען מיט דער הבטחה, דאס ער וועט דעם באראן געניי פאר־שטעלען די ריכטיגע לאגע, איהם אויפקלעהרען איבער'ן צושטאנד פון די קאלאניסטען, איהם דערצעהלען וואס דא איז פארגעקומען און זעהן, אז מיר זאלען ניט דארפען ליידען און צאהלען פאר פרעמ־דע פעהלערן און שגעונות. ער האט אבער ניט דערמאנט די גנבות פון די ערשטע בעאמטע, וועלכע זיינען אויף אונזער חשבון פאר־צייכענט געווארען...

קלאנגען האבען זיך געטראגען, אז יענער נאבעלער רוסישער איד, האט זיין פארשפרעכען ערפילט. אז דאס פיערטעל פון אונזערע חובות, וואס דער באראן האט אין זיין צואה אונז געשענקט, הא־בען מיר דעם הערר קאגאן צו פארדאנקען.

דערווייל איז אנגעקומען די קאסעטשע־צייט.

# די "קאָסטשע" 1893-4.

די "קאָסטשע" איז געווען אַ פאַרשפּעטיגטע.

דעם 20־טען דעצעמבער, האָט די אַדמיניסטראַציע באַפוילען דאָס מ'זאָל זיך נעהמען שניידען. צי דער ווייץ איז שוין צייטיג, אָדער נאָך גרין, דאָס האָט איהר ניט געקימערט. די פּעראָרדע־נונג האָט געמוזט אויסגעפאָלגט ווערען! האָט מען די שנייד־מאַשינען אַרויסגעפיהרט אויפ'ן פעלד און זיך גענומען צו דער קצירה.

אומפּראַקטישע שטאָדט־אידען, וואָס האָבען ביי זייער לעבען קיין תבואה פון פעלד ניט אַרונטערגענומען און זאָגאָר די עטליכע דאָרפס־אידען, וואָס האָבען ב ל ו י ז ג ע ז ע ה ן ווי די גוים בעאַרבייטען די ערד, אָבער מיט גאַנץ פּרימיטיווע מיטלען און ניט מיט די מאָדערנע מאַשינען, די "אַטאַדאַראָס", וועלכע וואַרפען אַרויס צו 4־5 געבונדענע סנאָפּעס אויף איינמאָל. אַט אַזעלכע מענ־שען האָבען זיך אַליין געשטעלט אַרבייטען מיט די בינדמאַשינען.

צום אומגליק האָבען נאָך די יק"א בעאַמטע איינגעהאַנדעלט די שנייד־מאַשינען פון דער פירמע "וואָלטער ענד וואָוד", אַן אוּמ־געלומפּערטע אַנטיקוואַרנע באַנדורע, וואָס די סוחרים כוואַן אי באָסע דרייסדאָל, האָבען יאָהרען לאַנג ניט געקענט פּטור'ן, ביז זיי האָבען אויסגעזוכט אונזערע פילאַנטראָפּען. — אונזערע אונער־פאַהרענע אידלאָך האָבען זיך אַזוי נאָך געהאַט צו מוטשען, מיט די דאָזיגע "קאַליקעס".

נו, האָט מען זיך שוין איינמאָל געמוטשעט און געפּלאָגט!

דער מאַשיניסט וועלכען די פירמע האָט כלומר'שט געשיקט, אום די מאַשינען דאָס ערשטע־מאָהל "דורכצולאָזען" איבערן פעלד, האָט ווי אַנ'אַרצט, אָפּגעשטאָט יעדער גרופּע אַ וויזיט, האָט אַ פּאָאַר מאָהל פון מויל אויסגעשפּיגען דעם ז אַ פּ ט פון זיין קיי־טאַבאַק, אָפּגעזאָגט אַ "אָלרייט" און גלייכגילטיג זיך ווייטער געפאָהרען...

האָט זיך אָנגעהויבען דאָס שניידען, ס'האָט אַזש געשניטען אין

בויך און אין האַרץ... איז מען אָפּגעגאַנגען אַ צוויי ״וואָלטאַס״ און ״סטאָפּ מאַשינאַ!״ — ניט איין טריט ווייטער! דאָ פאַרגרוזניעט זי ביז אַריבער די רעדער, דאָרט כאַפּט זי אַריין אַ קוסט אינ׳ם בינדער, אָדער עס האַקט כסדר דעם פאָדעם... דערצו פאַלט אַלע ווײלע אַראָפּ די גרויסע קעהט וואָס פיהרט דעם בינדער, פון די צייהן ביים ראָד און די וויכטיגסטע העלפט בלייבט פאַראַליזירט.

שטופּט יענקעל די האַנד אין בינדער און לאָזט איבער אַ פינגער... משה פינקעל, פאַלט אַרויף, דוקא אויף דער זעג און צוקאַדאַוואַטשעט זיך ביז׳ן טוידט...

דאַרף נאָך צום אומגליק אין סאַמע ברען פון דער אַרבייט, ווען פערוואונדעטע און קראַנקע מעהרען זיך פון טאָג צו טאָג, איינפאַלען דעם דר. רהאָדעס מעהר ניט צו אַרבייטען: מוז מען די געפעהרליך צושניטענע מענשען פיהרען קיין בוענאָס־איירעס און די לייכט פאַרוואונדעטע, קרענקען זיך ביסלעכווייז ביי זיך אין שטוב. טעלעגראַפירט מען צום באַראָן און מ׳בעט רחמים אַז אַרצט און ער ענטפערט, דאָס מיט׳ן ערשטען דאַמפּפער, פאָהרט אַרויס אַ דאָקטער, מיט׳ן נאָמען וועקסלער: — אָבער פאַרלויפיג מוז מען געדולדיג צוואַרטען...

נאָר וועמען קימערט אין אַזאַ ברען דאָס געזונד? אַבי מ׳קען אַרבייטען! בינדט מען צו דעם קאָפּ אָדער די האַנד מיט אַ שמאַטע און מ׳שניידט־הייטער דעם ווייץ... רייטערס לויפען ווי די שדים, איינגעטונקען אינ׳ם מאַשין־בוימאייל, אויסגעניורעטע ווי רוחות. אָהן רעקלאַך, מיט די הוילע אַרבעל, פאַרסמאַיעטע, קומט מען אין העפּאַ פון דער אַדמיניסטראַציע, וואו דער ״ווייסער יעזואיט״, דער פּראָפעסאָר הייאים, טהיילט־אַרויס די ערזאַץ־שטיקער: רעדלאַך, שרייפלאַך, פליגעל, און אַנדערע ״פּיעסאַס״, וועלכע ברעכען זיך פונקט ווי גלאָז און אַז מ׳ברייננגט צו איהם די צעבראַכענע שטיקער, גיט ער אַז אַנדערע אַ גאַנצע, אויב ער האָט נאָר אַזעלכע און קוים ניט. טעלעגראַפירט ער צו דער הויפּט־ביוראָ קיין בוענאָס־איירעס, וועלכע שיקט אין דריי אָדער אַכט טאָג אַרום די געפאָדערטע ״שטיק״ — און דערווייל, שטעהט דער ווייץ אויפ׳ן ״פּיען״ און שיט זיך ביסלעכווייז פון די זאַנגען אַרויס...

ווען דער יעזואיט הערזעהט דער פאַרסאַפּעטען רייטער מיט׳ן

בראָד־שטיק אין האַנד, גייט ער איהם אַנטקעגען מיט אַ היפּאָ־קריטישען שמייכעל:

— גוט מאָרגען! שוין צוגעבראַכט? יאָ, שוין? נו, מזל טוב! — און הויבט זיך אָן ווי צולען אויפ׳ן חשבון פון די דאָזיגע אונפּראַקטישע ערד־אַרבייטער, וועלכע מוטשען זיך ממש ביז׳ן טויטען מיט די אומנוצליכע מאַשינען.

רייטער זעהט מען לויפען ווי פון אַ שלאַכט פעלד. איינער מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ, אַנאַנדערער מיט אַ האַנד, אַ פוס און ווער מיט אַ צעבראָכענעם רעדעל פון מאַשין. די אַדונים מיט די רויטהע באַליאַוועס, אָנגעפּרעסענע ווי די חזירים, אַנדערע אַנגע׳שיכור׳טע ווי לוט, פאָהרען אַרום צווישען די ווייץ־שניידער, קאָמאַנדעווען, באַפעהלען, זידלען, שפּאַטען און מאַכען סתם חוזק, גלאַט אין דער וועלט אַריין, פון די נאַרישע ערשט געוואָרענע קאָלאָניסטען, וועלכע באָדען זיך נעבאַך אין שוויים, באַוואַשען זיך אָפּט אין טרעהרען, באַקלאָגענדיג די "וואָלטער ענד וואוד" מאַשין און זייער ביטערן מזל, וואָס האָט זיי פאַראורטהיילט צו ווערען עבדים ביים באַראָן׳ס אַדונים.

אָט אַזוי האָט זיך דאָס שניידען געשלעפּט. וויפיעל די 36 נייע מאַשינען האָבען די קאָלאָניסטען מקצר־ימים געווען, האָבען די צוועלף אַלטע, די ירושה פון רעמעלאַ פראַנקאַ, נאָך טויזענד מאָהל מעהר דאָס לעבען גענומען...

דאָס זיינען געווען פונ׳ם אַלטען סאָרט מאַשינען, מיט בלויז איין באַוועגליכען לייוועגט; אַלט און פאַרזשאַווערט זיינען זיי געווען און אַלע ווייַלע, האָט אַנאַנדער "פּיעסאַ" געפּלאַצט...

אויף מיין גרופּע איז אויסגעפאַלען אין גורל, איין אַלטע און איין נייע מאַשין, צו פיער קאָלאָניסטען אויף אַ מאַשין. איך, זוילענסקי, וויינשטיין און פּיאַוואסקי, האָבען אַלע פיער באַקומען די אַלטע און די איבעריגע פיער שכנים — די נייע.

אין אַ טאָג ווען מיר האָבען אַלע פיער געשניטען אויפ׳ן פעלד מיט דער אַלטער מאַשין, האָט זי זיך פאַרגרויזניעט, די אַקסען האָבען זיך שיער אונטערגעריסען, די קעהטען האָבען געפּלאַצט און ס׳איז ניט פונ׳ם אָרט צו ריהרען. בעת מיר זיינען אין שוויים פאַרטונקען געווען פון דער האָראָוואַניע, אום אַרויסצושלעפּען די באַנ־

דורע, איז גראדע אנגעלאפען דעם אדמיניסטראטער ר. וועלכער האט זיך געפונען אין א האלב־באזויפענעם צושטאנד און איהם האט באגלייט דער שווארצער מצרי.

קיין "גאט העלף!", קיין "בוענאס־טארדעס!" ניט קיין שווארץ יאהר האבען זיי געזאגט. נאר דער פאר׳שיכור׳טער אדון, האט זיך הילכענד פאנאנדערגעלאכט.

— שעהנע קאלאניסטען! — האט ער זיך געקאכט. — אט אזוי ארבייט־מען מיט א מאשין? ניענאדיאיעס וואס איהר זיינט! מלמדים!

וויינשטיין, וואס איז גראדע דאמאלסט געלעגען אונטערן מא־שין און זיך דארט געפארעט מיט די שרייפלאך, האט דערהערט דאס פאנפעוואטע קול׳כעל פון׳ם נאטשאלניק, האט דאס איהם שטארק פארדראסען, איז ער ארויסגעקראכען און האט זיך צו איהם געווענדעט:

— אנו, פריציל! קריכט ארונטער אט־א־דא, אונטער דער מא־שין, און ווייזט נאר אקארשט, ווי־אזוי מ׳דארף ארבייטען? אייך איז גוט צו לאכען! וויפיעל כאבאר האט איהר גענומען ביי די פארקויפער פון די אומנוצליכע אגריקולטור מאשינען?

דער אדון איז געווארען ווי א בוראק; האט זיך אנגעצונדען פאר כעס און בײז זיך צעשריגען:

— מאלטשי סוואלאטש! — און צוזאמען מיט׳ן מצרי, האבען זיי זיך געלאזען מיט די פערד, אום וויינשטיינען דורם צו זיין; אבער דיזער, האט פון מיין האנד ארויסגעכאפט די "פיקאנא" און דער־מיט פארפאהרען איבער די פערד, וועלכע האבען פאר שרעק און וועהטאג אנגעהויבען ווילד צו שפרינגען. דער "מצרי" איז א געשיק־טער רייטער געווען, האט ער זיין צופודזשעטען "אלאסאן" באלד איינגעהאלטען, וועהרענד דעם אדון, האט זיין פערד ווייט אוועק־געטאסקעט... דער באזויפענער האט אנגעהויבען גוואלדעווען, שרייען "קאראאול" און איז שיער ניט נהרג געווארען.

מיר האבען צוגעקוקט און אנגעקוואלען פון אזא מין נקמה... אבער ס׳האט אונז טייער געקאסט די מאמענטאלע פרייד! וויינשטיין איז באשטראפט געווארען מיט א "מולטע" פון א גאנצען חודש שטיצע און מיר, די איבעריגע דריי, זיינען אפגעקומען מיט צי־

צעהן פעזאס שטראף!

דאס שניידען האט זיך געצויגען ביז צום 21-טען יאנואר 1894. א סך האבען אבגעשניטען לעדיגע זאנגען, די קערנער זיינען לאנג אויסגעשאטען געווארען פאר צייטיגקייט. דאנקענדיג דאס אפטע וואָרטענעש אויף "פיעסאס" וועגען די מאשינען און די פיעלע אנדערע שטערונגען.

46.

## אַ גאַסט אויף אַ ווײַלע, — און די אַרבייט ברענט!

ענדע יאַנואַר, אַז מ'האָט אָנגעהויבן צוזאַמענפיהרען דאָס ברוידט, האָט דער דירעקטאָר ס אַ מ ו ע ל ה י ר ש, צום ערשטען מאָהל באַזוכט אונזער קאָלאָניע. ער האָט מיטגעבראַכט אַ נייעם אַדמיניסטראַטער, דעם מוסיע ערנעסט בראַנדעס, אַ פּאַריזער לעבע־יונג.

דער דירעקטאָר הירש, איז דאַמאָלסט געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר פופציג, אַ נערוועזער מענש מיט אַ בלאָהליכער נאָז; פריהער איז ער פיערצעהן יאָהר כסדר געווען לעהרער און נאָכהער דירעקטער פון דער שולע "מקוה ישראל", וואָס די "אַליאַנץ" האַלט־אויס אין פּאַלעסטינא. אַ גרויסער קפדן און אַ קליינער חכם — איז ער געווען, נאָר אַנ'אָרענטליכער מענש. פון אַגריקולטור האָט ער געוואוסט אַזוי פיעל, פונקט ווי די מיינסטע קאָלאָניסטען.

צו יענער צייט, האָט ער איין גרויסע מעלה געהאָט: ער האָט דעם ריינעם אמת אַרויסגעזאָגט. ביים קבלת פּנים וואָס מיר האָבען איהם געמאַכט, האָט ער אונז ערקלעהרט:

— איהר זיינט די קרבנות פון דער אונוויסענהייט. מיט אייך ווערט געמאַכט עקספּערימענטען. דורך אייך ווערט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אויסגעפּרופט, אום צו וויסען צי ס'איז מסוגל צו דער עבודת האַדמה... אייך מיינט מען כלל וכלל ניט, מען דענקט נאָר פון אייערע קינדער, צי ז י י וועלען שוין וועניגסטענס זיין גוטע ערד־אַרבייטער...

ווען מיר האָבען רעקלאַמירט מכוח דעם צירקולאַר, באַמערקענדיג דאָס די גאַנצע קאָסטשע פערבלייבט דאָך ביי דער אַדמיניסטראַציע, האָט ער זיך צושמייכעלט:

— שוטים! קינדער! — האָט ער געזאָגט, — מיר ווילען ב י י א י י ך געלד צונעהמען? מיר'ן דאַנקען גאָט אַז איהר זאָלט ניט דאַרפען ביי אונז נעהמען! איהר אַרבייטס נאָר און האָט אייך...

ס'איז אייער איינענס!

ער מעג מיר מוחל זיין, דער זקן. ער האט אונז אפגענארט, אדער ער איז אליין גענארט געווען. ער לעבט דאך נאך און זאל ער לאנג לעבען! דאן זאל ער זעהן, ווי מען מאנט איצט ביי אונז געלד... פאר שבת, ריפוי און בושת — לאזט מען זיך רייכליך באצאהלען! מען פאדערט און מען רייסט דורך די געריכטס-הייזער, וואו מען האלט אנגעשטעלט גאנצע באנדעס מיט געזעצליכע "אוועס נעגראס", — שווארצע פויגלען, וועלכע פיקען צוזאמען מיט די צעהנדליגע אדוואקאטען, אוועקרויבענדיג פון אונז דאס לעצט ביסעל חיות. דאנקענדיג דער יק"א, נעהמט מען יעצט צו ביים קאלאניסט זיין לעצטע מילך-קיה, מען שניידט שטיקער לעבען'ס — אפרייסענדיג גאנצע שטיקער פעלד: מען שמייסט ארוים די ערשטע פיאנירען, וועלכע ער האט דאמאלסט אנגערופען: "שוטים, קינדער" און זיי געזאגט דאס זיי זאלען קיין מורא ניט האבען, מען וועט ביי זיי "גארניט צונעהמען". אונזער שעהנע מאאוריציא, ווערט יעצט פארוואנדעלט אין רואינען, אין חורבות. פיעלע פון די קאמפען, ווערען דורך די יק"א משרתים צו גוים פארקויפט, צו פ ר ע מ ד ע ווערט עס איבערגעגעבען און נאר איין גאט אין הימעל ווייסט, צי ס'וועט אפילו א זכר פערבלייבען פון אונזער, מיט בלוט און שוויים דורכגעווייקטער קאלאניע...

נאר לאמיר געהן כסדר, ניט פארלויפען דעם וועג, און איבער-געבען דברים כהויתן.

דער דירעקטאר הירש, האט ביי אונז אין קאלאניע פארזאמט אפאאר טעג און איז אוועקגעפאהרען, איבערלאזענדיג בראנדעס'ן אלס מושל. און מיר האבען ווייטער פלייסיג געארבייט ביז, און איבער די כוחות.

ווי נאר מיר זיינען ערלייזט געווארען פון די שנייד-מאשינען, מיט די אדמיניסטראטיווע אגענטען, איז די ארבייט אוועק פיעל בעסער.

פרויען און קינדער האבען זינגענדיג, פרעהליך געארבייט אין פעלד. מען האט צונויפגעשטעלט די סנאפעס, געמאכט קאפיצעס און נאכהער צוזאמענגעפיהרט דאס ברוידט אין "פארווא" אריין. פיעלע בוואטסקע ווייבלאך זיינען מיט די וועגען געגאנגען, גע-

לאַדען הויכע "טשאַטאַס" און צו דער "פּאַרוועּ", צום סטויג צו־
געפיהרט. אַלע האָבען מיטגעאַרבייט אין דער "וואַזאַוויצע".

אייגענטליך קען איך עס מיר ניט ערקלעהרען, ווי אַזוי די
שטאַרטישע מענשען האָבען זיך אַזוי גיך צוגעוועהנט, צו שטעהן אַ
לאַנגען, 18־שעה׳דיגען טאָג אויף דער "פּאַרוועּ", אונטער דער
גליהענדער יאַנואַר זון און צונויפלעגען די סטויגען תבואות!!!

וואו האָט מרדכי בליצמאַן, אַ צעלניק־קרעמער פון קאַמענעץ,
זיך אויסגעלערענט אַזעלכע גלייכע און שעהנע סטערטעס צונויפ־
לעגען? וואו האָט זיך גענומען, ביי די קיעווער און אָדעסער באַריש־
ניעס, אַזוי פיעל כח און חושק, אום מיט דער ווילע פון פיער איי־
זערנע צייהן, אַ גאַנצען טאָג אויף דער סטרעטע צו שטעהן אַלס
מיטהעלפערינס אום די "פּאַרואַדאַרען" די סנאָפּעס צו דערלאַנ־
גען? אַט די דאָזיגע מיידלאַך, וואָס זיינען פּאַרוועהנט געווען אין
זייהענע האַנדשוה צו געהן און זאַנטיקעס צו טראָגען, זיינען פריי־
וויליגע "אַזשודאַנטע דע פּאַרוואַדאַרעס" ביי די סטויג־צונויפ־
לעגער געוואָרען!

מעגליך אַז דרינען ליעגט טאַקע דער סוד פון אידישען פאָלק;
דערין זאָל מען אויך טרעפען דעם קערן פון זיין אייביגער גערע־
הונג און עקזיסטענץ; זיין צוגעוועהנען זיך שנעל צו יעטווידען קלי־
מאַט, צו יעדער אַרבייט, צו אַלע לעבענספאַדערונגען. מעגליך. ווער
ווייסט עס?

אָך, מיט וואָס פאַר אַ ליבע און איבערגעבענהייט דאָס ברוידט
איז צוזאַמענגעפיהרט געוואָרען! ווער איז עס דען אימשטאַנד צו
באַשרייבען?

אַז די "פּאַרוועס" אין גרופּע זיינען פערטיג געוואָרען, האָבען
אַלע שכנים צוזאַמען די "טרייזשאַדאַראַ" געבראַכט. יעדער קאָלאָ־
ניסט האָט זיינע אַקסען איינגעשפּאַנט און מען האָט די דרעש־
מאַשין מיט שמחה אַריינגעפיהרט און גורל געוואָרפען, ביי וועמען
מען צו ערשט דאָס דרעשען אָנצוהויבען.

איך ענטזאָג זיך פּאַרצושטעלען די גדולה און דעם יובעל וואָס
ס׳האָט געהערשט אין דער גרופּע, בשעת דער מאַטאָר האָט דעם
ערשטען פייף געטהאָן. אַלע פרויען מיט די קינדער, זאָגאַר די
זינגלינגע, זיינען אַרוים טאַנצענדיג:

— אָט קומט מען דרעשען אונזער תבואה, אונזער אייגען ברווידט!

די מאמעס האבען אנגעוויזען די קינדער:

— זעה קינדערלעך: דארט שטעהט דער פאפא, אויבען נעבען צי־לענדער פון דער דרעש־מאשין, ער איז א "קארטאדאר", ער צו־שניידט די שטריקלאך פון די סנאפעס, וועלכע גליטשען זיך אין באראבאן אריין...

— אט שטעהט מיינער! — זאגט א פרוי מיט שטאלץ: — ער איז א ל י י ן א צילענדעריסט!

א פערפלאמט יונג־ווייבעל, שטופט זיך צו איהר מאן, וועלכער שטעהט ביי דער מאשין מיט א זאק איבערן קאפ, ער איז א "גאלערא" — ער שארט־אפ די אויסגעדראשענע שטרוי, וואס די "טריזשאדארא" ווארפט ארויס.

—זאלסט הופען דעם מאשיניסט מיט'ן "אסייטערא" צו אונז אויף מיטאג, הערסט הערשעל! — זאגט זי איהם אין א געהיימ־ניספולען טאן.

שטענדיג איז עס יום־טוב'דיג געווען אין דער גרופע, בעת די מאשין האט דארט געדראשען. מ'האט געקוילעט עופות, איינגע־לאדען די הויפט־ארבייטער צום עסען און געקיכעלט דעם מאשי־ניסט, דעם "פאגיסט", דעם מאשין־שמירער, דאן די "באלסעראס". אה, אונזערע "באלסעראס"! מיט זיי זיינען מיר ווירקליך שטאלץ געווען! ווייל זיי האבען פארשעהמט די שטארקסטע, געניטסטע און פעהיגסטע איטאליענישע זעק־טרעגער.

ישראל גערשמאן, א יונגערמאן פון די קאלאניסטען, וועלכער האט שפעטער געטריעבען געשעפטען אויף מיליאנען פעזאס, איז געווען א "באלסערא", א גאנצער שם דבר: דער גאנצער ארטיקל אדער "קוואדריזשא" פון 32 פערזאן, האט פאר איהם רעספעקט געהאט צוליעב דער דאזיגער מעלה...

— בועז טראבאכאדאר! — א גוטער ארבייטער איז ער, הא־בען אלע שפאניער באשטעטיגט.

גרשון קרעלל, דעם שוחט'ס פארשטארבענער זוהן, איז אימ־שטאנד געווען צוויי זעק ווייץ מיט איינמאל, ארויפטראגען אויף דער "פילא".

דאס דרעשען איז צוגעגאנגען פרעהליך און לוסטיג. מען האט אין זיך אליין און אין פרוכטבארען ארגענטינישען באדען א שטארקע אמונה געהאט און געהאפט אויף לויטער גוטס.

נאר קוים איז די ארבייט ארונטערגעפאלען אונטערן אויפזיכט פון די פארפלוכטע יק״א משרתים; ווי נאר די אדמיניסטראציע האט אנגעהויבען קאמאנדעווען און איהר יד ארויפלעגען, איז תיכף א מרה שחורה, א געוואלטיגער יאוש אונז באפאלען און מען האט זיך באלד דערפיהלט ערנידעריגט און פארשקלאפט; אזוי, אז די ארבייט איז שוין אויך געגאנגען אהן א טאלק און אהן א סיסטעם.

# דאָס צוזאַמענפיהרען די תבואות.

עס האָבען זיך צוזאַמענגענומען קאָלאָניסטען פון 2-3 גרופּעס, איינגעשפּאַנט די אָקסען אין די וועגען, אָנגעלאָדען צו 30-35 זעק אויף יעדען און היידא! קיין קאַסאַרעס, אום די תבואה אריינצופיהרען אין גאַלפּאַן פון דער אדמיניסטראַציע.

ווי אַזוי דאָס פאָהרען אָדער "וויאַכעווען", ווי ס'איז פּאַראַדישט געוואָרען דאָס וואָרט "וויאַכע" — אַ רייזע — איז צוגעגאַנגען, טהוט מיר ממש וועה די האַרץ, אום עס צו באַשרייבען. די וועגען זיינען געווען זעהר שלעכטע, גרויסע בלאָטעס, "פּאַנטאַנאָס", טיעפע גריבער און גאָר אָפט, איז מען פאַרגרוזניעט געוואָרען ביז איבער די אָקסען. ביי אַזאַ צופאַל, האָט מען מחלה געמוזט אַראָפּוואַרפען די תחתונים, אריינקריכען אין זומפּ, אַריבערטראָגען איינציגווייז די זעקלאַך ביז דער יבשה, צושפּאַנען נאָך זעקס אָקסען, כדי קוים אַרויסצושלעפּען דעם פאַרזונקענעם לעדיגען, אָבער אומגעלומפּערט-שווערען וואָגען.

קיינעם וואָלט איך ניט געוואונשען אָנצוקוקען אַזאַ קאַראוואַנע אידישע טשומאַקעס, מיט פאַרבלאָטיגטע בערד, אויסגעשמירטע ווי די שדים און ווי זיי פּליושקען זיך מיט האַלב נאַקעטע קערפּערס אין די קאַליוזשעס און טאַסקען די זעק. דאָס וואָלט אַ צו גרויסער צער געווען פאַר יעדען פיהלענדען מענשען, זאָגאָר פון ווייטען אָנצוקוקען!

מילא פּטור, מען בעל-עגלה'וועט דאָך ביי זיך אַליין! איינער דעם אַנדערן העלפט ווי ווייט מען קען. ס'איז דאָך עפּעס פּאַרט אייגען ברויט! די אַרבייט איז נאָך אַלעמען, זיס געווען...

איז מען אָבער די "וויאַכע" אַריבערגעקומען בשלום און דערגרייכט ביז צו די טהויערן פון'ם אדמיניסטראַציאָנעס גאַלפּאַן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבען דאָס ווירקליכע ביטערקייט: מען האָט זיך ווידער דערזעהן פירכטערליך פאַרשקלאָפּט און דערני-

דערט. די אומצופרידענהייט איז צו מערקען געווען אויף יעדענס געזיכט. מען האט תיכף ארויסגעזעהן די עקעלהאפטע הנהגה, די סיסטעמאטישע גנבות, וועלכע זיינען קאלטבלוטיג געטריעבע געווארען דורך די אדונים, די גאלפאנעראס, די שרייבער און אפשר דורכ׳ן אדמיניסטראטער אליין. ווער ווייסט?

דער בלעכענער שייער איז פארמאכט — נאטשאלסטווא איז עסען געגאנגען. אונזערע טשומאקעס זעצען זיך אויס אין א רעדעל, מיט די בייטשען אין "פיקאנאס" אין האנד. איינער קייעט א גאליעט, א צווייטער רויכערט א פאפיראסעל, אנדערע וואשען אויס די בלאטע פון די אויגען... מען שעלט, מען פלוכט און מען בעקלאגט זיך אויף דער גאנצער וועלט... עס זיינען אבער אויך פאראן "בייטשען", וואס שמועס׳ן פון גאר הויכע ענינים; למשל, זיי ווילען דערגעהן וואס דער באראן עסט צו וועטשערע, וואס ער טראכט צו מיטאג און אלע באדויערן, וואס ער האט אזא נאריש־קייט געטהאן און זיין גרויסע קאלאניזאציאנס אידעע ניט פאר־ווענדעט אין ארץ ישראל, אין אן אמת אידיש לאנד... די א נ ג ע־ז ש ו ג ע ו ו ע ט ע אקסען האבען הפנים זיך אויך געוואלט אריינ־מישען אינ׳ם געשפרעך, האבען זיי זייערע קעפ אויסגעדרעהט צו די פאליטיקער און זיי נאר ארויסגעשטעקט די פארסלינעטע לאנ־גע צינגער... האבען דערביי געסאפעט, געפראכט און בהמה׳יש שטום זיי אנגעקוקט מיט פארגלעזערטע און טרעהרענדיגע אוי־גען. א פאאר פון די אקסען־זקנים, זיינען אויף אונזערע פאליטי־קאנטען גאר ברוגז געווארען, האבען זיך מיט׳ן "זשוג" אנידער־געלעגט, איינגעדרימעלט און נאכ׳ן ב ר כ ת ה מ פ י ל זיך שוין מעהר גאר ניט אויפהויבען. נו מילא, אויך מיר א דאגה! איז וויינציגער מיט אן אקס!

זיצט מען און מ׳ווארט. ס׳ווערט איינס א זייגער, צוויי... די זון ווארפט איהרע אנגעגליטע שטראהלען און שטעכט ווי מיט שפיז־לען. עס טשמעליעט אין קאפ. מ׳רוקט זיך אונטער די וועגען, אום זיך צו שיצען פון דער ברענענדיגער זון און ענדליך, דאנקען גאט! נאטשאלסטווא איז אנגעקומען און ווי געוועהנליך נאכ׳ן עסען, געהט יעדערער שווער, מיט א פולען מאגען, דער פנים פארפלאמט און פאררויטעלט..

הויבט זיך שלעפעריג אן די קאמאנדע. צוויי קאלאניסטען אויפ׳ן וואגען. דערלאנגען דעם טרעגער א זאק אויפ׳ן נאקען און ער לויפט איבער א ברעט וואס איז צולעגט ווי א בריק, פונ׳ם וואגען ביז צו דער פריזבע פון גאלפאן און דארט, קריכט ער איבערן דאפעלטע לייטער פון דער "פילא", טראגענדיג דעם זאק ביז צו די "עסטיוואדארעס", וועלכע לעגען-אויס סימעטריש די שורות מיט זעק. אבער דארט ווערט עס אזוי מאדנע געמאכט, דאס אלע ווייל קנאקט אראפ א זאק, ווערט צעפלאצט און די תבואה צעשאטען איבערן פאל... ביז צו די קנעכעל געהט מען אפטמאל אין דער דאזיגער "מערמא". אינ׳ם פחת פון די צעשאטענע זעק, וואס על פי תקנה, געהערט עס צום גאלפאנערא, צום נאטשאלניק אין שייער, די אויפזעהער און אנדערע בעאמטע. ביי נאכט זארגען זיך שוין די דאזיגע לייט, אז מען זאל עס צונויפקעהרען און אנפילען אין זעק... גאנצע וואגאנעס מיט אזא "באסורא", פלעגען די יק״א נאמנים אנלאדען פון דעם דאזיגען כשר׳ן אבפאל און האבען עס פארקויפט, כלומר׳שט אלס פחת.

איהר מעגט אייך לאכען: "דאקטוירים זאגען דאך, אז לאכען איז געזונד"... יענעם יאהר האבען 4 טויזענד זעק ווייץ געפעהלט פונ׳ם גאלפאן. פשוט, ס׳איז הפנים א טעות געווען אין חשבון. דאס קען מען זעהן באשטעטיגט, אין די קאפיר-ביכער פון דער מאאוריציער אדמיניסטראציע.

קאזעס האט בשום אופן די סבה דאמאלסט ניט פארשטאנען און ער האט געהאנעלט מיט בריעף, פרעגענדיג כסדר "וואס הייסט עס פעהלט?"

געוואויגען די זעק האט מען ניט, דען צו וואס זאל מען עס נאך וועגען אין גאלפאן, ווען מען האט דאך דאס שוין געטהון ביי דער דרעש-מאשין, וועלכע איז אויך געווען אנ׳אדמיניסטראטיוונע, צוגלייך מיט וואג, מיט אונז קאלאניסטען און מיט הכל באשר לכל?! אט אזוי, האט מען א רשות חיחיד געמאכט פון די אלע 3250 העקטאר ווייץ, וואס האבען געהערט צו צעהנדליגע משפחות... גאנצע רייהען מיט זעק, זיינען צוזאמענגעלעגט געווארען אויסגעמישט. מען איז נאך גליקלאך געווען, ווען ס׳איז געלונגען וואס שנעלער די זעק אפצולעגען, אום מ׳זאל קענען א הונגעריגער און א פארמא־

טערטער, בדאי אין אוועגט זיך צוריק־קעהרען א היים.

עס מאכט זיך אבער אפטמאל, דאס ביי איינעם איז דער מזל א פארשלאפענער... נו, דאן קומט זעקס א זייגער פארנאכט, דער גאלפאן ווערט פארמאכט און מען מוז אפשטעהן מיט'ן אנגעלאדע־נעם וואגען און די הונגעריגע אקסען, ביז מארגען פריה, ווען ארום זיבען, עס ווערען די טהויערן פון שייער ווידער געעפענט. אה, ווער קען זיך דען פארשטעלען די צרות וואס מען ליידעט דאמאלסט?!

איבערהויפט, ווי טרויעריג איז אזא נאכט, ווען מ'דארף זיצען נעבען וואגען, היטען די אקסען און די זעק און אין מוח פלאנטערן זיך אלערליי פיינליכע מחשבות, וואס דריקען דאס הארץ און יאגען אן א פארצווייפעלטע מרה שחורה! אט געה טראכט: אפגעהארעוועט א גאנץ יאהר, געאקערט, געבאראנאוועט, גוזעעט, געשניטען, פאר־ווירט, אויסגעמלויצעט, אפגעוויאכעוועט און ענדליך דערלעבט דעם געווינשטען רעזולטאט: מען קען שוין דעם פראדוקט פארקויפען. דערפון געניסען, מאכען ווארים די ברכה "המוציא לחם מן הארץ", טאקע מיט'ן פולען מויל, אויף אייגען ברוידט: אבער, אז מען האלט שוין דעם פענעצעל אין האנד, שרייט מען צו אייך: סטאפ! האלט! צום מויל זאלסטו ניט צוטראגען, מחמת דו ביזט ניט דער בעל־הבית איבער דיין שוויס־גער פראצע. מען נעהמט־צו די זעקלאך "ברכה" וואס די מוטער ערד האט איינעם ארויסגעגעבען און מ'מוז פאהרען א היים לעדיג, אהן א סענט אין קעשענע: לעדיג אין די קישקעס, לעדיג אין מוח, לעער און פוסט אין אלע חושים און צעבראכען אויף אלע אברים: — דאן ווערט פינסטער פאר די אויגען, מען פיהלט נאר דעם חושך'דיגען שיקזאל און מען פארשעלט זיך אליין, דעם טאג וואס מען איז געבוירען געווארען און דער גאנצער וועלט ארום.

איז נאך פאראן א גרעסערער אומעט, א שטארקערער פערדראס, ווען אזעלכע רעיונות פלעכטען זיך ביי איינעם אין מוח אין דער איינזאמקייט און שטילקייט פון א שלאפלאזער נאכט? מיר האבען א כך אזעלכע נעכט הרכנעלעבט און מיט יאוש זיי דורכגעפיהלט!

48.

# די קאָלאָניסטען בונטעווען זיך.

עס זיינען געווען אסיפות. קאָלאָניסטען פון נאָהענטע גרופּעס, פלעגען זיך צוזאַמענקומען און זיך באַראַטהען וואָס צו טהון.

א גאַנצע עדה, מיט די עלצטע, מיט די עלטעסטע פון די משפחות, זיינען אַראָפּגעפאָהר'ען צום אַדמיניסטראַטער בראַנדעס און רעכענונג געפאָדערט.

— פאַרוואָס האָט מען מיין ווייץ געלעגט צוזאַמען מיט יענקעל'ס, אין איין סטויג? זיינער איז פול מיט מיסט, ווערהענד מיינער, איז פון דער בעסטער קוואַליטעט! — טענה'ט איינער פון די ראשים.

— צאָהלט אונז אוים פאַר אונזער פּראַצע אין מזומן געלד! — שרייט א צווייטער. — מיר וועלען שוין קענען לעבען פון אונזער אייגענער אַרבייט און ניט דאַרפען אַנקומען צו אייער פערפלוכטער קצבה!

עס איז געוואָרען א אויצעקו. ס'האָבען זיך אַנגעהויבען סקאַנדאַלען, זידלעריי האָט מען כסדר געהערט, ביי דער אַדמיניסטראַציע.

די יעניגע וואָס האָבען יענעם יאָהר קיין תבואה נאָך ניט געהאַט, האָבען געהאַלטען מיט דער אַדמיניסטראַציע. איהרע פאַרטהיידיגער זיינען אויך געווען די, וואָס האָבען גאָר קליינע אָדער אומגעראָטענע קאָסטעשעס געהאַט. זיי האָט געלוינט די "סובסידיע"! זיי זיינען דאָרום באַשטאַנען אויף אַלעם און האָבען צוגעבאָמקעט די גדולים, דאָס אַלע פּראָדוקטען דאַרפען אַריין אין איין האַנד, פאַרקויפט ווערען דורך דער אַדמיניסטראַציע און דאָס געלד זאָל אויך אין איהר קאַסע אַריינפליסען!... דער קהל'שער קעסעל זאָל למען השם ווייטער קאָכען און זאָל אַרויסגעבען די קצבה — מחיה פאַר יעדען איינעם.

רענעע בראַנדעס, וועלכער האָט קיין צייט ניט געהאַט, ווייל ער איז שטאַרק פאַרנומען געווען, פאַרברייגענדיג מיט די עטליכע זויבערע משפחות, וואָס גאָלדשמיעד און בערקנהיים האָבען

על פי טעות ניט ארויסגעשיקט... ער האט בעסער בעדארפט ארומ־געהן און זיך צושמייכלען צו די מאדמאזעלען—ווי ער פלעגט זיי אנ־רופען, לויט פאריזער מאדע, און דארום האט ער זיך אין קיין דיס־פוטען מיט די קאלאניסטען ניט געוואלט ארייגלאזען.

— יא זי מוססען עס! — דאס איז געווען זיין שטענדיגע תשובה. — זי מוססען נאכקאממען אלעס, אלעס וואס די ביורא שרייבט אונד וואס זי פעראָרדענט...

דורך איהם האבען מיר זיך דערוואוסט, איבער דעם אונזיניגען קאנטראקט וואס די דירעקטארען האבען געשלאסען מכוח אונזער ווייץ. ער האט פון חדר פארבייגעהענד דערצעהלט.

מיט דער געשעפטספירמע: בעללאקי הערמאנאס פון לא־פלאטא, האבען זיי אבגעמאכט, דעם גאנצען ווייץ פון דער קאלאניע צוצו־שטעלען ביז'ן האפען פון דער פראווינציעלער הויפשטאדט, אויפ'ן פרייז פון 6.63 פעזאס די פאנעגא, ד. ה. יעדע הונדערט קילאגראם. דער קאנטראקט האט אבער געהאט א פונקט, דאס דער ווייץ דארף זיין "סאנא, סעקא אי לימפיא" און דארף איבערגעגעבען ווערען ביז צו א באשטימטען טערמין.

איז פרעגט שוין בעסער ניט! אלע שלעק פון דער וועלט האט די פירמע אין אונזער ווייץ אויסגעפונען! פון די ערשטע דריי מעלות האט עס, לויט זייער מבינות, קיין זכר ניט געהאט. ס'איז ניט געווען "אונפארלעצט, טרוקען און ריין", נאר ס'האט נאך דערצו גע־האט "קארבאן", קוקעל און אנדערע מיני פרעניות'ן, וואס ווערען אין דער תורה פון די תבואה־הענדלער גאר ניט דערמאנט. הונ־דערטער זעק האבען די "רעסיווידארען" — די איבערנעהמער, אפ־געווארפען, ערקלעהרענדיג אז ס'איז "פארא לאס טשאנטשאס" — ס'טויג נאר פאר חזירים.

דערווייל האט זיך אנגערוקט דער טערמין. מען האט געדארפט צושטעלען דעם באשטימען סכום פון תבואה. האט די דירעקציע פארווארפען מיט בר עף און געפאדערט, דאס מען זאל זיך אונטער־איילען, מ'זאל אונטערטרייבען די מאשיניסטען וואס שנעלער צו ארבייטען, מען זאל אויך בעסער וועען, אדער ווענטילירען דעם ווייץ כדי, ער זאל זיין וואס ריינער און שעהנער...

האבען די מאשיניסטען געפאלגט. האלב ווייץ האט מען איבער־

געלאָזען אין שטרוי, די קערנער זיינען שוין צופיעל ר י י ן געוואָ־רען... פאַר איילענעש האָבען זיי אין דער גרופּע 42, אונטערגעצונ־דען צוויי סטויגען ווייץ מיט אַ „פילא" זעק פון אויסגעדראָשענע תבואה, וואָס זיינען גענצליך פאַרברענט געוואָרען.

מיר האָבען זיך איבערצייגט דאָס אונזער אַרבייט איז אומזיסט. דאָס די אומוויסענהייט, די אונערפאַרענהייט פון ביידע אָרענט־ליכע דירעקטאָרען און די גנבות פון זייערע בייטענצער, וועט אַלעס פאַרשלינגען און פאַרניכטען.

דער אַלטער י ש ר א ל ל י ס י ן, איז געפאָהרען קיין בוענאָס־איירעס אין ביורא אַריין. ער האָט דאָרט אַ געוואַלד געמאַכט און די גדולים האָבען איהם מיט שמייכעלאַך איינגעשלעפערט און באַ־רוהיגט... איהם אַ היבשען זעקעלע מיט הבטחות מיטגעגעבען, דאָס ער זאָל עס פאַנאַנדערטיילען צעווישען די קאָלאָניסטען. די מאמינים און די יעניגע וואָס האָבען קיין קאָסעטשע לחלוטין ניט געהאַט, האָ־בען געגלויבט און געשוויגען. דאַגעגען די איבעריגע, די וואָס ס'האָט וועה געטהאָן זייער פּראַצע, האָבען געשטורמט, זיך געבונטעוועט און מיט פולען רעכט צו בראַנדעס'ן געשריען:

— ווער האָט די דירעקטאָרען געבעטען אונזער געטריידע צו פאַר־קויפען? ווער האָט זיי געמאַכט פאַר די אַפּוטרופּסים פון אונזער שוויים און בלוט? זאָלען זיי געהן צוריק אין די שולען מיט קינ־דער לעהרנען און ניט פערוואַלטען די קאָלאָניזאַציע!

מען האָט אַלע קאָלאָניסטען צו אַנ'אַסיפה פאַררופען, אויסגע־קליבען אַ קאָמיסיע פון פינף דעלעגאַטען און אַ העברעאישע בי־טע, געשריעבען אין כתב אשורית, אַוועקגעשיקט צו די אדונים אויף קאַזשע סאַנטאַ פע 1063, אין בוענאָס איירעס, בעטענדיג: דאָס איינער פון די דירעקטאָרען, זאָל ווי אַמשנעלסטען קומען אין קאָלאָניע, אום איינצואָרדנען און פאַרזיכערען דעם רעזולטאַט פון אונזער קאָסעטשע.

די טעג זיינען פאַראיבער און קיין ענטפער איז פון ביורא ניט געקומען. די לאַגע איז געוואָרען אַנ'אונערטרעגליכע. דאָס אָרימ־קייט און דאָס האָפנונגסלאָזיגקייט האָט אונז געשטיקט, אויף דער־וואָרגען צו ווערען. מען האָט אָפּגעאַרבייט אַ יאָהר צייט, געהאַט אַ היבש־ביסעל ווייץ, גערעכענט דאָס מ'וועט זיך באַקליידען, לאַטש

אנטהון די קינדער העמדלאך אויפ'ן לייב, קומט גאר אן אדמיניסטראציע אויפ'ן קאפ! נעהמט זי צו דעם פראדוקט און שטעלט אוועק דעם קאלאניסט הינטער דער טהיר ביים לאך און הייסט דעם שנארער, ווייטער קצבה צו נעהמען!

אבער ס'האט גאר ניט געהאלפען. ביים שרייען איז מען פארבליבען.

איך וואונדער זיך, ווי אזוי ס'איז מיר איצט גאר מעגליך אזוי רוהיג, פון יענער פארשאלטענער צייט צו שרייבען. ס'איז דאך געווען שוידערליך! יענע איבערלעבונגען זיינען שרעקליכע געווען און די זכרונות זיינען פארבליבען טיעף איינגעקריצט אין מיין נשמה. נאך איצט ביים שרייבען, שווימען זיי ארויף און שוועבען פארביי מיינע אויגען קלאהר און בולט און ווארפען מיך אין א דראזש אריין...

הינטערן וואנט, זעה איך מיינע דריי קינדער זיצענדיג מוטער נאקעט אנטקעגען דער זון אפוווארטענדיג, דאס עס זאל זיך אויסטריקענען זייער איינאיינציגע העמדעלע, וואס די מוטער האט פון זיי אראפגעצויגען אויף אויסצו־וואשען: ווייל מעהר ווי צו איין העמד האט זעלטען ווער פארמאגט! פון א שטיק פריזענט, וואס מיר האבען פון דער אלטער פאלאטקע אפגעשניטען, האט מיין פרוי, אונזער בחור א פאאר הויזען אויפגענעעט און שלינגענדיג די טרערען, האט זי נאך מיט מוטערליכער ליעבע, שפאסענדיג צוגעוואונשען:

— טראג זיי אברהם'עניו, געזונדטערהייד! און ווייס, דאס דו ביזט אנ'איינקעל פון דעם גרויסען פילאנטראפ, פון באראן דע הירש!

א סך אזעלכע בילדער, פינסטערע, טרויעריגע, שמערצליכע, פול מיט גאל און מיט יאוש, שוועבען מיר פאר מיינע אויגען אלס ערינערונגען פון יענער צייט. איך ווינש קיינעם ניט, אזעלכע צו זעהן און נאך ווייניגער זיי אדורכצולעבען.

# דער דר. וועקסלער.

דעם 3־טען מארץ פון 1894, איז ענדליך אנגעקומען דער לאנגערווארטעטער דאקטאר פאַן מעדיציין, איבער וועלכען דער באראָן האָט דעפעשירט. א גאנצער עולם קאָלאָניסטען האבען זיך פאַרזאַמעלט ביים טהויער פון דער קאָלאָניע, כדי מקבל־פנים צו זיין דעם דר. טהעאָפיל וועקסלער.

מענשען פארוואקסענע, פאר׳חושד׳טע, באהאנגען מיט טראַנטעם און שמאַטעס פון אלערליי פארמען און קאָלירען, אייניגע ווי די פּאַיאַצען פון אַ צירק: א סאלדאַטסקען שינעל אנ׳אבגעשוירגעטען — אלס מלבוש, א צילינדהער־הוט אויפ׳ן קאָפּ און די טשערעפּאַטע פּים — ממש נאַקעט... א צווייטער אין א לאנגער קאַפּאָטע און לאַפּצעס פון רויהער פעל אויף די פים — דערצו האָט נאָך דיזען פארשוין, זיין ווייב די בריה, אָפּגעשוירען דעם קאָפּ: איבערלאָזענדיג טרעפּ אין ש ע ר השמים צוקריכען... וועהרענד אין דער מיטט, האט זי איהם איבערגעלאָזען א טשופּריקעל ווי ביי א סיביריאַק...

יעקב ישראל ניורענבערג, א געלער איד, מיט א קורצער פּיסעל, א געוועזענער בעל אכסניה און א גרויסער לץ, האָט זיך ארומגעהונקען צווישען עולם אנגעטוהן אין אַ ווייבערשען מאַנטעל מיט א פּאָאר אַלטע קאַלאָשען, אונטערגעצופּט דאָס בערדעל, צוגעבאָמקעטעפּעם א ניגונ׳דעל און אַלע ווײַלע צו אנאַנדערן זיך געווענדעט, מיט דער דאזיגער טענה:

— דעם באראָן! איהר הערט? דעם באראָן לאָמיר אהערצו ברייגגען! זאָל ער מיט זיינע אייגענע אויגען זעהן! ווייל ס׳איז שווינדעל, שווינדעל און ניט מעהר! — און אַלע מינוט ציהט ער אויף זיך דעם ווייבערשען מאַנטעל זיינעם, וואָס וויל זיך ניט האַלטען אויף זיין גוף.

דער קאָטש פון אדמיניסטראציע איז אנגעלאָפען, ברייגגענדיג דעם דר. וועקסלער.

— הורדא! דאָקטער! — האָט מען איהם אַנטקעגען געשריען.

אַלע האָבען זיך ווירקליך עפּעס געפיהלט פרעהליך: אויף יעדען איז אַ גרולה געווען! ראשית האָבען מיר דאָך אונזערן אַ דאָקטער און ניט דעם אַנטיסעמיט דהאָדעס און שנית, קלעהרט מען זיך דערווייל, אפשר וועט ער זיך טאַקע אויך אָנ׳נעהמען פאַר אונז, פילייכט האָט ער עפּעס מיטגעבראַכט? ער קומט דאָך דירעקט פונ׳ם באַראָן! דערצו איז ער נאָך אַ איד פון אונזעריגע און מיר פיהלען זיך דאָך אַזוי שרעקליך עלענד און פאַרלאָזען!

אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר 26, שפּרינגט לופטיג אַראָפּ פונ׳ם קאַטש. אַ געזונדטער, אַ לעבהאַפטער, אַ שעהנער, מיט שוואַרצע אויגען און אַן עכט אידישע נאָז... ער ענטפערט אונז פריינדליך אויפ׳ן "שלום עליכם", באַטראַכט לאַנג די דאָהריגע, באָרוועסע, אָפּגעריסענע כאַליאַסטרע, און איבער זיין געזיכט, פאַרציהט זיך אַ שמערצליכער אומעט. זיינע שוואַרצע אויגען, ווערען אָנגעפילט מיט טרעהרען און אויפגערעגט, האַלב שלוכצענד, ווענדעט ער זיך צו אונז אויף פּראָסט אידיש:

— קאָלאָניסטען, איך בין אייער אַ ברודער; כ׳בין אַ רומעני־שער איד; איך וועל טהון אַלעס וואָס כ׳וועל נאָר קענען, אום אייך אין אייער נויטה צו העלפען!

פאַר דיזע רייד האָט ער טהייער באַצאָהלט. די אַדמיניסטראַציע האָט פונ׳ם ערשטען מינוט אָן, אויף איהם אָנ׳אויג געוואָרפען...

דער דר. וועקסלער האָט ווירקליך געטהאָן וויפיעל ס׳איז אין זיין קראַפט געווען; הויפּטזעכליך איז ער ווירקזאַם געווען אין די סאַניטעטס ענינים. דעם קבצנ׳סקען הקדש, וועלכען דער קאָראַנעל גאָלדשמיעד האָט אַ נאָמען געגעבען "האָספּיטאַל", האָט ער לויט מעגליכקייט רעפאָרמירט און אויסגעבעסערט. האָט אַפּאָאַר אייזער־נע בעטלאַך אַנשטאָט די לייווענענע "קאַטרעס" אריינגעשטעלט. ווייסע, ריינע בעטציינ געבראַכט און אַ מאָדערנעם אַפּטהעק אינסטאַלירט.

מיר האָבען איהם ליעב בעקומען. אַלס מענש איז ער געווען אַ זעהר גוטער פון נאַטור און אַנ׳אויסגעצייכענטער טיכטיגער אַרצט; דערצו אַ הויפּט געבילדעטער מאַן, אַ שאַרפער תלמודיסט און אַ פיעל זייטיגער געלעהרטער.

אום די קאלאניסטען צו פערלייכטערן זייער צופאסונג צום לאנד, האט ער א שפאניש־אידישען לעהרבוך פארפאסט: מען קען דאס ביכעל, איצט א יקר המציאות, פאררעכענען פאר'ן בעסטען פון די ארויסגעגעבענע, אום שפאניש צו ערלעהרנען.

פאר איהם פלעגען מיר אונזער ביטער הארץ אויסגיסען. אונזער יאמערליך לעבען פארשטעלען און ביי איהם בעטען הילף:

—שרייבט דאקטאר צום באראן! — האבען מיר איהם געבעטען. — שרייבט איהם דעם אמת, זאל ער וועניגסטענס די וואהרהייט וויסען!

עס ווייזט אויס, דאס ער האט טאקע געשריבען: א סימן, די הערשאפטען האבען געזעהן, וואס שענלער פון איהם ערלייזט צו ווערען, איהם וואס גיכער צו פטר'ן...

נאר גיך האט אויסגעבראכען א פארביסענער קאמף, צעווישען דער סאניטארישער פערוואלטונג און די אדמיניסטראציע. די אלטע מעשה, ווי מיט דר. יאפפע, — שוועריגקייטען פון פערד.. ווען דער דר. וועקסלער האט געפאדערט פערד, אום א געווינעריין צו באזוכען, האט די אדמיניסטראציע צייט געהאט...

וועקסלער און בראנדעס, האבען א קורצע צייט געפיהרט מלחמה דורך דער פען... יעדער פון זיי, האט זיינע טענות געשיקט צו דער הויפט ביורא קיין בוענאס־איירעס, ניט שוינענדיג דעם געגנער און ווי תמיד, ביז צום היינטיגען טאג, איז דער אדמיניסטראטער געבליעבען דער גערעכטער. בראנדעס איז אויף ווייטער אלץ געווען דער נאמן און דער צדיק...

דר. וועקסלער האט א שפיי געטהאן אויף זיי און האט זיין פלאטין פריי געלאזט. האט זיך באזעצט אין א דייטש־קריסטלישער שטאדט און שפעטער, א וויכטיגען אנזעהן ערווארבען אין דער ארגענטינער וויסענשאפטליכער ספערע. נאר דערפון וועלען מיר שפעטער ריידען.

א צייט האבען מיר ווידער געקרענקט — אהן א דאקטאר.

50.

## מען שאצט אונזערע מכשירים, — דער עולם שפאסט...

רייך אין איבערלעבונגען, ענטוישטע האפענונגען, ביטערע און שפאסהאפטע פאסירונגען, איז געווען דער מאנאט מערץ פון 1894-טען יאהר.

דעם 10-טען מערץ, איז אין קאלאניע אנגעקומען דער אויבער־סעקרעטאר פון דער יק"א, שארלאפ, אדער אויף פראסט אידיש: בארלאפ, אום די חשבונות צו רעגולירען, אויפהויבען דעם איגוועג־טאר פון יעטוועדען קאלאניסט און באשטימען זיינע שולדען. מען האט שוין געשמועסט, אז אין גיכען וועלען אנקומען די קאנ־טראקטען, וואס מיר וועלען דארפען אונטערשרייבען מיט דער יק"א.

דער מאסיווער שארלאפ, איז געווען א שעהנער פאריזער יונגער־מאן און האט מיטגעפיהרט ביים זייט, אלס עוזר כנגדו — א גאנץ עלעגאנטע און היבשע נקבה... ארימע נעבאך! א היגען גוטבאזיצערס א קדיש, אן אפיצער, האט זי שנעל אפגעשפילעם. איבערלאזענדיג איהם אלס "עגון" און דערפאר האבען איהם די קאלאניסטען געגעבען א צונאמען: "די "פאווערע עגונה"...

יעדען קאלאניסט האט ער עקזאמינירט, אויסגעפרעגט דעם גאנ־צען יחוס, איבערגעקוקט די בהמות, דעם רעמאנט און געשטעלט פרייזען, וויפיעל ס'האט זיך איהם געגלוסט.

— א דאנה מיר! — האט א נאאיווער קאלאניסט געזאגט. — זאל ער שטעלען וואס פאר א מקחים ער וויל!

— אפשר פעהלט נאך דאס צום רומעל, כדי דער סך הכל זאל שטימען! — האט ליסין באמערקט. — וואס־איז? מיר'ן דען דאס קענען אבצאהלען? איך בין זיכער דאס קיינמאל נישט!

— סטייטש! ער רעכענט א פלוג אין 260 פעזאס, א בראנע — 180, שטריק און חפצים פון דער הפטורה, וואס מיר האבען פאר די אויגען ניט געזעהן! מען טהאר עס ניט דערלאזען! — האבען גמרא קעפ פראטעסטירט.

די תמימות'דיגע מענשען, האבען זיך ניט געוואלט איינרייסען מיט דער אדמיניסטראציע פאר אזא ש א צ ע ר י י. וואס דער רע־זולטאט דערפון איז נאך א גאנץ ווייטער געווען... ראשית: ווער ווייסט צי מ'וועט גאר בכלל ק ע נ ע ן צאהלען און צי מיר וועלען גאר ד א ר פ ע ן צאהלען, אפשר וועט דער באראן גאר אין גאנ־צען אוועק־שענקען און שנית: וואס איז דא דער גוואלד? מען ווייסט דען אויף זיכער דאס מען וועט גאר אין גאנצען לאנג קענען עקזעסטירען אלס אקערבויער?

די ווייט קוקענדע האבען דאגעגען געדרונגען, אז פון די חשבונות איז גאר ניטא וואס צו שפאסען: אז פאר אלצדינג וועלען זיי דאר־פען באצאהלען מיט'ן בימערן שוויים; און זייער מיינונג איז גיך באַ־שטעטיגט געווארען דורכ'ן צווייטען יק"א צירקוליאר.

דעם 20־טען מארץ איז פון דער הויפט־ביורא אנגעקומען אן אור־קאז, דאס די אדמיניסטראציע זאל ענדערן דעם סכום פון דער סובסידיע אויף פאלגענדען אופן:

"די קאלאניסטען וואס האבען היי־יאהר אביסעל ווייץ, זאלען ביים באקומען די "שטיצע" אונטערשרייבען א קוויטונג, אז דאס געלד ל י י ע ן זיי אויפן חשבון פון זייער תבואה. ביי די וואס האבען מעהר פון צוויי־דריי מילך־קיה, זאל מען די סובסידיע פאר־קלענערן אויף א העלפט, ווייל זיי וועלען קענען לעבען פון "מילך אונד צוויבעל". (דיזער איינפאל, האט מען געדענקט איז דעם "ווייסען יעזואיט'ס" געווען!) דאן ביי די וואס האבען גאר קיין קאסעטשע ניט געהאט, זאל די אדמיניסטראציע א רעוויזיע מאכען, איבער זייערע פאמיליען מיטגליעדער און אין יעדען פאל, באשטימען זייער חיונה. די 8 און 4 פעזאס, קענען ווייטער ניט אנגעהן! ס'איז א צופיעל רייכעם לעבען!"

מען קען זיך פארשטעלען דעם איינדרוק וואס דיזער אוקאז האט אין דער קאלאניע געמאכט! ווי פארצווייפעלט און פארביטערט דער עולם איז געווארען! מען האט געהאפט דאס פון דער קאסעטשע וועט מען קענען אביסעל ארויסקריכען פונ'ם פינסטערן דלות און אט נא־דיר א נייע גזרה! אנגעוויזען צו זיין אויפ'ן יושר פון דער אדמי־ניסטראציע, אדער אפשר גאר אויף דעם רחמנות פונ'ם "ווייסען יעזואיט" וועלכער טענה'ט כסדר:

— שטאפּפּען זי דעם מאאיס, מישען זי עס מיט מילך — אונד פּערטיג! זאָ לעבען אויך, די אָרימע איטאַליענער: צוקער, גאַליע־מען. דאָס איז׳ט דאָך שפּייז נור פיר רייכע לייטען!

דער גאַנצער צאָרן און פּארדראָס וואָס ס׳האט זיך אנגעקליעבען אין הארצען, האט ארויסגעפּלאַצט. א שטורם האט אויסגעבראָכען און יונגע־לייט האבען פון ביטערקייט, א גרויזאמען שפּאס געטריעבען.

אין א זונטאג־טאג פון ענדע מארץ, האבען זיך אלע, מענער, פרויען און קינדער, פאַרזאמעלט אין אלגאראבא און מען האט באַ־לאַנגערט די אדמיניסטראציע, פּאַדערענדיג דאָס עס זאל תיכף דעפּע־שירט ווערען קיין בוענאָס איירעס, דאָס איין דירעקטאָר זאל אומ־גע/אָמט קומען; אויב דאָס וועט ניט געטהון ווערען, דאן וועט מען די געביידע צונעהמען ביז׳ן גרונט און ס׳וועט פון איהר קיין זכר ניט פאַרבלייבען...

אלס סמן דאָס עס האנדעלט זיך ניט פון קיין גלייכגילטיגען שפּאס, האבען יונגע־לייט שוין געוויזען דעם אנפאנג: אלע שויבען פון דער אדמיניסטראציע זיינען אויסגעבראכען געווארען...

א אידענע איז א געלען טשיפעק, האט אין איהר פארטוך גע־האלטען צושטויסענע קוקורוזע און אין אלע ווינקעלאך געזוכט דעם פּראָפעסאָר.

— מיר מוזען איהם צווינגען דאס ער זאל דאָ, פאר אלעמענס אויגען, זיך אנפרעסען מיט׳ן „געריסענעם מאאיס מיט מילך. לאָ־מיר זעהן די מיענעס וואס זיין טרפה׳נע צורה וועט מאכען, קייענ־דיג דעם מאכל וואס ער רעקאמענדירט אונז צום עסען!—האט זי געפאָדערט.

אלע צימערן האט מען צועפענט, בחדרי חדרים האט מען דעם „יעזואיט״ געזוכט, אבער מען האט איהם ערגעץ ניט געפונען.

— ער האט זיך גוט באהאלטען, אט דער ממזר! — האבען ווייבער געפלוכט, — ער האט גליק, דער משומד להכעיס!

בראנדעס איז געשטאנען א צעשראקענער און האט אויסגעפאָלגט אלעס וואס מען האט איהם געהייסען. ער האט די טעלעגראמע, מיט׳ן איבערשריפט „אורכענטע״, אונז אין די הענד איבערגעגעבען און אונזערער א רייטער, האט אין גאלאפ עס אוועק־געפיהרט קיין

קאסארעס, וואו זי זאל א י י ל ע נ ד איבערגעשיקט ווערען... ביז נאכט זיינען זיי אלע געלעגען אין דער אדמיניסטראציע און געווארט אויף ענטפער...

עטליכע וואילע־יונגען האבען אין וועלדעל א תליה צוגעגרייט. זיי האבען א לאסע אנגעבונדען צו א בוים און בראנדעס'ן געוויזען, דאס די פעטליע שטעהט שוין גרייט פאר'ן "ווייסען יעזואיט"...

אין אווענט איז פון ביורא ענטפער אנגעקומען: "דאס אלעס זאל ביים אלטען פארבלייבען. די נייע גזרה זאל פארלויפיג ניט אריין אין קראפט. דאס די טעג וועט סעניאר קאזעס, דער דירעקטאר, קומען אין דער קאלאניע".

פרעהליכע זיינען אלע א היים געפאהרען. מיר האבען געזיגט! גאנצע צוויי וואכען זיינען אין ווארטענעש אוועק. דער דירעקטאר איז נאך דערווייל אלץ ניט ערשיענען.

## דער דירעקטאָר קאָזעס.

דער פסח פון תרנ"ד איז ביים טהיר געשטאַנען.

אין פופּצעהנטעל, אָדער די "קינסע ראַנטשאָס", איז אַנ'אויווען געווען און אין א מאַלאַקע גרופּירט, האָבען מיר זיך צוזאַמענגע־נומען אום מצות צו באַקען.

די מאַלאַקע איז באַשטאַנען אַליין פון אַזעלכע אידען, וואָס ווייסען א דין, לייזער ניסענזאָהן, איז געוואָרען דער מעהל־אינגעל; בערל ראַבינאָוויץ, דער וואַסער־אינגעל, איך און רויזענוואַסער — די קנעטערס; גאַרפּינקעל און שאַראַגראָדסקי — די רעדלערס און די איבעריגע אידען און אידענעס — וואַלגערינ'ס; לעמבערסקי און גירסטעל — די שיבערס.

אז מען האָט א געשריי געגעבען: "מעהל־אינגעל!" איז אויפגעשפּרונגען דער הויכער, רוסיאַוועער און גוט געלעהרטער ניסענזאָהן.

— כ'בין דאָ! — ער האָט תיכף פאַרקאַטשעט די ווייסע ברייטע אַרבעל פון זיין העמד, אַריינגעשיט די "מיירע" מעהל און טאַקע אַכטונגג געבען דאָס עס זאָל זיין כשר...

— וואַסער־אינגעל! — און ס'איז צוגעשפּרונגען דער רויטהער און באָרוועסער בערל ראַבינאָוויץ, אַריינגיסענדיג אין בעקען־מעהל, זיין קריגעל וואַסער.

אַזוי האָט מען מצות געבאַקען און מכוח פּאָליטיק געשמועסט.

אז מיר האָבען קוים פאַרענדיגט מיט'ן מצות "פּאַדריאַט", איז די ידיעה אָנגעקומען, דאָס דער לאַנג ערוואַרטעטער דירעקטאָר קאָזעס איז ענדליך שוין דאָ!

רייטערס זיינען אַרויסגעפאָהרען די קאָלאָניסטען די דאָזיגע בשורה אָנצוזאָגען און אַלע, פונ'ם ערשטען ביז'ן לעצטען, האָבען מיר זיך פאַרזאַמעלט נעבען דער אַדמיניסטראַציע.

א גרויסע, א געפּאַקטע מענגע, האָט זיך געשטופּט, זיך געדרענגט צווישען די בוימער פונ'ם וואַלד, גע'רעש'ט, געשטורמט, זיך

גע׳קהל׳ט — און מיט די הענר אריינגע׳טענה׳ט. אונזערע רעלע־גאטען, אויסגעצעוואגענע, מיט צעקעמטע בערד, ווי עס פאסט פאר די פני, זיינען פארקלעהרטע געשטאנען אנגעשפארט אנטעם טרעהרען דראטה. נערוועאיש צוגעשאקעלט מיט דער "אלאמברע", געקוקט צום חלול פון דער ביורא, וואו עס געפינט זיך דער אדון השר און געווים זיך איינגע׳חזר׳ט די רייד, וואס זיי וועלען דארפען אוועק־לעגען פאר׳ן הערשער...

די טהיר האט זיך געעפענט. ס׳איז ערשינען בראנדעס און אין דירעקטארס נאמען געמאלדען:

—אלע לייטע, די יעצט דא זינד, זאלען נאך הויזע פאהרען! זיי האבען דא ניכטס צו טהון! דער הערר דירעקטאר וועט ניט שפרעכען מיט יעדען בעזאנדער. די געמיינדע זאל פון איהרער מיטטע, הריי פערזאן אויסוועהלען, די שפאניש אדער העברעאיש פערשטעהען אונד דיזע ווירד ער ערשט אבענדס עמפפאנגען. יעצט האט ער קיין צייט: ער מוז צוערשט פאהרען די שולען באזוכען. האבען זי פער־שטאנדען? — האט ער הויך אויסגעשריען — אונזער סופעריאר שפרעכט ניכט איהרען זשארגאן! פאהרט אלע נאך הויזע! א היים פאהרט!

און תוך כדי דיבור, האט ער צוויי פינגער אין מויל אריינגעלעגט, ארויסלאזענדיג א הילכיגען סוויסטש. ס׳איז תיכף צוגעפאהרען דער שווארצער סעוויאנעף מיט׳ן געלען קאטש, אויף וועלכען ס׳איז די אבצייכענונג פון דער יק"א אויסגעקליימירט געווען. דער קוטשער האט מיט גדלות אראפגעקוקט פון דער הויכער קעלניע און שעלמיש צונעשמייכעלט ווי זאגענדיג: "אט פיהר איך גאר אייער פריץ אוועק און איהר בלייבט דא שטעהן ווי די אפגעשמיסענע נאראנים".

— ער וויל אנטלויפען! — האט עפעס איינער לפי תומו אזאג געטהאן.

— דער דירעקטאר אנטלויפט! — האבען שוין הונדערטער מייל־לער מיט כעס געגוואלדעוועט.

— מען דארף דאס ניט דערלאזען! קינדער, קומט צום קאטש! — האט זיך דערהערט מאיר האניק׳ס פעסטע שטימע.

א געדיכטער הערעל־מענשען, האבען דעם קאטש ארומגערינגעלט. אויף יעדענס געזיכט איז אויסגעגאסען געווען א שמערצליכער פיין.

— אזוי־פיעל געווארט אויף א דירעקטאר, און יעצט? — האט זיך עולם געקלאגט.

די מהיר האט זיך געעפענט. דער הערר קאזעס איז ערשינען.

א מאן פון א יאהר פערציג און ער דאמאלסט געווען. פעסט געבוים, ברייטבייהניג, א שווארצע שעהנע בארד, גרויסע, שווארץ־ליכטיגע אויגען און זיין שטאלצע האלטונג איז געווען א מאיעס־טעטישע. אויף זיינע דיקע, פליישיגע ליפען, האט זיך געקרייזעלט א דיפלאמאטישער, פיעל בעדייטענדער שמייכעל... זיין שווארצע לעווימע מיט דער רויטהער ליענטעטשקע אין לאץ, די אבצייכנונג פון פראנצויזישען עהרען־לעגיאן, — האט איהם נאך איינדרוקס־פאלער געמאכט.

ער האט זיך פארנייגט פאר'ן המון, איהם א רגע מיט זיינע שאר־פע בליקען באטראכט און גלייך אויך באהערשט. עפעס א מין התבטלות הנפש האט מען אויף א מאמענט דערפיהלט...

דער געדיכטער מענשען צירקעל האט זיך צושפאלטען און פאר איהם מיט בראנדעס'ן, דעם וועג פריי געמאכט. ער האט א פאאר מאהל דורכגעשפאצירט, הין און צוריק, דעם אפענעם וועג: האט גוט באטראכט די פאר'חושך'טע, באוואקסענע, אפגעריסענע ערה, האט מיט די אקסלען געצויגען און טיעפע קניימשען האבען זיך אויסגעפאלבט אויף זיין הויכען שטערן. לאנגזאם מיט געצעהלטע טריט, איז ער צום קאטש צוגעגאנגען און א פוס אויף'ן סטרעמען געשטעלט: אבער אויגענבליקליך האט זיך דער גאנצער עולם א ווארף געטהאן צום קאטש: פיעלע הענד האבען די שפיצעס פון די רעדער אנגעכאפט, ווי מיט אייזערנע קליאמערס עס איינגעשלאסען און א דונערנדער ברום פון הונדערטער העלדזער האט אפגעהילכט:

— איהר וועט ניט פאהרען! איהר וועט ניט פאהרען! מיר וועלען ער ניט דערלאזען!

— ברוידם! גיט אונז ברוידט! מיר הונגערן! — האבען קולות דורכגעצימערט אין דער לופט.

רוהיג און גאוה'דיג, נאר עטוואס בלאס, איז ער געשטאנען נעבען קאטש, ארומגענומען פון דער מענשען־קעהט, איז אין קלאס געווען ביי די קאלאניסטען.

וויסענדיג דאס ער רעדט העברעאיש, האבען אידען וואס קענען

א סדרה מעביר־זיין, ארויסגעציינט זייער לשון קודש'ע סענטנים.

— לחם! — האבען איינינע געשריען. — און מעהר ווייזט־אויס האבען זיי נעבאך אין זייער לעקסיקאן ניט געפונען.

איינער, אנ'אלטער איד, יאסעל הארעס, א בעל תפילה, וואס האט איינער אליין געקענט פירוש המלות און דערצו נאך פארמאגט א סך פון דער חזנ'ישער חוצפה, האט זיך איהם דרייסט אין די אויגען געשטופט און מיט זיין באסאווער שטימע ארייגגעברומט:

— לחם תן! אביר לב, תן לחם לעם!

עפעס האט קאום דאמאלסט געענטפערט; אבער באנוצענדיג די ספרדישע אויסשפראכע, האבען די שרייער, ווייזט־אויס, איהם ניט פארשטאנען און ער זיי, שיינט עס—נאך ווייניגער. עפעס האט ער צו בראנקעס'ן אין פראנצויזיש געזאגט און דיזער איז אויפ'ן קאטש ארויף און געשריען:

— קאלאנסטען, מאכען זי קיינע סקאנדאלען! דער דירעקטאר פאהרט ניכט־אב: זאל די דעלעגאטען־קאמיסיאן, אין בוירא אריינגעהן אונד זיי ווערדען מיט איהם שפרעכען קענען!

— ניין! — האט דער המון געגוואלדעוועט. — מיר פארלאזען זיך נישט אויף דער קאמיסיאן!

— הער דירעקטאר קען דאך אבער ניכט שפרעכען מיט יעדען בעזאנדער?

— מיר וועלען גלייך אויסקלויבען דריי קאלאניסטען! — איז דער ענטפער געווען.

האט מען אויסגעקליבען א פראוויזארישע קאמיסיאן, מיט וועלכע דער דירעקטאר זאל די אונטערהאנדלונגען פיהרען. די קאמיסיע איז באשטאנען פון ישראל ליסין, דעם אלטען ווייצפעלד און דעם שרייבען פון דיזע שורות. קנעפלער, א הויכער מענש, מיט לאנגע הענד, איינער פון די "סאלטעראס", איז אויף א וואגען ארויף און אונזערע דריי נעמען אויסגערופען. דער עולם האט געשריען: "יא מיר באשטעהען!"...

מען האט אונז דרייען, איבער אלע קעפ אריבערגעטראגען און אוועק־געשטעלט אנטקעגען דעם דירעקטאר.

דער ספרדישער איד, וועלכער איז צו אזא קליינשטעלדיגער אומגעלומפערטקייט ניט געוועהנט, האט מיט די אקסלען געצויגען און

מיט פאַראַכטונג צוגעשמייכעלט... בראַנדעס האָט אונז ביי די נעמען פאַרגעשטעלט און דערהערענדיג מיינעם, האָט ער זיך אין העברעאיש, צו מיר געווענדעט מיטהיילענדיג:

— מיין שול־קאָלעגא, דר. קאַצענעלסאָן, האָט אויף דיין פּראָפּאַגאַנדע אין "המליץ", צוגעשיקט פאַר דער מאַאוריציער ביבליאָטעק, זיין ספר "רמ"ח אברים". דאָס געפינט זיך אין מיין מלתחה און כ'וועל דיר עס איבערגעבען.

מיר זיינען מיט איהם אין קאַנטאָר אריין, און דער גאַנצער עולם, ווי דער מנהג איז תמיד, האָט באַלאַגערט די טהירען מיט די פענסטער.

די אודיענץ האָט אָנגעפאַנגען. אָדער בעסער צו זאָגען: די אדמיניסטראַטיווע לאַנגוויליגקייט האָט זיך אנגעהויבען מיט א לעפּישער גודיענעש. דער אדמיניסטראַטער האָט ארויסגענומען זיין אָנגעפּאַטשקעטען ביכעל און פאָרגעלעזען אונזערע חטאים, עונות ופשעות... שווערע און שרעקליכע פאַרברעכענס. כלעבען איהר מעגט ווי אויך אויסהערען!

א). משה ליסין, נעהמט אַלע מאָנאַט שטיצע, און אַליין איז ער גאָר ניטאָ אין דער קאָלאָניע. ער אַרבייט ערגעץ אין דער פרעמד. האַנדעלט צו און שאַכערט...

ב) פּנחס ברון, נעהמט שטיצע אויף זיין צוועלף־יעהריגער מיידעל, וועלכע איז שוין צייט זעקס מאָנאַט טוידט...

— דאָס איז דאָך שווינדעל! — בעטאָנט בראַנדעס ענערגיש זיין באשולדיגונג. — די סובסידיע מוז רעגולירט ווערען. די קאָלאָניסטען טרייבען געשעפט, טוישען איינער מיט דעם צווייטען די אַקסען, גיבען געלד דערצו... צום שאַכערן האָבען זיי גענוג געלד... זיי קויפען זיך אויף שבת ראָזינקעס, ניס... אונד שרייען די אונפערשעהמטע, דאָס ברוידט פעהלט זיי!

אונז איז אויסגעקומען דעם פראַנצויזישען לומפ אויף יעטווידער מסירה אָפּצוענטפערן און געזעהן האָבען מיר, דאָס העני חייב — דער אָרימאַן איז שטענדיג די כפרה. דער אָדון האָט רעכט און דער דירעקטאָר, קוקט איהם אין מויל אריין.

דאָס בלוט האָט אונז געטריעפט פאַר בושה: דאָס האַרץ האָט פאַר וועהטאָג צוזאַמענגעקרעמפּט... און דער עולם איז ביי

די פינגער געשטאנען, א ווארט געכאפט, אונז צוגעוואונקען, מיט די פינגער געטייטעלט, מיט זייערע קולאקעס געסטראשעט...

די נאכט איז שנעל צוגעפאלען און צו די דאנאסען און מסירות האט קיין ענדע ניט גענומען.

איינער פון אונז, האט געמוזט ארויסגעהן מעלדען דעם עולם, דאס בראנדעס פארערדט די צייהן... ער לאזט גאר ניט קומען צום ווארט... דער המון האט פארלארען דעם געדולד. קולות און סמי־סאקעס האבען זיך אין טהיר דערהערט. מען האט מיט כעס גע־פאדערט:

— דער שונא ישראל זאל זיך פארנעהמען פון דארט! אונזערע פארשטעהער זאלען פארבלייבען אליין מיט׳ן דירעקטאר! — דיזער דערהערענדיג דעם נייעם ליארעם האט באלד געפרעגט:

— ווארום רעש׳ן זיי דארט אזוי אין דרויסען? וואס אייגענטליך פאדערן זיי? פארוואס צופאהרען זיי זיך ניט א היים?

מיר האבען איהם אין דער שפראך "וואס די שדים, די בעאמטע פארשטעהען ניט" עקלעהרט, דאס מען פאדערט, אז דער מזיק בראנ־דעס, זאל זיך ניט געפינען צוזאמען מיט אונז אין חדר... קאזעס האט איהם שמייכלענדיג עפעס אין פראנצוויזש געזאגט. וואס האט בראנדעס׳ן דאס גאנצע בלוט אין פנים ארייגעטריעבען: ער האט אויף אונז א בעזען בליק געווארפען, גענומען זיין געפלעקטען ביכעל און איז פון צימער ארויסגעגאנגען.

פארבלייבענדיג מיט׳ן דירעקטאר אליין, האבען מיר ערשט פריי אבגעאטהעמט און געפאדערט, אז עס זאל בטל ווערען דער יק״א באפעהל פונ׳ם 20־טען מערץ.

— מזונות, — האט ליסין גע׳טענה׳ט, — הייסט ניט דאס טרו־קענע עסען אליין. ניט בלויז דאס אנשטאפען פונ׳ם קענדזיך — איז מזונות. א קלייד, א שוך, א טישעל און א בענקעל אין שטוב אריין, דאס אלעס איז דאס מענשליכע באדערפעניש, וואס שפייזט דעם מענשען און זעטיגט איהם!

מיר האבען געפאדערט, אז דאס ביסעל געלד וואס עס וועט פערבלייבען פון דער קאסעטשע, — שוין נאך אלע גנבות פון די בעאמטע און דעם אונזיניגען קאנטראקט ביים פארקויפען; — אז דער רעשט, זאל כאטש בשלימות אפגעגעבען ווערען צו די קאלא־

ניסטען און מ'זאָל דערפון ניט דיסקאָנטירען די אַרויסגעגעבענע סכום'ן אַלס סובסידיע, ווי עס שרייבט־פאַר די גזירה פון'ם 20־טען מאַרץ...

מיר האָבען געבעטען אַנ'הלואה: צו 200 פּעזאָס פאַר יעדען "קאָלאָנאַ" פון די 148 "כאָלאָסטאַיעס" וואָס האָבען אָפּגעוואַרט דאָס אַנקומען, פון זייערע משפחות וועלכע האָבען דעם 25 אַפּריל געדאַרפט אַריין אין בוענאָס איירעס'ער האַפען, לויט די טעלעגראַפישע מיטהיילונג וואָס מ'האָט ערהאַלטען פון פּאַריז. מיר האָבען פאַר איהם פאַרגעשטעלט דעם קלעגליכען מצב פון דיזע "כאָלאָסטאַיעס", וועלכע פאַרמאָגען, אויסער די שוואַרצע ווענט פון זייערע "ראַנטשאָס", לחלוטין גאַר ניט! ניט קיין מילך־קיה, פאַר די קינדער זייערע וואָס וועלען אַנקומען, ניט קיין טישעל, קיין בענקעל, קיין בעטעל...

—צו 200 פּעזאָס אַ יעדען פון די 148 "קאָלאָניאָס"? איהר באַרעכענט וויפיעל געלד דאָס איז? כמעט דרייסיג טויזענד פּעזאָס! און וואו האָבען זיי אהינגעטהון זייער פאַרדיענסטען? — האָט דער דירעקטאָר קאָלטבלוטיג געפרעגט.

ס'האָט זיך אַנגעהויבען אַ דיסקוסיע; פראַגעס אָהן אַ שיעור: "פאַרוואָס האָט דער קאָלאָניסט יאָ און דער אַנדערער דאָרט, — ניט? וואַרום האָבען פיעלע גאָר קיין קאַסעטשע ניט? אָט איז דער אַזוי און יענער אַנדערש? לסוף האָט קאַזעס אָפּגעקלערט, דאָס מען האָט זיי געמאָלדען שריפטליך, אַז "פיעלע שפּיעלען אין קאָרטען, טרינקען משקה" און האָט שטרענג באַטאָנט:

— מיר ווייסע דערפון! אַלעס איז אונז געגוי באַקאַנט!

אויף אַלע באַשולדיגונגען, מסירות פון די קלענערע און גרעסערע בעאַמטע, האָבען מיר געמוזט ענטפערן, אַפּלייקענען, איבערצייגען, תירוצים זוכען...

קאַזעס טענה איז געווען, דאָס דער אוקאַז פון 20־טען מערץ, איז גאָר אַ טובה פאַר אונז... ד. ה. פאַר'ן גרויסען אידעאַל. תכבד העבודה עליהם, — די מעטהאָדע פון אַלטען פרעה! "זאָלען די לייטע אַרבייטען! דאָס געלד פון דער קאַסעטשע דאַרף צוגענומען ווערען אויף די שולדען, בכדי דער עולם זאָל וויסען, דאָס

מ ע ן  מ ו ז  צ א ה ל ע ן!  פאר די יעניגע וואס האבען ניט קיין קאסעטשע, דארף די "שטיצע" פארקלענערט ווערען: 3 און 6 פעזאס, אנשטאט די פריהערדיגע — 4 און 8: האנדלענדיג אזוי, וועלען זיך די דאזיגע לייט מעהר ניט פארלאזען אויף אונז... און זיי וועלען פלייסיג ארבייטען!..."

די דעבאטע איז צוגעגאנגען שטורמיש, היציג... מיר האבען פארפארדראס דארט שיער די גאל אויסגעשפיגען און ס'איז מיר, אלס ראש המדברים, פשוט אין האלדז טרוקען געווארען... אזוי האט זיך עס געצויגען ביז שפעט אין דער נאכט.

גראדע, ווי די היגע מאדע איז, האט זיך פלוצלונג דער הימעל פארוואלקענט און תיכף האבען זיך צעהילכט שרעקליכע דונערן, און ס'האט אויסגעבראכען א גוס־רעגען. דער עולם וואס האט באלאגערט די פענסטער, ווארטענדיג אויפ'ן רעזולטאט פון די אונטערהאנדלונגען, איז כהרף עין ביז צום לייב אויסגעווייקט געווארען.

— זאגט די לייט אז זיי זאלען פאהרען א היים, זיך שיצען פונ'ם רעגען! — האט קאזעס אונז אויפגעפאדערט.

—סעניאר, דאס וועט ניט העלפען, זיי וועלען ניט אוועק־פאהרען! זיי האבען אייך קוים דערלעבט צו זעהן; זיי בעטען אייער הילף! — האבען מיר באמערקט.

ער האט זיך אויפגעהויבען און צום פענסטער צוגעגאנגען. ביים שיין פון די בליצען, האט ער די דורכגענעצטע, די הילפסלאזע קאלאניסטען אונזערע דערזעהן.

— רחמים! רחמנות! — האבען זיי צו איהם פון דרויסען געשריען.

העכער פון אלע, האט זיך געהערט דער וויינענדיגער קול פון בעל מטופל, יאסעל דראהל:

— רחמים, אדוני השר! אכט קינדער האב איך, נעהמט ביי זיי ניט צו זייער ברוידט!

א באטריעבטער איז ער פון פענסטער אוועק און זיך ווידער אויפ'ן שטוהל געזעצט. אין זיינע גרויסע אויגען איז מערקבאר געווען אנ'אויסדרוק פון צער. א ווייל איז ער געזעסען פארטראכט און נאכהער האט ער זיך צו אונז געווענדעט שוין פיעל מילדער.

— זעהט, אייער בקשה טרעפט אן א סכום פון צירקא 125 טוי־זענד פעזאס, ווייל דאס געלד פון דער קאסעטשע איז שוין פא־רעכענט אין קאסע. נאר, אפשר...

ער האט גענומען די פען אין האנד און נערוועאיש געצוקט אויפ'ן פאפיער, הויך פארלעזענדיג:

1) די 148 "סאלטעראס", וואס זייערע פאמיליעס קומען אין גיכען אן, יעדען איינעם אויסצובארגען צו הונדערט פעזאס אויף צו אראנזשירען זיין הויז־ווירטשאפט און צו 35 פעזאס — א מילך־קיה צו קויפען.

2) דאס געלד וואס קומט ארויס פון דער קאסעטשע, זאל די קאלאניסטען אפגעגעבען ווערען בשלימות און די סובסידיע, זאל ווייטער אויך אויסגעטהיילט ווערען, צו 4 און 8 פעזאס, אקוראט ווי פריהער...

דאן האט ער שמייכלענדיג פארטגעזעצט:

— אבער די אדמיניסטראציע וועט פון היינט אן, פיעל בעסער אכטונג געבען, בנוגע די טוידטע קינדער... זעהן פעהינדערן דעם ירושה־שווינדעל. די לעבעדיגע דארפען דאך ניט ירש'ענען דעם חלק שטיצע וואס ס'האט געהערט צו די פארשטארבענע! ווי ס'איז געשעהן ביי פאל: פנחס ברון...

מיר האבען איהם געדאנקט און געאיילט מיטצוטהיילען די קא־לאניסטען די אויסגעווירקטע הנחות.

אין דרויסען האט מען מיט פרייד און יובעלנדע געשרייען אויפ־גענומען די בשורה, דאס די שטיצע פארבלייבט ווי פריהער, — צו 8 און 4 פעזאס.

— הורדא! יחי האדון קאזעס! — האבען די דורכגענעצטע און אויסגעוואשענע קאלאניסטען מיט שמחה געשריען.

" " "

דער רעגען האט שוין אויפגעהערט צו לאפען. שטיקער צעריסע־נע כמארעס, זיינען זיך אין אלע זייטען צעשוואומען און פלאטען געמאכט פאר דער נאכט קעניגין. א ריינע, אנ'אויסגעוואשענע, האט זי זיך געטראגען צווישען די קאלירנע וואלקענדלאך און מונטער אראפגעגלאנצט אויפ'ן סקוואדראן רייטער, וועלכע הא־בען אונז, זייערע פראוויזארישע פארשטעהער, באגלייט און א

יעדען אפגעפיהרט אהיים.

מיט'ן וועג האט מען גערעדט און זיך בעראטהען. ס'איז באַשטימט געווארען דעם הערר קאזעס א דאנק־בריעף צו שיקען און איהם באטיטלען: "השר המרומם". די גאנצע קאלאניע זאל דעם דאנק בריעף אונטערשרייבען. איך בין בעאויפטראגט געווארען דיזען באשלום אדורכצופיהרען.

מיט'ן באגינען, איז צו מיר רייטענדיג געקומען אונזער שול־לעהרער, דער ליטוואק צ ב י י א ק ו ב א ו ו און מיר געבראכט דעם "שם הגדולים" זאגענדיג:

— נאט, זעהט! די משפחה ק א ז ע ס, איז נאך אין די צייטען פונ'ם בית המקדש געווען אנ'אדעליגע: שרי ישראל זיינען זיי געווען!

אינ'ם מכתב תודה, וואס איך האב איהם אויף פסח צוגעשיקט מיט די חתימות פון אלע אקערבויער האב איך זיך ערלויבט אויסצודריקען, דאס "אויב ער שטאמט ווירקליך פון דער פאמיליע ק א ז ע ס, וואס דער "שם הגדולים" ברענגט, איז מיר גאר קיין וואונדער ניט, וואס דער גוטער באראן הירש, האט אויף איהם ארויפגעלעגט די פליכט און איהם ערנאנט אלס פאסטור פון די נידחים אין ארגענטינא".

דארויף האט ער מיר געענטפערט: "דאס אין זייער פאמיליע איז פאראן א יחוס־בריעף וואס געהט איבער פון דור צו דור פון די ימי הבית אן. ער שטאמט ווירקליך פון דער גאנץ אלטער משפחה קאזעס און איז שטאלץ דארויף."

א צדיק תמים איז ער געווען, א למדן מופלג, א גרויסער שר און א גוטער מענש. די קאלאניסטען האבען איהם ניט פארשטאַנען. שלום לעפרו!

52.

# קאַנטראַקטען.

אנפאַנג מאַי פון 1894, האט בראַנדעס באַפוילען, דאס מען זאָל קומען אין דער אדמיניסטראַציע, אום אונטערצושרייבען די קאָנטראַקטען, וואס וועלען אונז דורך די "פונ'ם באַראָן אדער דער יק"א באַפאָלמעכטיגטע הערשאַפטען," ארויסגעגעבען ווערען.

דר. וועקסלער, האָט אונז דעם קאָנטראַקט אין אידיש איבערגעזעצט, וואו צווישען אנדערע פאַראַגראַפען און פונקטען, זיינען אויך די פאָלגענדע געווען.

"דער טערמין פונ'ם קאָנטראַקט איז אויף צוועלעף יאהר, אין וועלכער צייט עס דארף אפגעצאהלט ווערען דער קרן מיט פינף פראָצענט יעהרליכע צינזען. יעדעס יאהר דארף די גאַנצע קאָלאָניע אריינגעפיהרט ווערען אין אדמיניסטראַציאָנעס גאַלפאָן און די אדמיניסטראַציע, וועט פון די תבואה צוערשט אראָפנעהמען דעם יעהרליכען חוב, דעם קרן מיט'ן נשך. אויב דער פּראָדוקט פונ'ם יאהר, וועט ניט סטייען דעם דאזיגען סכום צו דעקען, האט די פאַרוואַלטונג דאס רעכט, ביים קאָלאָניסט אוועק־נעהמען, ווען זי וויל, זאָגאַר אינ'ם עלפטען און צוועלפטען יאהר, אלעס וואס ער האט פאַר דער צייט פאַרבויט, פאַרפלאַצט, פאַרזעצט, אויסגעארבייט, יוואַלאַריזירט און איהם פון דער קאָלאָניע ארויסוואַרפען. ביז וואַנען דער קאָלאָניסט באַצאָהלט ניט ביז צו א פּרוטה פון לעצטען "יאהרעס חלק", איז ער קיין בעל־הבית ניט איבערן לאַנד: מוז געהאָרכזאם זיין דער אדמיניסטראַציע און אויספאָלגען אלעס, וואס זי באַפעהלט".

די קאָנטראַקטען האבען ווי א פייער אנגעצונדען אין דער קאָלאָניע. ביי יעדען קאָלאָניסט אין הארצען, האט געגריזעט א ביטערער פאַרדראָס און יעדערער, איז ווי א פריטשמעלטער ארומגעגאַנגען פון דעם דאזיגען נייעס.

— מיר שרייבען ניט אונטער! — האבען איינקלאַנגיג אלע מיילער געשריען. — אזעלכע פונקטען וועלען מיר קיינמאָהל ניט

אונטערשרייבען! — האבען אלע איינשטימיג באשטעטיגט.

— פראצענט? גאר פינף פראצענט? ווי אזוי איז עס מעגליך דאס דער גוטער באראן. דער מלאך המושיע, זאל ביי אונז ארימע לייט גאר פאדערן פראצענט? איז וואר־זשע איז די פילאנטראפיע. וואו איז? — האבען נאאיווע לייט זיך געקלאגט.

— ס'איז שקר! דער קאנטראקט איז ניט פונ'ם באראן משה הירש! דאס איז מאשענסטווא פון די היגע בעאמטע, פון די אד־מיניסטראטארען, אונזערע שונאים, שונאי ישראל! — האבען פיעלע תמימות'דיג פארזיכערט.

אנ'אסיפה איז פאררופען געווארען. נאך א גאנצען מעת־לעת קהל'ענעש, איז יד אחת באשלאסען געווארען, די שענדליכע קאנ־טראקטען ניט אונטערצושרייבען און זאלען די טייוואלים טהון, וואס זיי קענען און וואס זיי ווילען...

דורך בריעף האבע מיר זיך איינפערשטאנען מיט די פארשטע־הער פון די איבעריגע קאלאניען, איבערהויפט מיט די פון ענטרע־ריאס'ער פראווינץ, וועלכע זיינען אויך אש להבה געווען אויף אזעלכע שקלאפערישע קאנדיציעס און ס'איז באשטימט געווארען, דאס יעדע קאלאניע זאל ארויס־שיקען צוויי דעלעגאטען קיין בוע־נאס איירעס, אום דארט, וועגען דיזען ענין, איבערצושמועסען מיט די דירעקטארען.

דעם 12־טען מאי, בין איך און אדאלפא רייצין, אלס דעלעגאטען געשיקט געווארען פון מאאוריציא אין דער הויפט־ביורא פון בוע־נאס איירעס, אום וועגען דער קאנטראקטען־פראגע צו פארהאנד־לען. מיר האבען שוין געטראפען די דעלעגאטען פון די אנדערע קאלאניען און טאקע באלד, מיט די אדונים די ערשטע אודיענץ געהאט.

ס. ה י ר ש, א גרויסע קפדן, איז באלד שרעקליך בייז געווא־רען.

— וואס הייסט? — האט ער געגוואלדעוועט. — איהר האט פיליכט דאס רעכט א ו נ ז קאנדיציעס צו שטעלען? פיליכט ווילט איהר עמיגראנטען, אונז די קאנטראקטען דיקטירען?

דער צווייטער דירעקטאר קאזעס, פיעל קליגער פאר הירש'ן האט געשוויגען... נאר אזוי ווי ער האט קיין אידיש ניט פערשטא־

נען, האט איהם דער לעצטער איבערגעגעבען אין פראנצויזיש דעם עיקר פון אונזערע פאדערונגען.

א דעלעגאט פון ענטרע־ריאס, הערר ראפאפארט, א דיקליכער מענש מיט א שעהן געשטאלט און א פארנעהמען אויסזעהן, וועלכער האט שוין אויך שפאניש געשפראכען, האט קאזעס'ן דירעקט אונזער פארלאנג איבערגעגעבען. מיר האבען נעמליך געבעטען "א לענגערן טערמין צום אויסצאהלען די חובות; מען זאל ניט רעכענען קיין פראצענט און דאס די אדמיניסטראציע זאל קיין רעכט ניט האבען, אנ'ארענטליכען קאלאניסט פונ'ם לאנד ארויפצוטרייבען..."

די צוויי אדונים האבען צווישען זיך לאנג אין פראנצויזיש גערעדט און אונז שטעהן געלאזען ווי די בהמות וואס ווערען פארקויפט אויפ'ן יאריד... ראפאפארט האט צו אונז אין רוסיש געזאגט: "גאספאדא, פאגאווארים פא רוסקי" און מיר האבען אנגעהויבען זיך איבערשמועס'ן אין פאניעם לשון. דער קפדן ה י ר ש, איז רויט געווארען ווי א בוראק און האט זיך אזש פארקייכט פאר צארן.

— חוצפה! — האט ער געברומט און די נאז איז איהם נאך בלאהער געווארען.

— ווי קומט צו אזא מאן ווי איהר זיינט, הערר הירש, גאר כעס? — האב איך זיך צו איהם שטילערהייד געווענדעט. — פילייכט געדענקט איהר דעם מאמר: דברי חכמים בנחת נשמעים? ווען איהר רעדט צווישען זיך פראנצויזיש, מעגען מיר דאך זיך איינפארשטעהן אין רוסיש! — קאזעס האט צווידייטיג געשמייכעלט און מעהר האבען זיי אין פראנצויזיש נישט געשפראכען.

א גאנץ ווארימע דיסקוסיע האט זיך פארקניפט: ביז דער ח כ ם הירש, האט אונז געגעבען אנצוהערן, אז ס'איז די צייט וואס די אדמיניסטראציע דארף אויסטהיילען זריעה אויף צום זעען ווייץ... און אויך דערמאנט, דאס מיר נעהמען נאך סובסידיע...

ה י ר ש ג ל א ז, א רוסיאווער איד, דוכט מיר דער דעלעגאט פון עספינדראלא, איז ארויס מיט א מוטהיגען און געוואגטען ענטפער:

— איז וואס דענקט איהר, דאס מיר זיינען שקלאפען? איהר ווילט אונז צווינגען דורך הונגער? — און צו אונז האט ער זיך

געוועגדעט און שטרענג געפאדערט. — קומט לאמיר געהן! מיר האבען דא ניט וואס צו טהון!

מיר האבען זיך אויפגעהויבען און ברוגז דעם זאאל פארלאזען.

אויף דער אכסניה האבען מיר זיך בעראטהען און באשלאסען, צו דעפעשירען צום באראן. אבער ניט אזוי לייכט איז אונז דאמאלסט אנגעקומען דעם באראן'ס אדרעס געוואויר־צו־ווערען און א שרייבער אויסצוזוכען... די צוועלף דעלעגאטען האבען אונטער זיך געשאפען די סומע פון 130 פעזאס און די טעלעגראמע צום באראן; הירש אוועק־געשיקט. דער פערשטארבענער אברהם ווערמאנט. האט אונז יעמאלט אין דיזען הינזיכט גוט געדיענט...

די דעפעשע האט אין קורצען געלויטעט: "דאס די דירעקציע סטראשעט אונז מיט הונגער, אויב מיר וועלען ניט אונטערשרייבען די קאנטראקטען, וועלכע מיר ווילען, דאס זיי זאלען רעפארמירט ווערען"...

אט אויף אזא אופן האבען מיר די מיסיע אונזערע ערפילט און יעדערער איז זיך אהיים געפאהרען.

אלס "עמא פזיזא", האבען חכמים באצייכענט אונזער פאלק! נו, יא; זיי האבען אונזער נאציאנאלען כאראקטער גוט געקענט. ווען איך און רייציין, זיינען אין קאלאניע צוריק־געקומען, האבען מיר צום באדויערן שוין געטראפען, דאס אייניגע האבען איילענד די קאנטראקטען אונטערגעשריעבען. מסתמא איז אין די איבעריגע קאלאניעס עהנליכעס געשעהן.. ביי אונז אין קאלאניע, האט בראנדעס אונטערגעקויפט א פאאר פון די קלייניגייסטיגע נפשות און זיי האבען גע'חתמ'עט, וואס ער האט פערלאנגט.

דעם 15־טען מאי אין אווענד, האבען מיר, די פארשטעהער פון דער קאלאניע, אין געהיים זיך פארזאמעלט ביי דר. וועקסלער אין שפיטאל און דער גוטהערציגער ארצט, האט אונז אויסגעשטעלט א בריעף צום באראן, אין וועלכען מיר האבען זיך אין נאמען פון דער געמיינדע באקלאגט, ווארום ער האט אונז אויף פ ר ע מ ד ע ה ע נ ד איבערגעגעבען. מיר האבען ביי איהם געבעטען, אינערליכע זעלבסטפערוואלטונג. איבער די קאנטראקטען מיט'ן פראצענט, האט דר. וועקסלער אין בריעף ניט געוואלט דערמאנען, באהויפטענדיג, אז קוים וועט מען באקומען אויטאנאמיע אין דער פערוואל־

טונג, וועט אויך דיזער פראבלעם געלייזט ווערען.

ניט אויף דער טעלעגראמע, ניט אויפ'ן בריעף, האבען מיר אן ענטפער געזעהן. דאס הייסט גאר פשוט, מען האט אונז אזעלכען קיינמאהל ניט איבערגעגעבען, ווי דאס האט זיך שפעטער ארויס־געוויזען... דער באראן, די גוטע זעלע, האט יא געענטפערט און ערשט נאך זיין טוידט, האט א בעאמטער פון דער אדמיניסטראציע, אונז בסוד די קאפיע פון באראן'ס תשובה אויף אונזער בקשה ארויס־געגעבען און מיר האבען איהר, לעגאליזירט איבערגעשריבען.

דער בריעף געשריבען אין דייטש, אין נאמען פון דער יק"א, טראגט דעם באראן'ס אונטערשריפט און דעם דאטום פונ'ם 10־טען יולי 1894. איז אדרעסירט צו אונז, די דאמאלסדיגע פארשטעהער פון דער קאלאניע מאאוריציא; דאס איז געווען דער ענטפער אויף אונזער בקשה און אין איהר ווערט גערעדט איבער דער האפנונג דאס די אויטאנאמישע פערוואלטונג פון אינערליכע ענינים אין דער קאלאניע, וועט פיהרען צו אחדות און צו פליי־סיגער טעטיגקייט. אבער אין דער זעלבער צייט, ווערט אויך פעסט אונטערגעשטראכען זיין צוטרויען צו די פערוואל־טער פון דער הויפט־ביורא און אנגעצייגט, דאס אלעם דארף געהן דורך זייער פערמיטלונג און נאר ביי גאר דרינגענדע פעלע, זאל מען זיך ווענדען דירעקט.

ווי שוין געזאגט, האבען מיר פון דיזען בריעף וואס איז אנגעקו־מען צו אונז פון דער רעליזע נומר 2, פאריז, אויך נישט געוואוסט, אונגעאכטעט וואס דארט ווערט אונז כלומר'שט געגעבען א שטיקעל הנחה, אז אינערליכע פערוואלטונגס־רעכט אויפ'ן שפיץ מעסער...

אלס אינטערעסאנטער דאקומענט קומט דא, די קאפיע פון יע־נעם בריעף "וואס דער באראן האט אייגענהענדיג גע'חתמ'עט".

— " —

אם ענדע פון מאנאט מאי, האט זיך די אטמאספערע אין דער אדמיניסטראציע צום גוטען געביטען.

מיר האבען געדרונגען, אז די ענדערונג לטובה איז געקומען אלס רעזולטאט פון דער טעלעגראמע: הגם אונזערע שונאים האבען

דאן פארשפרייט דער קלאנג, דאס די דעפעשע איז געשיקט געווא־
רען אויף א פאלשען אדרעס, אז זי איז נים ר י כ ט י ג געגאנגען,
און דאס דער באראן האט איהר אפילו אין די אויגען נישט געזעהן...
אבער ס'איז דאך א פאקט: מען האט אונז מעהר נים באלעסטיגט
וועגען די קאנטראקטען, וועלכע זיינען ערשט שפעטער, אין 1895,
געבראכט געווארען דורך לאפינ'ען, בשעת ער איז פון איראפא צו־
ריק געקומען שוין אלס באשטעטיגער מושל. דיזע, האבען שוין
דעם טערמין צום אויסצאהלען פארלענגערט אויף צוואנציג יאהר
און אין 1901, זיינען זיי געוועקסעלט געווארען אויף אנדערע,
צעהלענדיג די צוואנציג יאהר פון נייעם יאהרעס דאטום.

מען האט אויך אויסגעטהיילט ווייץ־סעמיזשא, די מאגאטליכע
שטיצע און די ארבייט בכלל האט זיך נארמאליזירט.

## פּיה-סוחרים און מיין „באַושאַ“ קוה.

פון חול-המועד־פּסח אַן, פון'ם טאָג וואָס די 148 פרויען מיט זייערע קינדער, די משפּחות פון די „סאַלטעראָס“, זיינען אָנגעקו־מען אין דער קאָלאָניע, האָט אַלעס אויפגעלעבט און פראַגרעס גע־מאַכט. מען האָט שוין מעהר ניט געזעהן ארומשלעפּענדיג זיך די פאר'חושר'טע, קויטהיגע „כאַלאַסטאָיעס“ און נישט געהערט זייערע פּעסימיסטישע דרשות און זייערע קולות דאָס „מען דאַרף פאָהרען אהיים“...

יעדערער פון זיי האָט שוין געהאַט אַ היים, אַ שטוב, איז באַ־שעפטיגט געווען ביי זיין לאַנד־ווירטשאַפט. דאַמאַלסט איז גראַדע געווען די צייט אויף אַראָפּ־צונעהמען די מאַאיס און דאָס פעלד צוצוגרייטען צום ווייץ זעען.

איינינע וואָס האָבען יענעם יאָהר אַ „קאָסעטשע“ געהאַט און ס'איז זיי פאַרבליעבען עטוואָס געלד, האָט זיי די אַדמיניסטראַציע דעם סכום ארויסגעצאָהלט אין מזומן, ניט ארונטערעכענענדיג די סובסידיע, — ערפילענדיג אזוי, די באַווילינונג פון'ם הערר קאָ־זעס. דיזע גליקליכע, האָבען זיך מענשליך צוגעקליידט און די בעלי תכליתים אונטער זיי, האָבען זיך פאר'ן געלד געקויפט אַ פּאָאר קיה מיט קעלבלאַך. אַ פּאָאר קאָלאָניסטען פון די גאָר רייכע, ד. ה. די וואָס האָבען פון זייער „אוראַזשאַי“, ארויסבאַקומען למשל צו צוויי הונדערטער, זיינען באַלד געוואָרען פּיה־סוחרים. איהר שמייכעלט? ווי־אַזוי איז עס מעגליך מיט אַזאַ נישטיגען קאַפּיטאַל מיט סקאָט צו האַנדלען? איהר מעגט אייך טאַקע פּשוט לאַכען אויך: מחמת הייגט קאָסט איין קוה 200 פּעזאָס; אָבער מיט דרייסיג יאָהר צוריק, דעמאַלסט איז אַלעס גאָר אַנדערש געווען!

די ערשטע פּיה-הענדלער אין דער קאָלאָניע זיינען געווען: א י י ז י ק ו י י ס מ אַ ן מיט זיין ברודער ח י י ם, יונגע-לייט

פון רומעניען, וועלכע האבען זיך דורכ'ן רומעניש, גיך אויסגעלערנט גאנץ געלויפיג אין שפאניש צו ריידען. מיט א פאאר הונדערטער אלס גרונד־קאפיטאל, האבען זיי זיך אוועק־געלאזען אויף א מרחק פון עטליכע לעגואס, (א "לעגוא" איז 5 קילאמעטער). און דארט האבען זיי געטראפען רייכע גוט־באזיצער, אייגענטהימער פון א סך ווילדען סקאט און יענע "עסטאנסיעראס", האבען מיט דער גרעסטער פרייד עמפפאנגען די ברידער ווייסמאן.

— מיר האבען געהערט אז ס'איז געגרינדעט געווארען א קאלאניע "רוסא־כודיא"; — האבען די גוטבאזיצער געזאגט. — איהר ווילט דא וואוינען, ארבייטען ארום אגריקולטור און פיהצוכט און מיר זיינען בארייט, אייך ווי ווייט מעגליך אונטערצושטיצען.

אויף דיזען סמך האט מען די ברידערלאך דעם גרעסטען צוטרויען געגעבען. זיי האבען די ערשטע אין דער קאלאניע אריינגעטריבען א סטאדע פון א פאאר הונדערט קיה מיט קעלבער און די תכלית אידען, האבען שוין געקויפט... איך אליין האב ביי זיי איינגעהאנדעלט דריי קיה מיט דריי קעלבער אויף צו גאנצע אכט פעזאס א קאפ.

איך ערגינער זיך, דאס בעת כ'האב די דריי בהמות מיט די דריי קעלבער א היים געבראכט און זיי אין קאראל פארטריבען, האט מיין פרוי צו מיר געזאגט:

— זעה נאר אט די ברוינע קיה מיט'ן שעהנעם שלייער! עס שיינט צו זיין אגוטע "לעטשערא"! לאמיר זי מ א נ ס י ר ע ן, וועלען מיר האבען נאך א מילך־קוה.

— זי איז דאך ווילדער פונ'ם טייפעל אליין! — האב איך ערווידערט. — זעה נאר איהר ביסטרען קוק; ס'איז א חיה רעה, נור אויף דורס צו זיין!

— ס'איז ווינציגער פון סכנות נפשות! — האט מיין פרוי געשפאסט. — זי איז ניט ווילדער פונ'ם "דיאמאנט", וועלכער איז איצט איינע פון אונזערע בעסטע אקסען.

— ווארף אויף איהר די ל א ס ע! — האט מיין בכור געבעטען; — נעהם פאפא, האב קיין מורא ניט!

קיין גרויסער בריה מיט דער לאסע בין איך קיינמאל ניט געווען... נאר אום מיין פרוי און זוהן צוליעב צו טהון, חערביי טאקע אויך

א העלדענמוהאט צו באווייזען, האב איך צונויפגעראלט די לאסע, צורעכט געמאכט די פעטליע און אויף דער "באזשא" א שליידער געטהאן. גליקליכערווייזע איז די לאסע געפאלען אקוראט נאכ'ן דין, ד. ה. א "מעדיא באסאל": העלפט איבערן פנים, אריינגעהמענדיג איין הארן... אבער ווי נאר די ווילדע קוה האט אויף זיך דעם רימען דערפיהלט, האט זי א דומפען רעווע געטהאן און גלייך אויף מיר א שפרונג געגעבען... איך האב קוים אוספייעט זיך אויף דער ערד צו ווארפען און זי איז איבער־מיר, ווי אויך איבער'ן פלייט פונ'ם קאראל אריבערגעשפרונגען און זיך אוועקגעטראגען ווי א רוח... אזוי ווי א וויכער האט זי זיך געדרעהט איבער די צעאקערטע פעלדער...

פון די שכנים, וואס האבען דאס דערזעהן, האט זיך ווילענסקי און דער יונגער לעווענזאהן, אויף די פערד ארויפגעכאפט און צוזאמען מיט מיר געלאפען די קוה צוריק צו ברייננען: מיר האבען זי אנגע־הויבען נאכיאגען; זי איז נאך מעהר אויפגערייצט געווארען און זיך אונז אנטקעגען געשטעלט; האט מיט איהרע קלויען די ערד גע־גראבען און שרעקליך גערעוועט... אנשטאט וואס פריהער האבען מיר איהר געיאגט, האט זי גאר די אפענסיווע גענומען; האט מיט אימפעט זיך אויף אונז געווארפען און מיט וואוטה אונז גענומען פארפאלגען...

משה לעווענזאהן, וואס האט אונטער זיך א שלעכטען פערד געהאט, איז פון דער צובושעוועטער קוה אנגעיאגט געווארען און זי האט איהרע שפיציגע הערנער אין בויך פון זיין פערד אריינ־געשטאכען... דער געשייטער ווילענסקי, איז מיט זיין פלינקען "מיר־שאק" צוגעשפרונגען און מיט'ן פערדס ברוסט א העפטיגען שטויס געטהון דער "באזשא", רעטענדיג אזוי־ארום, דאס לעבען פון דעם ארונטערגעפאלענעם רייטער, וועמעס פערד ס'איז אונטער איהם טויט געפאלען...

די קיה האט זיך אוועקגעטראגען ווייט אויף די פעלדער און דער ביז'ן טוידט דערשראקענער לעווענזאהן, איז צוזאמען מיט מיר, אויף מיין "שימעל" א היים געריטען.

עטליכע טעג איז די ברוינע בהמה מיט דער לאסע איבערן

האר׳ן, ווי א ווילדע חיה איבער די פעלדער ארומגעלאפען: ביז גאס האט געהאלפען און ס׳איז אנגעקומען דער גוטער, געהיימניספולער באראבינא.

# דער גאאוטש באראבוינא.

דער גוטער גאאוטש, גלויב איך האט די ווערטה, דאס איז זאל צו זיין געדעכטניס א פאאר טראפען טינט פערלירען און איהר לעזער פון דיזע שורות, מעגט כלעבען געדולד האבען און זיך באקענען מיט דער איידעלער נשמה פון א האלב־ווילדען גאאוטשא, מיט דער איינפאכקייט פון א פרימיטיווען מענשען, מיט'ן געהיימניספאלען באראבוינא.

אומגעפעהר א יאהר פערציג איז ער אלט געווען. ווער קען רעדען אויף ריכטיג וויסען די יאהרען פון די פאמפא־קינדער? זיי אליין וויסען עס אויך ניט!

א ברוינער, מיט א צעאקערטען, צעפאלבטען פנים, גלאנצענדיגע גלאטע האהר, שווארץ ווי די גריווע פון זיין "אסקורא" פערד. א לאנגע שווארצע בארד האט ער געטראגען און פון אונטער די געדיכטע ארונטערגעפאלענע ברעמען, האבען ארויסגעקוקט צוויי גרויסע, דיאמאנטענע אויגען, וועלכע האבען זיך ווי געבארען אין א וויים טייכעל, מיט רויטהען זאמד באברעמט... א אידישער אדלער נאז, א פאאר גראבע פליישיגע ליפען, פון וועלכע די אונטערשטע איז אביסעל ארונטערגעהאנגען און איבער וועלכער ס'האט שטענדיג ווי געשוועבט א גוטמוטהיגער שמייכעל. — דאס איז זיין דאמאלסטדיגער אויסזעהן געווען.

זיין געדיכטע קוטשמע האהר, די "מעלענא", איז ארומגעבונדען געווען מיט א שנעע־ווייסער טיכעל, איבער וועלכער ס'איז, אראפ־גערוקט ביז צו דער פאטילניצע. ג ע ז ע ס ע ן זיין געלער ברייט־ראנדיגער הוט. אויפ'ן האלדז האט ער געטראגען א געשטרייפטע טיכעל, אלס א קראוואט. א לעדערנער גארטעל, אדער "פאכא", באלוישט מיט זילבערנע מטבעות, האט ער ארום די לענדען געהאט און הינטער איהם, האט ארויסגעשטעקט א לאנגער שארפער "פאקאן" מיט א זילבערנעם הענטעל און ארום, איז נאכגעהאנגען א פאסקאוואטע "משיריפא". וואס האט זיין אונטערשטען



דער גאַאוטש באַראַבוינאַ.

מהייל קערפער איינגעוויקעלט ביז צו די פיס, אויף וועלכע ער האט געטראגען קאלירטע שקארפעטקעס און ווייסינקע "אלפארגאטאס".

ווי א גענעראל איז ער שטאלץ און זיכער אויף זיין "אסקורא" געזעסען. דאס איז געווען א סאמעט־שווארצער, ברענענדער, פלינקער פערד מיט קליינע אויערן און פייערדיגע רויטהליכע אויגען, וואס איז באפוצט געווען, מיט א שעהנער געפלאכטענער צוים, א "באסאל", א גוט אויסגעבעטען שפאנישען זאטעל, ביי וועמעס זייטען עס זיינען אנגעטשעפעט געווען די לאסע און די "באליאדאראס".

אויפ'ן פלייצע איז איהם אריבערגעהאנגען א גיטארע, א מעטאלענער טשייניקעל און א מאטע־באמביזשא איז אנגעבונדען געווען.

זיין פאמיליע איז באשטאנען אויס א קליין געפלעקט הינטעלע, וואס איז ביי איהם געלעגען פארענט אויפ'ן זאטעל און הינטען, א קליין שווארץ־חנ'עוודיגע מיידעלע פון א יאהר צעהן, האט מיט איהרע הענטעלאך איהם פעסט ארומגעהאלטען.

אט אזוי, מיט אזא אויסשטאטונג, מיט דער דאזיגער רייכטהום, איז ער צו אונז אין גרופע אריינגעריטען.

ער האט זיך ביי מיר איינגעבעטען אין א ווינקעל פונ'ם גאלפאן זיין וואוינארט אויפצושלאגען... דארט האט באראבוינא זיך באזעצט. די קאפ פון א גע'פגר'טער קוה, האט ער אלס זיין שטוהל געמאכט. האט צוזאמענגעקליעבען אויסגעטריקענטע בוריאנדלאך, א פייער געמאכט און דעם טשייניקעל צום "מאטע" קאכען צוגעשטעלט.

נאכדעם ווי ער פלעגט איינינגע מאטעס אויסזופען, האט ער מיט רחבות די גיטארע אין האנד גענומען און א ים מיט הערצרייסענדע טענער, האבען זיך פון אונטער זיינע ברוינע, האהריגע־פינגער צוגאסען.

ביים שיין פון דער העהלער לבנה, פלעגען מיר, אלע איינוואוינער פון דער גרופע, זיך נעבען איהם אין שייער אויסזעצען און ענטציקט אויסהערען זיין מעלאנכאליש זיסע שטימע, מיט וועלכער ער פלעגט די טענער פון דער גיטארע באגלייטען. זיינע טרויעריגע מעלאדיען, פלעגט אין אונז דערוועקען דאס בענקענעש נאך דער אלטער היים; פלעגט אונזער דמיון פארטראגען ביז'ן כרמל, איבער־

די פעלדער פון בשן, אין די גאסען פון לעגענדארישען בית לחם און אפטמאל, אין פיעל נאך העכערע, בעסערע און גליקליכערע וועל־טען, וואו ס'איז ניטא קיין נויטה, ניטא אזוי פיעל פיין און וואו ס'הערשט יושר, צדקות און פריינדשאפט...

זינגען פלעגט ער פון ליעבע, פון פרייהייט, פון די ששהנע, גרי־נע, אונדורכדרינגבארע אור־וועלדער אין טשאקא, פון די גרויסע באריהמטע נאציאנאלע העלדען, די גענעראלען כאסע דע סאן מארטין און מאנועל בעלגראנא, וועלכע האבען זיין היים־נעליעבטע "פאטריא" פון פרעמדען יאך באפריים.

מיט אנ'אומבאגרענעצטער ליעבע, פלעגט ער זיין פאמיליע, דאס הינטעלע און להבדיל דאס מיידעלע באהאנדלען:

— "הוערפאנא קערידיטא", — טהייערע יתומה'לע, פלעגט ער זי כסדר אנרופען און איהרע שווארצע, לאנגע האהר, מיט טריישאפט גלעטען און דערביי האבען זיינע ליפען שטילערהייד געשעפ־טשעט: — "איגוואל א מי קערידא אניטא, סו מאדרע":—עהנליך צו מיין טהייערער אניטא, איהר מוטער! — און זיינע אויגען פלע־גען גלייך באקומען א שמערצליכען, אומעטיגען אויסדרוק.

צארט און מילד ווי א שעפעלע—פלעגט ער דאמאלסט ווערען און מיט ליעבשאפט, האט ער דאן אונזערע קליינע קינדער ארומגע־ארעמט און צום הארצען געדריקט. דאס קליינווארג האט איהם דער־פאר שטארק ליעב געהאט. האט ער נאר א סענט פארמאגט, אזוי האט ער צוגלייך מיט פאפיראסען און "זשערבא", אויך קאנפעקטען פאר די קינדער געקויפט און עס פארטהיילט אונטער אלע זיינע ליעבלינגע...

די קינדער האבען שוין געוואוסט, דאס ווען באראבוינא בראט א "מאליטא" אדער א "פעלודא": ווען ער מאכט אן „אסא־דא" פון די דאזיגע ערד חזירים'לאך, אדער ווען עס געלינגט איהם צו פאנגען א גאמא־הירשעל, א מארטינעטא־טויב, דארפען זיי אלע זיך ארומזעצען ביים פייער, מיט איהם מיט־עסען דאס בראטען און פארזופען מיט א פאאר "מאטע־דולסעס".

ווי ווייך, מילד און איידעל ער איז געווען, האלטענדיג די גיטא־רע אין האנד: פונקט אזוי בראוו, העלדיש און פלינק איז ער מיט'ן מעסער ארומגעגאנגען. איז ער אויף זיין "אסקורא" געזעסען און די

לאסע אדער די "באליאדאראס" אין האנד גענומען, האט קיין "נאוויזשא" אדער "פאטרא", ווי ווילד עס זאל ניט זיין, פון איהם ניט געקענט אנטרינען. אויף וועלכען טהייל פון דער ווילדער חיה, מען האט איהם געהייסען טרעפען: אויפ'ן האלדז, די העהר־נער, דעם לינקען צי דעם רעכטען פוס, וואו מ'האט פערלאנגט, דארט האט ער געטראפען. באראבוינא פלעגט די לאסע צונויפרא־לען, א הילכענדער פייף האט דורכגעשניטען די לופט און דער "אנימאל" האט זיך שוין געצאפעלט אין דער פעטליע.

מיט דער אויבען דערמאנטער באזשא־קוה, האט ער זיין בריה'ש קייט באוויזען.

בלויז מיט דער "רעוועגקע" אין האנד, איז ער דער ווילדער בהמה אנטקעגען געגאנגען. ווען די קוה האט זיך א לאז געטהון, אום איהם דורכ צו זיין, האט ער מיט דער פלינקייט פון א קאץ, אפגע־שפרונגען אן א זייט, האט איהר ביי א הארן אנגעכאפט און אינ'ם זעלבען אויגענבליק, איז ער שוין אויף איהר רייטענדיג געזעסען. די ווילדע, איז געשפרונגען, זיך אין דרייען געבויגען, האט מורא'דיג געברעוועט, מיט די קלויען די ערד־געשארט — אבער דער העלדי־שער גאאוטש, איז אויף איהר האלב געלעגען, האט איהר מיט זיין "רעוועגקע" צווישען די העהרנער און איבערן מח געקלאפט און אזוי איהר ענדליך באהערשט.

ס'איז באמת איינדרוקספול און איבערראשענד געווען צוקוקענ־דיג, ווי דער מענש קעמפפט מיט דער חיה. די קוה איז באגאסען געווארען מיט א הייסען שוים: האט געפיניעט, ארויסגעשטעקט אין גאנצען לענג, איהר צונג — איז מיעד געווארען און זיך צו דער ערד געווארפען. באראבוינא איז שנעל אראפגעשפרונגען און ערקלעהרט:

— בוענא! דזשא עס מאנסא! — און זי איז ווירקליך געווא־רען רוהיג, געצאהמט, שטיל ווי א קינד. א סך יאהרען האבען מיר איהר נאכהער געמאלקען און עטליכע דורות ביקלאך, אדער "נאווי־זשאס" פון איהר השרלעבט.

אנפאנגס האב איך פאר איהם מורא געהאט. זיין שווייגזאמקייט, זיין שטענדיגע שטילקייט, פלעגט אויף מיר א פחד ארויפווארפען. אלע אפשטאמלינגע פון די אינדיאנער, ווי מ'זאגט: בלוטדורשטי־

גע און רויבגיעריגע ברואים, זיינען דאך באריהמט מיט זייער פאר־טראכטעניש, מיט זייער שווייגען... נור באראבוינא איז אין דיזער הינזיכט אויך אן אויסנאהם געווען. אפטמאהל פלעגט ער זיין פאר־טרויליך, רעדבאר; זיצען מיט אונז, טרינקען א מאטע און לאנג ריידען: דערצעהלען, ווי זיין שטייגער איז געווען, פון דער גרויסער פאמפא, פון פרייען לעבען אין וואלד און אין סטעפ, אבער אין סאמע מיטט פון אזא שמועס, האט ער גאר פלוצים איבערגעריסען און פלעגט ווי א פעלז שטום ווערען!..

אך, ווי גרויסארטיג שעהן און ווי שפאנענד עס זיינען געווען זיינע ערצעהלונגען, איבער די סודות פון די אורוועלדער אין טשאקא, וואו ער האט זיין יוגענד פארבראכט; וואו ער האט זיך מיט'ן אמעריקאנער טיגער — דעם יאגואר, פנים אל פנים אנגעטראפען.

— ארומגעוויקעלט דעם ארעם מיט דער "פאנטשא", האב איך דעם בעזען, בלוטדורשטיגען יאגואר, מיט מיין מעסער אפגע־ווארט, — דערצעהלט באראבוינא. — און ווען ער האט אויף מיר זיין קעצישען שפרונג געטהון, כדי די נעגעל אין מיר אריינצוהאקען, אין דער דאזיגער פירכטערליכער מינוט, האב איך מיין קאלטבלוטיגקייט ניט פארלוירען. רוהיג האב איך מיין מעסער אנטקעגען געהאלטען און מיט זיין טרפה'נער הארץ, איז ער פונקט אויפ'ן שפיציגען שטאהל ארויפגעשפרונגען... אומגעזאמט, האב איך זיין געפלעקטעס העמדעל אראפגעשונדען...

מיט ענטציקונג פלעגען מיר אויסהערען זיינע שילדערונגען איבער דעם זיד-אמעריקאנער ליעב, די "פומא".

— אה פאטראן! — האט ער באגייסטערט געזאגט. — ווען דו וואלסט נאר דער "פומא" געזעהן! דו וואלסט זיכער באוואונדערט דער שעהנער שטאלצער חיה! ווען זי דערזעהט דעם מענשען, עפענט זי אויף איהם איהרע שעהנע, רויטהליכע אויגען, באטראכט איהם פון קאפ ביז צו די פיס: אבער אליין ריהרט זי ניט מיט קיין אבר! שטעהט אנטקעגען מיט'ן קיילעכדיגען קאפ פאררייסען אין דער הויך, פונקט ווי איינער זאגט: קוק מענש, באטראכט ווי הערליך די וואלד קעניגין איז! זעלטען טרעפט עס, דאס זי זאל דעם מענשען באפאלען. דאס געשעהט נאר, ווען זי איז גרייליך הונגעריג, אדער ווען, דער מענש האט איהר צוערשט אנגעריפען.

א זעלטענער מספר, א פיינער רעדנער איז ער געווען. יעדעס ווארט האט ער ריכטיג און קלאהר ארויסגערעדט, פלעגט עס מטעים זיין און ווען מיר האבען עטוואס ניט פארשטאנען האט עס באראבוינא איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאהל און כסדר איבערגעפרעגט: ״קאמפרענדרע״? און ביז מען האט איהם ניט געענטפערט: ״סי, סי, סי, סי, מיר פארשטעהען!״ איז ער פונ׳ם אינהאלט ניט אוועקגעגאנגען.

איבערהויפט פלעגט ער לעבהאפטער ווערען, בעת ער האט גענומען דערצעהלען פונ׳ם ריא נעגרא, וואו ער האט אויך זיין ליעבלינג, דעם ״אסקורא״ זיינעם געפאנגען.

— שטיל, ״קאזשאדיטא״. בין איך מיר געלעגען צעווישען די הויכע גראזען; — דערצעהלט אונז באראבוינא; — און פונקט ווי א טיגער האב איך געלויערט אויף מיין אפפער. די זון ברענט אלץ שטארקער און דער דורשט טרייבט די ווילדע סטאדעס פערד צום טייך, דארט זיך אנצוטרינקען. א יונגער ״פאטרא״, מיט זעהר לאנגע שווארצע האהר, דעם קאפ אויסגעצויגען ווי א בויגען, ביז צו דער ערד, איז לאנגזאם מיט א פארטריקענטען, ארויסגעשטעקטען צונג, צום טייך געגאנגען. איך ציה איין אין מיר דעם אטהעם און ווארט. אז ער קומט פאמעלאך צו נאהענט, נעבען מיר, גיב איך ראפטום א שפרונג, האלט שוין זיין לאנגע גריווע אין מיין האנד און זיץ שוין. טאקע אויך אויף איהם.. ער צופודזשעט זיך, הויבט אן ווילד צו לויפען, דריגעט אין אלע זייטען, שטעלט זיך דובאם און איך קיצעל איהם מיט מיין ״רעווענקע״ צווישען די אויערן, קלאפ איהם איבערן קאפ און גיב איהם צו פארשטעהן אז איך בין שוין זיין בעל־הבית... ער ווערט אזש ווייס פון שוים און שוויים, מיעד פון זיין גאלאפ, פארשמאכט פון דורשט און גיט זיך אונטער. ״מאנסא״ — זאג איך! טהו אן א צוים און באסטא!

אט ביי אזא ערצעהלונג, בלייבט ער פלוצלונג שטיל: האקט־אפ אין סאמע מיט׳ן־דרינען און כאפט א שוויינ... אבער אזא שווייגען, עפעס אזא אימה׳דיגע שטילקייט, אז עס כאפט אזש אן א ציטער און א סקרוך דרינגט אדורך איבערן לייב. זיינע שווארצע רויטהליכע אויגען פלעגט ער ארונטער־ציהען הינטער די לאנגע ברעמען, זיך אנכמורען, אריינ׳נעהמען די ״באמביזשא״ אין מויל

אריין, זי מיט די צייהן איינבייסען און זיצען ווי פארגליווערט. שטיל... א טוידטע שטילקייט פלעגט זיך פארשפרייטען ארום איהם, זיין פייערדיגע באגייסטערונג פלעגט אויסגעלאשען ווערען און באראבוינע זיצט שטום...

זיין שווייגען פלעגט אויף מיר אניאגען א שרעק. זיין גרויסער פאקאן, וואס האט אימער ארויסגעשטעקט פון אונטער'ן גארטעל, האט נאך מעהר די שרעק פארמעהרט. די אנגעוועהטאגטע גלות־נשמה, פלעגט אויפצאפלען: אזא גרויסער מעסער, א ווילדער מענש אין פעלד אליין און ביינאכט... איך פלעג זיך פארזיכטיג אפרוקען, איהם איבערלאזען אין זיין איינזאמער פארטיפטקייט און שנעל זיך אריינכאפען אין שטוב אריין.

ביסלעכווייז האב איך זיך צוגעוועהנט צו איהם און די מורא איז פארשוואונדען.

זיינע נאאיווע פראגען פלעג איך מיט נייגעריגקייט אויסהערען.

— פאטראן! — האט ער איין א טאג געפרעגט, — וואס האט דיין "אמיגא" ראזענפעלד, צו וועלכען דו האסט מיר פרייטאג צו־נאכט געשיקט נאך א בוך, עפעס דארט גערעדט צו צווי קוילעטשען?

— באראבוינא וואס פלאפעלסטו? וואס הייסט ער האט גערעדט צום ברוידט?

— "דעווערא", אויף נאמנות פאטראן! — באשטעטיגט ער. — כ'האב אליין געזעהן. ווי דער טיש איז געווען געגרייט, פארשפרייט מיט א קלאהרען טישטוך. אויבען־אן זיינען צוויי ווייסע "פאנעס" געלעגען און סעניאר ראזענפעלד, האט עפעס צו זיי גערעדט: האט נאכהער די "פאנעס רוסאס" צעשניטען, זיין עלטערן זון, מאנ־דיק, געגעבען א פעניצעל: זאזיען, דעם אינגערן — א שטיקעל און צו דאניא סארא, האט ער הערלאנגט א שטיקעל קוילעטש. וואס באַ־דייטעט דאס?

— באראבוינא, דאס האט ער גאט געבעטען. נו פארשטעהסטו שוין?

— אוי, "רוסאס סאנסאס!" — נאראנים וואס איהר "רוסען" זיינט! — ענטפערט ער און שאקעלט באדויערנד מיט זיין קאפ. — אפילו צום ברוידט "רעזא'ען" זיי אויך!.. נאר זיי דאוונען! וואס

פאר א מאדנע פאלק איהר זענט!

שפעטער האט ער געזעהן מיין שכן, דעם שוחט קרעלל, קידוש מאכען איבער א כוס.

— אפילו ווען זיי טרינקען ״קאניא״ דאוונען זיי אויך! — חידוש׳ט זיך באראבוינא.

ענטצוקט איז ער געווען פון דער אידישער שחיטה. אויפ׳ן שוחט האט ער מיט יראת הכבוד געקוקט.

— ״בוען מאטאריפע!״ — א פעהיגער שעכטער, האט ער אויף איהם א שבח געזאגט. — ער הרג׳ט געשווינד און האט א זעהר שעהנעם מעסער. ״לינדא קוטשיזשא״.

—פארוואס קוילעט איהר אליין ניט קיין ״אנימאל״? ס׳איז דאך א אמת׳ר פארגעניגען, פאטראן! — האט ער מיר אויף זיין שטייגער געזוכט צו איבערצייגען.

— א פארגעניגען צו פארגיסען בלוט? וואס רעדסטו באראבוינא? פיהלסט דען ניט דאס חיה קיין צער, ווען מען שעכט איהר?

— גו פאר־וואס־זשע האט ״דיאס״ אזוי די וועלט באשאפען? זאלסט נאר זעהן פאטראן, דארט אין וואלד, ווי אלעס לעבט נאר פון בלוט, פון יענעמס בלוט!...

— אין וואלד באראבוינא איז עפעס אנדערש. אבער מיר זיינען דאך מענשען, ניט קיין חיות!

— מענשען! גאט! — האט ער שפאטיש ווידערהאלט, מיט כעס אנגעבאפט דעם שטילבעל פון זיין קינזשאל און דערביי האט זיך פון זיינע צוזאמענגעסטשירעטע ציינער, ארויסגעריסען א פארבי־טערטע קללה, אויף גאט און אויף זיין מאכען דער זונה, — ווי דער מנהג איז ביים גאאוטשא. און אין זעלבען מאמענט איז דאס אינ־דיאנער בלוט פארגליווערט געווארען אונטער זיין ברוינער הויט און עס האט איינגעטראטען דאס שטילשווייגען.

— ווארום ביזטו אפט אזוי טרויעריג? — האב איך זיך אין א טאג געזוכט צו ערקונדיגען.

— מיין ״טריסטעזא״ פאטראן, קומט פון עלענדקייט! אך — זיפצט ער שמערצליך אפ. — קען נאך זיין עטוואס שלימערעס פון עלענדקייט? דו פיהלסט אז דו ביזט שטענדיג אליין, איינזאם, עלענד, האסט פאר זיך קיינעם ניט פאר וועמען דיין טרויער צו

ענטדרעקען, דיין אומעט איבערצוגעבען. האסט קיין איינציגע פריינדליכע האנד נישט, וואס זאל דיינע האהר גלעטען ווען דו ביזט אין טרויעריגע רעיונות פארזונקען! האסט...

— וואו איז אהינגעקומען דיין אניטא? — האב איך געוואגט, אין א טאג איהם צו פרעגען.

דערהערענדיג מיין פראגע,איז א ציטער אדורגעדרונגען זיין גאנ־צען קערפער און זיין האנד, האט זיך אינסטינקטיוו געכאפט צום ווייסען שטילכען פון "פאקאן". די אויגען זיינען איהם מיט בלוט פארגאסען געווארען... ער האט קרעמפפהאפט מיט די צייהן פארביסען, זיך אבגעקעהרט פון מיר און שווייגזאם אוועקגעגאנ־גען. מעהר האב איך איהם דערפון שוין ניט ערמאנערט.

א יאהר פינף, איז ער אבגעווען ביי אונז און אין א שעהנער אויסגעשטערענטער נאכט, איז ער, מיט זיין גאנצער פאמיליע נעלם געווארען, און מעהר האבען מיר איהם שוין אין די אויגען ניט געזעהן.

נור לאמיר זיך אומקעהרען צוריק צו אונזער ערצעהלונג און איבערגעבען די איינצעלהייטען פון דער ענטוויקלונג און פראגרעס, וואס אונזער קאלאניע האט שטופענווייז געמאכט.

55.

## משה "דיאַז'קאָ" באַפרייט אונז פון צרות.

ווי איך האָב שוין אויבען דערצעהלט, האָבען די 148 אָנגעקו־מענע פרויען און קינדער, די משפחות פון די "סאָלטעראַס", פריש־לעבען און מונטערקייט אין דער קאָלאָניע אַריינגעבראַכט. דער פעסימיזם איז צייטווייליג פאַרשוואונדען. די נאַטירליכע לעב־האַפטיגקייט פון דער יוגענד, די מיידלאַך און בחורים וועלכע זיי־נען מיט זייערע מוטערס פון אייראָפּאַ אָנגעקומען, האָבען דאָס חשכות און דעם אומעט פאַרטריעבען. אויף די פעלדער, צווישען צייטיגען מאַאיס, האָט זיך די יוגענד צעשפרייט און געריסען די צייטיגע, העל־גאָלדענע אָדער ווייסע קוקורוזע. איינציגע בעסאַראַ־ביער, האָבען אויף זייער שטייגער, פּאָ מאָלדאַוואַנסקאַמו, גע־פּליקט די קאָטשענעס און עס מיט די "העמדלאַך" אַ היים גע־בראַכט; ביים שטוב, גאַנצע קופּעס אָנגעשאָטען און נאָכהער צו־זאַמענגעשטעלט טאָלאָקעס פון צעהנדליגע מיידלאַך מיט בחורים, און אין די ליכטיגע לבנה־נעכט, די מאַאיס פון דער לושפּע אויס־געשעהלט, צוזינגענדיג דערביי, פרעהליכע רוסישע און מאָלדאַוואַ־נישע ליעדער.

די רוסישע "פּעסניעס", האָבען זיך געטראָגען ווייט אין דער העלער נאַכט און די גאַנצע קאָלאָניע האָט מיט־געזונגען: ווייל גראָדע יענעם יאָהר, איז די קאָסעטשע פון מאַאיס, זעהר אַ גערא־טענע געווען. דערצו האָט נאָך דאָס גליק צוגעשפּיעלט און דער פּרייז איז אויך געווען אַ הויכער.

ל ע אָ ן ס ע ג אַ ל, דער אויבענדערמאָנטער קאַפּאַטאַס, איז געקומען אין באַגלייטונג פון אַנ'אויפקויפער און האָט געצאָהלט צו 4.80 פּעזאָס די פאַנעגאַ, אָדער די הונדערט קילאָגראַם. איינ־גע וואָס האָבען שוין די קוקורוזע אַרונטערגענומען, — געוועהנליך די, וואָס האָבען געהאַט אַ צאָהלרייכע הויזגעזינד: — האָבען גלייך דעם מאַאיס פאַרקויפט, און אַזוי־ווי דער אַדמיניסטראַציע האָט מען

ניט געדארפט צאָהלען. האָבען זיי פאַר'ן געלד צוגעקויפט נאָך בהמות, זיך אויסגעקליידט און באַקומענדיג צו־דעם נאָך די "שטיצע" בשלימות, זיינען זיי, אויף דיזען אופן, געוואָרען גאַנ־צע גבירים.

אָבער נאָר געצעהלטע קאָלאָניסטען האָבען דאַמאָלסט פאַר־קויפט! די איבעריגע, און איך אויך בתוכם — האָבען געוואָלט זיין חכמים... שפּעטער וועט נאָך טייערער זיין! מען האָט דעם מאַאיס געהאַלטען און שפּעקולירט! נו, פרעגט שוין ניט, וואָס ס'איז שפּעטער געוואָרען מיט די קוקורוזע!

אָבער דערווייל, אַז מ'האָט געזעהען דאָס מען צאָהלט אַזאַ הוי־כען פּרייז, 4.80 פּעזאָס, איז געוואָרען פרעהליך און מען האָט גע־ארבייט מיט חשק. מען האָט זעהר אַ סך ווייץ פאַרזעעט. די אַדמי־ניסטראַציע האָט יעדען פאַרזאָרגט און קיינעם ניט געזשאַלעוועט קיין זריעה; האָט אויך געגעבען "סולפאַטאַ דע קאָברע", די "סעמיזשע" צום וואַשען און האָט זיך ניט געמישט צו אונזער ארבייט...

ב ר אַ נ ד ע ס איז שטאַרק פאַרנומען געווען. עפּעס אַ קלייניג־קייט: אַזוי פיעל מאַדמאַזעלען און ווייבלאַך, גאָר פרישע, ערשט ניי אנגעקומענע!... ער האָט געזוכט און צו אונזער שאַנד, אויך טהייל־ווייז געפונען...

דער ווינטער איז פאַראיבער מונטער, לוסטיג און פרעהלאַך.

ביים ענדע פון'ם פּאַסיעוו, אין אויגוסט, צום סוף פון היגען ווינטער, האָבען מיר אביסעל שוועריגקייטען געהאַט: די אָקסען האָבען זיך אונטערגעזאָגט... נעבאַך זקנים, אויסגעהאָרעוועטע גע־ווען. די אַדמיניסטראַטיווע כאַבאַרניקעס, האָבען אונז מזכה גע־ווען מיט די דאָזיגע אָקסען, וואָס זיי האָבען פון אונזערטוועגען איינגעהאַנדעלט און זיי אויף להכעים, האָבען די אָקסען זיך מיישב געווען און פאַר מיעדקייט, געכאַפּט אַ פּגר... צו אַקערן ווייּ־טער, אויף צום זעען מאַאיס, איז ניטאָ מיט וואָס און די נחשלים האָבען דעם פּאַסיעוו ווייץ אויך נאָך ניט געהאַט פאַרענדיגט.

איז מען געגאַנגען צו בראַנדעס'ן, האָט ער אונז געהערט ווי המן דעם גראַגער... ער איז פונקט דאַמאָלסט פאַרפלאָנטערט געווען אין אַ מיאוסער מעשה... איז געשטאַנען פאַר אַ דועל מיט איינעם

א גדול׳ס א זוהן פון פאריז, צוליעב דער רויטהער פראנצויזקע...

אין דער דירעקציע האט מען פון אונז נישט געוואלט וויסען. די דירעקטארען זענען הפנים ברוגז געווען, פאר אונזער טעלעגראמע און דעם בריעף, וואס מיר האבען געשיקט דירעקט צום בארא̄ן הירש. עס איז פשוט ניט געווען מיט ועמען צו רייד̄ען.

נאר צו יעטווידער מכה איז אבער צוגעגרייט א רפואה. דער פראגרעס האט אויך זיינע שלוחים, וואס ווייזען דעם וועג און פיהרען צום פארשריט.

צו אונז איז דאן אנגעקומען אזא מורה־דרך. א רבי. מ ש ה ז י ל ב ע ר ש ט י י ן. איז זיין נאמען געווען; אדער ווי די קאלאניסטען האבען איהם מיט ליעבשאפט גערופען: ״משה דיאדקע״. ביי יענער פארלעגענהייט האט ער אונז דעם וועג געוויזען און געלעהרענט, מ י ט ו ו א ס א ו ן ו ו י א ז ו י, מען זאל אקערען און די ארבייט פארטזעצען.

נעמליך: ער האט געלעהרענט די קאלאניסטען צו מאכען הילצערנע יארמא׳ס; נעהמען צוויי יעהריגע קעלבער און איינשפאנען אין דער יארמא און מיט זיי דאס פעלד אקערען. אנשטאט דעם ״ושוב״, וואס ווערט צוגעבונדען מיט רצועות צו די הערנער פון די גרויסע אקסען, כמנהג ארגענטינא, האבען יונגע ״גאוויזשעקעס״ געצויגען דעם פלוג, דורך דער יארמא וואס איז געווען אנגעטאהן אויפ׳ן האלדז. די ארבייט האט אזוי ארום באקומען אן אייראפעאישען אויסזעהן.

כ׳בין א בעלן פארצושטעלען דעם טיפ פון אט דעם דאזיגען רבי׳ן, פון משה דיאדקא. ער האט דאך דאמאלסט דעם פראגרעס פאראויס געטריעבען און הערום, פארדיענט ער גאנץ ארענטליך אייניגע שורות. נאך היינט, איז ער אויך אן אידעאליסטיש־אידישער בויער, וואס חלום׳ט יעצט, אויף דער עלטער, צו פאהרען קיין ארץ ישראל, אום דארט, אונזערע ציוניסטען צו לעהרנען. דאס ארץ האבות צו בעארבייטען.

א הויכער, ברייטביינערדיגער מענש, פון א יאהר 35 — איז ער דאמאלסט געווען. געקומען איז ער פון אדעס, וואו ער איז געווען א בענדיוזשניק: האט פארמאגט אייגענע צוויי בענדיוגעס און גע־פיהרט משאות פונ׳ם האפען, ביים שווארצען מעער.



דער "דיאַדקאַ" — משה זילבערשטיין.

ביי זיין אָנקומען האָט ער קיין קאָלאָניסט ניט געוואָלט ווערען. ער האָט פאַרגעצויגען בלויז אַ ״פּעאָן״ — אַ טאָגלויהנער צו זיין. און ער איז טאַקע געווען דער ערשטער אידישער פּעאָן אין דער קאָלאָניע.

ער האָט צונויפגעקויפט צוויי־יעהריגע ביקלאַך און האָט דערביי מקפּיד געווען, דאָס אַלע זאָלען דוקא זיין רויטהע, און האָט זיי אויסגעלעהרענט צו ציהען אין דער יאַרמאָ. האָט זיי איינגעשפּאַנט אין דער בענדיוגאַ, וואָס ער אַליין האָט צונויפגעשטעלט, אָנגעלאָדען מיט זעקלאַך מאַאיס און גענומען צו 10־12 סענט פּער זאַק, פוהר־געלד ביז קאַסאַרעס. פינף בענדיוגעס האָט ער זיך אַזוי פאַבריצירט, אין יעדערער איינגעשפּאַנט אַ פּאָאר עקסלאַך, זיי איינגעוועהנט נאָכצוגעהן איינער נאָכ׳ן אַנדערן, בעת ער אַליין האָט אָנגעטריבען די ערשטע אין פראָנט און די איבעריגע פיער, האָבען זיך הינטען געצויגען. יעדע בענדיוגאַ האָט געפיהרט פון 16 ביז 18 זעק מאַאיס. ער איז געוואָרען דער ערשטער אידישער ״טשומאַק״ אין קאָלאָניע.

אויף דער רייזע, פלעגט ער אויסשפּאַנען אַלע צעהן רויטהע עקסלאַך, זיי אַפּלאָזען און אַליין זיך אָנטהון אין טלית און תפילין... די עקסלאַך האָבען געפּאַשעט און ער — געדאַוונט. אַ פייערל האָט געברענט ביים זייט פונ׳ם וועג און דאָס טשייניקעל האָט געזאָדען. ווער ס׳איז נאָר דורכגעפאָהרען, האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען און מיט איהם צוזאַמען אַ מאַטע טרינקען; זיך אַביסעל דורכשמועס׳ן און פון איהם הערען אַ אידיש וואָרט. ער איז געווען אַן אָנגעלעהרענטער אָרטאָדאָקסישער איד, האָט דאָרט אין אָדעסער ״פּת לחם״, זיך אָנגעהערט אַ סך גליין־ווערטלאַך פון מגידים, און ס׳איז מיט איהם אָנגענעהם געווען צו ריידען. די קאָלאָניסטען האָבען זעהר ליעב־געהאַט מיט איהם צו שפּרעכען.

אויף די קאָלאָניסטען האָט ער שטענדיג און אַפילו נאָך היינט אויך — געקוקט ווי אויף געצערטעלטע קינדער, ווי אויף רייכע יורשים וואָס ניט זיי קענען און ניט זיי ווילען קענען, די שווערע אַגריקולטור ארבייט... תמיד האָט ער נביאות געזאָגט, אַז די קאָלאָניזאַציע וועט ניט זיין דויערהאַפט.

אויפ׳ן באַראָן איז ער בסדר ברוגז געווען:

ער האט נאך ברייטער געמאכט דעם גלות! — האט ער צו מיר איינמאהל געזאגט. — זיין אידעע שטאמט נים פון דער אידי־שער נשמה; קומט נים פון הויכען אידישען גייסט!... זי קוועלט ארוים פונ׳ם הארצען בלויז! ער האט א גוטע הארץ! דארט אין הארצען ליעגט דאס לעבען... דער גשם, אבער נים די נשמה!

ער האט די קאלאניסטען זעהר פיעל געלעהרענט, זיי גע׳מוסר׳ט און אפטמאהל אויך געשפאסט פון די געוועזענע סוחרים און מלמדים, וואס זיינען נעבאך אויף גרויסע צרות געווען ביי דער שווערער עבודת־האדמה.

אזוי האט ער געטשומאקעוועט מיט זיינע עקסלאד, האט אבי־סעל געלד צונויפגעקליעבען, ביז לאפין איז איבער איהם געקומען און איהם איינגערעדט, א קאלאניסט צו ווערען.

אה! אונטער די פילאנטראפישע פליגלען, האט ער שוין גאר אנדערע ליעדער געזונגען! ער האט שוין מעהר קיין שפאס נים געטריעבען מיט די שלימזל׳ניקעס! יעצט איז ער אנ׳אלטער קאלאניסט, וואס באוויינט דעם חורבן מאאוריציא און האט שטארק חרטה אויפ׳ן עבר... מיר׳ן נאך איהם באגעגענען אין אונ־זער דערצעהלונג.

משה דיאדקא, האט דאמאלסט מיט זיין יארמא־סיסטעם, דער קאלאניע ארויסגעהאלפען.

— " —

די ארבייט איז לעבהאפט געגאנגען. דער ווייץ האט געגרינט און מ׳האט געאקערט אויף מאאים און דערביי געזעצט גערטנער. ס׳האט אנגערוקט דער היגער פריהלינג — סעפטעמבער, אדער דער ארגענטינישער מאי. ווארים, ליכטיג און שעהן. די פארזעעטע לאנען ווייץ און ליאן, שפיגלען זיך־אפ אנטקעגען דער זומערדיגער זון, אויף ווי־ווייט דאס אויג פארכאפט. הונדערטע מענשען, יונ־גע און אלטע, גרויסע און קליינע, זיינען אויף די גערטנער פאר־שפרייט און זעצען ציבעלעס... אלערליי זריעות. האבען די פויי־לישע און בעסאראביער אנגעקומענע פרויען מיטגעבראכט און איי־נע מיט דער אנדערער האבען זיך געביעטען:

— נא דיר ראבע פאסאליעס צום פארזעצען און גיב מיר דעמשקעס. לאמיר כאטש האבען אביסעל היימישע קאשע! — א

מאכל נאד וועלכען מען האט שטארק געבענקט. — האט געבעטען א אידענע.

— אט נעהם אביסעל היינים-זוימען! — האט א פוילישע פרזי פארגעשלאגען איהר שכנ'טע.

דאס לעבען איז זיך מילד און ליעבליך געפלאסען... אומעטום האט גע'רעש'ט, געשומט און געברויזט... פון איבעראל האט עס געטריעפט מיט צופרידענהייט און האפענונג.

ס'זיינען אנגעקומען די ימים טובים. אך, ווי פרעהלאך האט מען געפראוועט דעם סכות! אקוראט ווי אמאהל ביי די ארענדא־רעס אין די דערפער, האט מען אויך דא, א טאפ מיט פראקעס. דער קליאטשע אויפ'ן האלדז אנגעהאנגען און שמחת-תורה, איז מען פון איין קאלאניסט צום צווייטען ארומגעגאנגען יום־טוב־ביטען.

— פון היינט, א גוט יאהר! — שרייעט מאזעס שמולטשוק, א געזונדטער פעסטער דארפס־איד און א פלייסיגער קאלאניסט, און קעהרט אריין מיט איין גאס, דאס גלעזעל ספירט אין מויל אריין!...

— לחיים! — ענטפערן איהם אפ אלע איינוואוינער פון דער גרופע 41. וואס האבען דאן, דעם שעהנסטען, רייכסטען פאסיען געהאט און האבען יענעם יום־טוב אויפ'ן חשבון, זיך היבשלאך משמח געווען און לחיים געמאכט...

אזוי האט זיך עס געצויגען ביז פאר קאסעטשע.

56.

## די גאַנצע קאָסמישע אַפּנעפּרוירען.

דאָס איז געשעהן דעם 23־טען נאָוועמבער פון 1894:

א לויטערע שעהנע נאָוועמבער נאַכט, איז דאָס געווען. די גאַנצע גרופּע, אַלע מענער, פרויען און קינדער, זיינער מיר אין דרויסען געזעסען און זיך צוגעהערט צו באַראַבוינעס שפּיעלען אויף דער גיטאַרא און צום געזאַנג פון דער יוגענד, וואָס האָט זיך מעלאָדיש געטראָגען פון דער גרופּע 51, וואו ס'האָבען געוואוינט וואָלף אַדעמקי'ס קינדער, די ערשט אָנגעקומענע פון רוסלאַנד.

דער הימעל איז געווען אָנגעשפּיקעוועט מיט מיליאָנען שטערנדלאַך: עס האָט געגלאַנצט, געשעמעריירט און געבלישצעט. די שטערנדלאַך האָבען זיך שטיפעריש געטוליעט, זיך געפלאָכטען און געפלאָנטערט אין'ם ווייסליכען פאָס, וואָס מען רופט: די מילדשטראַסע, און זיי האָבען שעלמיש צוגעוואונקען אַראָפּ צו אונז, אויף דער שווארצער ערד.

משה טאַבאַקמאַן, א איד א בן תורה, א גאַנצער אַסטראָנאָם, פון חיים זעליג סלאָנימסקי'ס תלמידים, האָט זיך צו מיר צוגערוקט און מיר גענומען ערקלעהרען א גאַנצען שיעור, אין א גמרא ניגון.

— זעה נאָר, קוק זיך גוט צו, דאָרט אויבען אין הימעל! דו זעהסט? דער "ת י ו" שטעהט איבערגעקעהרט. די "ע ג ל ה" קומט גאָר אויס אין צפון און דער "ע ק ר ב" אין דרום זייט. א פּאַרקעהרטע וועלט איז דאָ אין אַרגענטינא! דער "נ ת י ב ה ל ב ן" איז אויך קווער... הויב זיך אויף און באַטראַכט נאָר גוט! איך וועל דיר אָנווייזען דעם גאַנצען אלף־בית אין הימעל. נאָר זיי שטעהען מיט די קעפּלאַך קאַפּויר...

אזוי־ווי דער אַלטער טאַבאַקמאַן איז אַן ערשט אָנגעקומענער געווען, און מיר האָבען איהם זעהר געאַכטעט, זיינען מיר אַלע שמייכלענדיג נאָכגעגאַנגען דעם אַסטראָנאָמישען משכיל, וועלכער האָט געשטופּט זיין גמרא פינגער אריין אין הימעל און אונז א

לעקציע געגעבען אין שטערענזעהעריי.

אונזער באראבוינא, דערזעהענדיג ווי מיר געהן־נאך דעם אל־טען מיט פארריסענע אויגען צו די שטערען, האט ער זיין גיטארא פון האנד אוועק־געלעגט, איז צו אונז צוגעקומען און מיט א זי־כערער שטימע בעשטעטיגט:

— סי, סי, וואַ העלאר!

מיר האבען זיך אלע צעלאכט.

— וואס זאגט דארט דער ארגענטינער? — האט דער אלטער אסטראנאם נייגעריג געפרעגט.

מיר האבען איהם ערקלעהרט, דאס דער גאאוטש מיינט, אז ער צייגט אויף די שטערען, דאס עם וועט די נאכט פריערען און ער איז מסכים, באשטעטיגענדיג, דאס עס וועט ווירקליך זיין א פראסט.

— און איהר זיינט זיכער אז ניין? — האט אונז דער אלטער געפרעגט. — איהר געפינט זיך דאך שוין א פאאר יאהר אין לאנד... ס'איז דאך דא אז אמת פערקעהרטע וועלט: ביי א ו נ ז איז יעצט ווינטער און דא איז זומער...

— רבונו של עולם! — האט ארויסגעפלאצט די קאלאניסטקע לעוועגזאן: — היט אונז אפ גאט! דער פאסיעוו איז איצט אין סאמע בליהונג, אין סאמע מילך, איין לייכטער פרעסטעל, וועט פון איהם א תל מאכען! מיר'ן געהן קאפוט מיט אונזער ארבייט...

אלע זיינען אויפגעציטערט געווארען, דערהערענדיג דער פרוי'ס רייד. יעדען איינעם, איז עפעס קיהל געווארען אויפ'ן הארצען. יע־דערער האט מיט אומעט דעם לעצטען בליק געווארפען אויף די בליאסקענדע שטערען און איז פארטראכט און שווייגזאם, שלאפען געגאנגען.

— א פראסט! — האט זיך אין דער פריה צעטראגען דער ביטער־רער קלאנג איבער דער גאנצער קאלאניע.

— מאראז! — שרייט ווינארסקי און קלאפט זיך מיט די פויס־טען אין קאפ. — א ווייסער פראסט איז די נאכט אויסגעפאלען! — האבען פילע קאלאניסטען געקרעכצט. — די קאסעטשע איז פארלוירען!

די פנים'ר זיינען ביי אונז אלע שווארצער געווארען פון קיהלע.

די וואס זיינען שפעט אויפגעשטאנען פונ'ם געלעגער, האבען זיך גאר ניט געוואלט גלויבען אז ס'איז געווען א פראסט. מען איז אויף די פעלדער געלאפען, געטאפט די קעפלאך פון דער תבואה, אבער וואס האט מען דאמאלסט דען געוואוסט? ערשט ארום מיטאג צייט, האבען די אוגערקע־בלעטלאך, דעם אמת דערצעהלט: ס'איז טאקע געווען א פראסט כדין! די צארטע אוגערקע פלאנצען, האבען זיך איינגעשרומפען, זיינען שווארץ געווארען, אפגעסמאלעט פון קעלט און פארוויאנעט געבליבען. צוגעבאקטע פון דער נאוועמבער זון, האבען זיי זיך פארגעלטע, פארשעהמטע, אויסגעלעגט אויף דער ערד.

אין עטליכע טעג ארום, האט מען שוין אויפ'ן פעלד באמערקט פיעליע טוידטע זאנגען. אנדערע זיינען בלייך געווארען און ווי קראנקע, האבען זיי הכנעה'דיג זייערע קעפלאך אנגעבויגען אנטקעגען די יונגע, געזונדטע זאנגען, פונקט ווי איינער זאגט: "מיר מוזען געהן; די קאלטע ווייסע פעסט האט אונז געפאקט: זייט־געזונד קאמעראדען, ס'איז ניט באשעהרט!"

אנפאנגס האבען מבינים דעם שאדען פונ'ם פראסט, אויף דרייסיג פראצענט געשאצט. אבער ביים דרעשען האט זיך דער חורבן ארויסגעוויזען. ס'איז פארבליבען כמעט שטרוי.

מיט טרערען און צער, האט מען דעם ווייץ געשניטען. פארשטומט זיינען געווארען די פרעהליכע שניט־ליעדער. מען האט געפיהלט אז דער גרינגקייט פון די סנאפעס, דאס זיי ענטהאלטען פאלאווע און דאס אונזער חיונה פונ'ם יאהר, אין מיט'ן פראסט אוועק... די דרעשמאשינען, האבען פאר־פאנגע ניט געוואלט דרעשען און מ'האט זיי געמוזט צאהלען אין הורט, פאר יעדער פארווע אדער סטויג באזונדער, אדער הונדערט פעזאס א טאג. מען האט ארויסבאקומען צו עטליכע זעק "טריגיזשא", אנ'אבפאל וואס נוצט ניט אויף קיין ברוידט.

און דרעשען האט זיך דאך געגלוסט: אולי, אפשר?

פון מיינע פיערציג העקטאר ווייץ, פון די 90 מעטער לאנגע, אויף פינטהאלבען ברייטע סטערטעס, וואס כ'האב צוזאמענגעפיהרט, האב איך 235 זעקלאך אבפאל ארויסבאקומען. ס'האט זאגאר די שפייזען פון דער ארבייט ניט אפגעצאהלט!

די פרעהליכקייט איז פון דער קאָלאָניע פארשוואונדען. א ביי־טערער יאוש האָט גענומען נוגען דאָס הארץ. דערצו האָט נאָך צוגעשפּיעלט דער דערשלאָגענער מקח: סיי פון ווייץ, סיי פון מאַאיס איז דער פּרייז געפאַלען: דריי פעזאָס מיט צוואַציג, ביז 60 סענט די 100 קילאָ ווייץ איז דאַמאָלסט געשטאַנען. אונזער פאר־א־יאהריגען מאַאיס, וואָס מיר די חכמים שפּעקולאַנטען, האָבען נאָך ניט געהאָט פארקויפט, האָבען מיר געמוזט איבערשיטען אין נייע זעק, זיי אָפּ־פיהרען קיין קאַסאַרעס און דאָרט פארקויפען, אויף צו 1.63 פעזאָס די פאַנעגאַ.

נידערשלאָגען, שווארץ ווי די ערד, זיינען די קאָלאָניסטען פאר־קלאָגטע ארומגעגאַנגען.

— מיר זיינען ווידער נאָר אויף דער פארשאָלטענער סובסידיע אָנגעוויזען, אויף׳ן יושר פון׳ם באַראָן׳ס משרתים אויסגעזעצט. ווייטער נעהמען שטיצע, דאָס פארשעהמטע און דערנידערנדיגע ברוידט! — האָט מען געקרעכצט.

די ווינציגע וואָס האָבען דעם פּאַסיעוו געמאַכט שפּעט און וועל־כען דער פראָסט האָט ניט געשאַדט, האָבען פאר׳ן שניט א גרויסען האָגעל פארזוכט, נאָך גרעסער ווי דער ב ר ד אין פרעה׳ס צייטען... ס׳האָט צוקלאַפּט די שפּעטע תבואות. צו 600 גראַם א שטיק אייז האָבען מיר דאַמאָלסט אָפּגעוואויגען. דער האָגעל האָט דער׳הרג׳עט א סך עופות און יונגע קעלבלאַך. מענשען אין פעלד זיינען פארוואונדעט געוואָרען.

— שלעכט, ביטער, דאָס איז גאָר קיין פּרנסה ניט. — האָבען געוועזענע קרעמער פארזיכערט.

— מען געטרויעט איהר צופיעל, דער שווארצער מאַדאָם ערד! — האָבען מעקלער און הענדלער פון אַדעס און קיעוו גע׳טענה׳ט. — זי באַנקראָטירט...

די אַרבייטזאַמע אידען, האַראַפּאַשנע מענשען, ווי למשל יענקעל בעל עגלה פון זוואַניץ און ליפּא בער פון מעבליפּאָליע, דאָן גע־וועזענע טאָגלויהנער פון׳ם „פּערעסיפּ" אין אַדעס, דיזע האָבען באַלד קלעק געשפּיעגען אויף דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע און גע־פלוכט דעם באַראָן מיט זיין הויכען אידעאַל... זיי האָבען גלייך גענומען די אַדמיניסטראַציאָנע ווענען מיט די אָקסען, זיינען

אוועק זוכען ארבייט אין דער פרעמד און טאקע מעהר צוריק אין דער קאלאניע ניט געקומען...

שלמה פליט, דער פאטער פון א גרויסער ארבייטסזאמער פא־ מיליע און אליין א גבר, איז ארויס קיין קאסארעס און דארט א טרעגער געווארען. עד היום פיהרט ער די קאלאניסטישע רענצלאך פון און צום באהן.

— ביי א קאלאניסט, איז דרייסיג סענט פאר א טלומעקעל אי־ בערגענוג. — דרינגט ער: — דאך פארט א געוועזענער קאמאראד, זיך צוזאמען אין דער "מאטושקא" געשטיקט...

אין קאלאניע זיינען פארבליבען די אידעאליסטען און בעל־ מטופלים — מיט'ן קליינווארג... די ערשטע האבען ניט געוואלט און די לעצטע, זיך ניט געקענט ריהרען פונ'ם ארט.

מען האט אנ' אסיפה פאררופען און א ביטע געשיקט אין דער דירעקציע. אבער קיין תשובה איז ניט געקומען. דער תכשיט בראנדעס, האט אויף אונזער אומגליק פשוט געטאנצט.

פון שטענדיג אן און נאך זאגאר היינט, זיינען די בעאמטע שטראק צופריעדען מיט דער קאלאניסטישער ארימקייט און האבען גרויס נחת, ווען דער קאלאניסט איז אין דחקות... וואס פאר א שקרים, בראנדעס האט דאן געשריעבען צו די אדונים דירעקטא־ רען, דאס האבען מיר ניט געוואוסט; נאר קיינער איז פון זיי ניט געקומען, האבען פון זיך ניט געלאזט הערען און מיר זיינען הפקר געווען.

— מאכען זי וואס זי וואללען! — האט בראנדעס גע־ ענטפערט. — זי האבען די "קאסעטשא" פארלארען, נו, איזט וואס? זא ווי זא ווערדען זי נאך פיעלע יאהרען שטיצונג בעקאמען: יא, נאך פיעלע, פיעלע יאהרען! — און דערביי האט ער זיך צו־ קייכט פאר געלעכטער און פון אונז אפגעשפאט און חוזק געמאכט.

ס'איז שלעכט געווארען. דער פעסימיזם האט זיך געשטארקט, זיך צעוואקסען, אריינגעדרונגען אין אלע חושים, און אלע געפיהלען פארלעצט. די שטארקסטע גייסטער פאר שוועכלינגע געמאכט...

— "אין מזל לישראל!" — האט זיסיע ראבין, א קאלאניסט, א גרויסער חכם און א פיינער רעדנער, דאמאלסט געשריען אויף דער אסיפה, וואס איז געווען אין דער שולע: — מען האט דאס צוויי־

גלע אויף א פרעמדען באדען פארפלאנצט: ניט דא איז דער פלאץ פאר אונז! וואס פאר א ליעבע, וועלכע האפענונג, קען אונז האלטען צוגעבונדען צום היגען באדען? וועלכע פעדים קענען אונזערע נשמות דא צוקניפען, אום מען זאל קענען איבערטראגען אלע שווערע קאטעסטראפעס וואס די ווילדע נאטור האט דא צוגעגרייט פאר'ן אגריקולטאר? וואס קען דא באמוטהיגען דעם קאלאניסט, אום ער זאל קענען פארטזעצען זיין גאנג, אין דאזיגען שווערען עהרליכען לעבענס־וועג? דאס לאנד איז א קאטוילישע: מיר געפינען זיך אין א מדינה, וואס האט פון שפאניע איהר יניקה געצויגען און וואו עס פיהלט זיך נאך אלץ, דער ריח פון די געסמאליעטע ביינער פון אונזערע אור־עלטערן. וואס די אינקוויזיציע האט דא, אין ארגענטינא פארברענט! אין טוקומאן אדער קארדאבא, שטעהט נאך אלץ די אויטא־דע־פע, דער שייטערהויפען, אויף וועלכען אונזערע קדושים זיינען על קידוש השם אומגעקומען אונטער די היגע בלויע הימלען!" (מעגליך אז דער רעדנער האט דא אביסעל איבערגעטריעבען: מחמת ווי די היסטאריקער פארזיכערן, איז קיין "ברען אויוען" פאר קעטצער, דא אין ארגענטינא קיינמאהל ניט אויפגעשטעלט געווארען. דא זיינען נאר געווען קאזאמאטען און תפיסות, וואו מ'פלעגט דעם "אפיקורס" האלטען און פייניגען: ווי למשל אין די קעלערן פון קלויסטער "סאן דאמינגא" אין בועאנאס־איירעס און דעם פאראורטהיילטען, פלעגט מען איבערשיקען קיין לימא, פערו, צום פארברענען; וויל נאר דארט, האט די אינקוויזיציע אויפגעהאלטען די אויטא־דע־פע פאר דער גאנצער שפאניאלישער זיד־אמעריקא.)

— "קיין זיין גוטען טאג האבען מיר נאך דא ניט געהאט! — האט דער צעהיצטער רעדנער ווייטער געדונערט. — ווייזט זיך אפילו אמאל עפעס א שטיקעל האפענונג, דאן קומט שנעל די ווירקליכקייט און מאכט דערפון א תל... די קאלאניזאציע אין ארגענטינא, איז בלויז א גרויסע אילוזיע, א שווערמעריי, א פאנטאזיע און פיליכט נישט מעהר ווי א קאפריז, פון א רייכען גוט־הערציגען בארא!... צו איהם דעפעשירען? זעהט איהר דאך, אז ס'איז אומזיסט. ער ענטפערט ניט. לאמיר בעסער שיקען א דעלעגאציע צו איהם קיין פאריז און דארטען פועל'ן, אז ער זאל אונז פון דאנען

אריבערפיהרען"...

ראבין איז דאמאלסט אויף א טיש געשטאנען, און ווי א פראפעט נביאות געזאגט. זיין הדרת פנים, די שווארצע בארד, די גרויסע שווארצע אויגען, האבען די קאלאניסטען היפנאטיזירט... און ווייל ער האט נאך דערצו געהאט א סך קרובים און מחותנים, האבען זיי-נע רייד שטארק געווירקט... שפעטער איז ער, מיט איינינע פון זיינע פערוואנדעטע, טאקע אוועק קיין פאריז און פון דארט נאך ארץ ישראל...

די לאגע איז געווארען שלימער פון טאג צו טאג. פשוט אונער-טרעגליך. פיעלע קאלאניסטען האבען אנגעהויבען אויסצופארקויפען אלעס וואס זיי האבען געהאט, זאגאר דעם באראנ'ס אקסען און דעם רעמאנענט און א ויברח געמאכט...

מען האט אין דער קאלאניע נאר געזעהן פארצווייפעלטע און פינסטערע פנים'ר.

## 57.

## „איך ברויכען ניכט קיינע קלוגע".

פיעלע אומגעדולדיגע, האבען גלייך ארויסגעוויזען דעם גייסט פונ'ם חפזון־איד, האבען אלעס אויפ'ן פעלד איבערגעלאזען און זיינען נעלם געווארען פון אונז...

צווישען דיזע, זיינען געווען די אנשטענדיגסטע משפחות, ווי די פון הירש גאטליעב און פנחס כהן; דאן אויך די פאמיליעס לאנדא, קרימענטשוג און העלמאן.

די קאלאניע איז שיטערער געווארען. מען האט אין די גרופעס געזעהן לעדיגע, פינסטערע „ראנטשאס", און פלוגעס ווי בראנעס האבען זיך געוואלגערט הפקר אויף די פעלדער.

בראנדעס ווייזט אויס, האט זיך דערשראקען און הפנים די אדונים אויפמערקזאם געמאכט, אז די קאלאניע וועט שנעל לע־דיג פארבלייבען, און ס'איז פלוצים ארויסגעהאנגען געווארען א צירקוליאר, דאס מען וועט יעדען קאלאניסט ארויסהעלפען מיט א סומע פון 200 פעזאס, בכדי מען זאל דערמיט קענען דעקען דעם פערלוסט, וואס דער פראסט און האגעל האבען פאראורזאכט אין דער קאסעטשע. ס'וועט אויך א יעדען ארויסגעגעבען ווערען זריעה פון ווייץ כדי צו קענען ווייטער זעען.

דער קאלאניסט האט נאר געדארפט אנשרייבען א ביטע אין דער דירעקציע; שריפטליך פארזיכערן, דאס ער פארבלייבט אויף ווייטער אן אקערבויער — דאן איז איהם די הלואה געמאכט געווארען.

די ערשטע וואס האבען זיך צוגעאיילט, האבען די הלואות טאקע בעקומען; אבער ווען די איבעריגע האבען דיזען ביישפיעל נאכ־געטהון און האבען אויך בקשות געשיקט, איז אנגעקומען א שטרענ־גער ענטפער.

קאנטראקטען! „קיין איינציגער וועט ניט ווערען אנערקענט אלס

קאָלאָניסט און וועט ניט קענען אויסנוצען די טובות פון דער יק"א, אזוי לאנג ווי ער חתמ'עט ניט אונטער דעם קאָנטראקט מיט דער געזעלשאַפט!" — דאָס האָט דער באַפעהל געלויטעט.

— מיר וועלען ניט אונטערשרייבען! — האָבען זיך די קאָלאָניס־טען ווידער אַ מאָהל איינגע'עקשנ'ט. — דער באַראָן איז ניט קיין וואָכערניק, ער וועט ניט פאָדערן קיין עיסקא...

— ס'איז אַ ליגען! דער שענדליכער קאָנטראַקט, מיט'ן פאַר־שריפט פון פינף פּראָצענט פון דער מאָה יעהרליך, שטאַמט נישט פון'ם באַראָן! דאָס איז ז י י ע ר אַרבייט: דאָס איז די טהאַט, פון די לאָקאַלע אדונים! מען נאַרט אונז אָפּ! — אזוי האָט געדרונ־גען די דעלעגאַטען קאָמיסיע.

ווידער איז אַ טומעל און געררוהער געוואָרען. די פּאָאַר וואָס האָבען נאָך פריהער דעם קאָנטראַקט אונטערגעשריבען, זיינען פון אַלע קאָלאָניסטען פאַרהאַסט און פאַראַכטעט געוואָרען. מען האָט זיי אויסגעמיעדען, אויף זיי פּשוט געשפּיעגען... "פאַרקויפטע נשמות"! — האָט מען זיי אַ צונאָמען געגעבען.

אסיפות האָט פאַררופען: רעדנער האָבען געהיצט און בראַנ־דעס האָט אַלעס מיטגעטהיילט דורך זיינע ראַפּאָרטען צו דער גע־נעראַל דירעקציע.

אזוי האָט זיך געטומעלט, עטליכע חדשים נאָכאַנאַנד.

אין מיין אַלט ביכעלע "זכרונות מאַאוריציא", איז פאָלגענדעס פאַרצייכענט פון יענעם פּעריאָד:

אם ענדע פון חודש יוני, בין איך אַראָפּגעפאָהרען צו בראַנדעס'ן, אום ביי איהם צו בעטען "סעמיזשאַ" פון ווייץ און "סולפאַטאָ דע קאָברע", די זריעה צום וואַשען.

מיין "אַמיגאָ" ש ו ל ץ, אַ יונגער דייטש, מיט זעהר צאַרטע געפיהלען, וועלכער האָט ביי בראַנדעס'ן אין ביוראָ די קאָרעספּאָנ־דענץ געפיהרט, האָט פאַרטרויליך צו מיר געזאָגט:

— פּראָבירט אייך זאָגאַר ניט ביי איהם סעמיזשאַ צו בעטען: ער איז אַ געמיינער אינטריגאַנט, אַ לומפּ... — און בסוד סודות האָט ער מיר געוויזען די קאָרעספּאָנדענץ פון דער יק"א, פון וועל־כע איך האָב צייטענווייז קאָפּיעס אַראָפּגענומען.

אַט האָט איהר דעם בריעף, נומער 1041:

„בוענאס איירעס, קאזשע סאנטא־פע 1063.
דעם 7־טען יוני, פון 1895.
סעניאר בראנדעס.
אדמיניסטראטער פון דער קאלאניע מאאוריציא.
„איהר זאלט מעלדען דעם קאלאניסט א ד א ל ף ר י י ט צ י ן,
„דאס אויב ער וועט ווייטער אנהאלטען זיין פראפאגאנדע צווי־
„שען די קאלאניסטען, דאס זיי זאלען די קאנטראקטען ניט אונ־
„טערשרייבען, וועלען מיר געצוואונגען־זיין, איהם פון דער קאלא־
„ניע ארויסצושמייכען...“

אן ערנליכע בריעף, נאר עטוואס איידעלער געשריעבען, איז אויך אנגעקומען צום ד״ר וועקסלער, מיט א ווארנונג, דאס ער זאל זיך ניט מישען אין די אדמיניסטראציאנע אנגעלעגענהייטען. ער דארף נאר זיך אפגעבען מיט סאניטארישע ענינים און נישט מעהר... „מיר ברויכען קיינע פאליטיק טרייבער אין דער קאלאניע“. — ענדיגט זיך דער בריעף. אויף וועלכען עס זיינען אונטערגעשריע־בען געווען ביידע דירעקטארען: ה י ר ש און ק א ז ע ס.

דיזע בריעף, קען מען נאך היינט אויך אויסגעפינען אין ארכיוו פון מאאוריציער אדמינסטראציע.

נאך איינעגע בריעף פונ׳ם זעלבען סטיל, האט מיר דער פריינד־ליכער ש ו ל ץ דאמאלסט געוויזען.

איבער ג ר י נ ב ל א ט ׳ן, פון דער גרופע 51, אויך א חלעגאט און א געגנער פון די קאנטראקטען, איז אנגעקומען א באפעהל, דאס מען זאל איהם גענויצליך אפשרייבען, ע מ ב א ר ג י ר ע ן די מאאים וואס ער האט און אויך ז י י נ ע א י י ג ע נ ע מילד־קיה וואס ער פארמאגט. דאס ער זאל גלייך אפצאהלען אלע שפיי־זען פון דער קאסעטשע פונם יאהר 1894־5, וואס איז גענצליך פארלוירען געגאנגען. דאס זאל תיכף געשעהן. „למען ישמעו ויראו“... די אדמיניסטראציע האט עס כנהוג אדורכגעפיהרט. מען האט גרינבלאט׳ס ארימקייט „עמבארגירט“ און ביי איהם אלעס צוגענומען...

ווען מיר איז אויסגעקומען דעם זעלבען טאג צוריידען מיט׳ן יעזואיט, דער פראפעסאר הייאים, האב איך איהם אויפמערקזאם געמאכט אויף דאס אומרעכט, וואס מען האט אויסגעאיבט איבער

גרינבלאט'ן: ער האט מיר אויף זיין מיידעלשער דין שטימסקעלע געענטפערט:

— אה! איהר זיינט אויך א גאנצער חכם, א קלוגער! וויר ברויכען היער קיינע קלוגע! זאלען זיך דיזע אלע קעפּ, די אנפיהרער און טאן געבען ווייטער געהן! וויר ברויכען היער בלויז ארבייטער, איינפאכע רוהיגע און געהארכזאמע לייטע...

דאמאלסט בין איך אהן סעמיזשא אהיים געפאהרען און א גאנצען וועג שטארק איבערגעטראכט. אין מיינע רעיונות האבען זיך געפלאנטערט אלערליי פראגען, פול מיט ספקות: "ווער ווייסט? אפשר איז דאס גאר אין גאנצען עפּעס א שווינדעל? פיליכט איז טאקע גאר קיין באראן ניטא; ס'איז גאר קיין פילאנטראפּיע ניט און מען דארף אנטלויפען, צוגלייך מיט אלע איבעריגע בורח'ניקעס?"...

ס'קען זיין דאס איך וואלט דאמאלסט אויך אנטלאפען, ווען ס'וואלט גראדע ניט אנגעקומען דער הערר לאפּין.

# דער דיקטאטער יהושיע לאפין.

ניט ווי פריהער מיט א יאהר, רייטענדיג אויף א קליאטשע, אלס ארעם ליטוואקעל, אנ'אגראמעל מיט אפגעריבענע כאליאוועס — איז דאס צווייטע מאהל צו אונז לאפין אנגעקומען: זאנדערן אלס הערשער, אלס דער אדון, דער קייזער לאפין... האבענדיג א פאלמאכט פונ'ם באראן הירש אליין, איז ער געקומען אלס "סאמאדערזשאוועץ", צום באפעלען איבער לעבען און טויט.. צו שאפען, ווארפען, בויען, טהון וואס זיין הארץ וועט גלוסטען...

אין קאלאניע רעש'ט, יעס קאכט און עס זידט און דער דיקטאטער, האט געטהאן ווי אן עכט רוסישער נאטשאלניק. האט צוערשט אנגעיאגט א מורא אויפ'ן עולם. האט א פחד, א טעראר אויף יעדען אנגעווארפען און אזוי אלעמען אין האנד באקומען...

ער אליין האט פון צווישען די קאלאניסטען אויסגעקליבען א קאמיסיאן, זיי געקרוינט מיט'ן טיטעל פון פארשטעהער, אום זיי זאלען איהם מיטהעלפען זיינע פלענער אדורכצופיהרען.

באמת זאגענדיג, איז ער גטוועזן א גרויסער פאליטיקאנט און האט אונזערע אידעלאך גוט געקענט... געוואוסט האט ער אויך, אז כדי צו האקען די ביימער פון וואלד, מוז מען דאס הענטעל נעהמען פון די זעלבע ביימער... די האק אליין, אהן דאס הילצערנע הענטעל — האקט נישט.

אלס זיין ערשטען מיניסטער און בעל יועץ כלומר'שט, האט ער געמאכט, טאקע דעם גרעסטען פראפאגאנדיסט געגען דער יק"א. ער האט איהם ערנאנט אלס ראש פון זיין קאמיסיע און דערצו נאך, איהם א שטעלע צוגעזאגט אין זיין רעגיערונג... דערמיט האט ער צוויי פאד געוואונען: געפטר'ט א געגנער און באקומען א מיטהעלפער, וואס זוכט ניט מעהר ווי אביסעל כבוד און האט פון כאראקטער־אוים, פשוט ליעב די נאגאיקע אין האנד צו האלטען. טרפען מיט די פיס אויפ'ן רוסישען שטייגער און זיך בעזערן אויפ'ן

אָרימען אימיגראַנט...

אַלס צווייטען מיניסטער האָט ער גענומען זיינעם אַ בן עיר, מעגליך נאָר דערפאַר, אום ער זאָל זיין גדולה באַשרייבען און שיקען ידיעות קיין גראָדנע, אין דער ליטאַ, איבער דעם אַדון׳ס באַרעמהערציגקייט...

נאָכ׳ן דריטען טשינאָווניק, האָט ער זיך אין אַ הינטער־געסעל אַראָפּגעלאָזען. דאָרט געפונען אַ א י ד  פ ו נ׳ ם  ש ט ע ד ט ע ל... אַ שטיק פרומאַק וואָס האָט געשמעקט טאַבאַק, געגלאַנצט מיט די אויגען צום הימעל און בפשטות געמיינט, דאָס יעדער ווייבעל מיט אייגענע האָאר, אָדער מאַנסביל מיט אַ געשוירענער באָרד, זיינען ר״ל שרעקליכע אַפּיקורסים, און מען מוז זיי אַרויסשיקען פון דעם נייעם „פרומען. גאָטספאָרכטיגען ישוב, וואָס ווערט בלויז געגרינדעט אַלס פּה־זדור צו ארץ ישראל... ער האָט נאָך שטאַרק אמונה געהאַט אין גאָלדשמיעד׳ס הבטחה.

אַט די דאָזיגע דריי, זיינען ביי איהם געווען די גלאָוונע מיניםטאָרען. אַלס פיערטען האָט ער גענומען פון די תמימים. אַ פשוט׳ען אָרענטליכען קאָלאָניסט מיט אַ הדרת פנים, אַ אמת כשר׳ער פאַרוועער איד, ניט מילכיג — ניט פליישיג. דאָס איז ווירקליך געווען ניט קיין פיש און ניט קיין פלייש. ער האָט נאָר באַדאַרפט פאַטאַקעווען אויף אַלץ וואָס די ערשטע דריי האָבען געזאָגט, ענטפערן מיט ״בוענאַ״ אויף אַלע בעשטימונגען און נישט מעהר...

אַלס פינפטען פון דער קאָמיסיאָן, האָט ער אויסגעקליעבען אונזער שוחט  י צ ח ק  ק ר ע ל ל: אפשר בלויז דערפאַר, אום ער זאָל אַ ברכה מאַכען אויף דער שחיטה. אַט דיזער, איז שטענדיג געווען אַנ׳עהרליכער ליטוואַק, אַ תמימות׳דיגער מה יפית איד, מיט בעוואַקסענע אויערן און נאָז, וועלכער האָט גרוים כבוד געלעגט אויף יעטווידען לומפ וואָס האָט נאָר אַ גלענצענדיגען קנעפעל געטראָגען, אָדער עפּעס אַ ״טשין״ געהאַט.

אַט מיט דיזע פינף ראשים, האָט ער דעם נייעם מזבח פון דער קאָלאָניזאַציע אויפגעבויעט און דאָס שלאַכטעריי האָט אָנגעפאַנגען.

דער כהן גדול, לאַפּין אַליין, האָט פאַר זיין אייגענעם ריח ניחוח, שוין צוגעגרייט דריי קרבנות וועלכע ער האָט נאָך מיט אַ יאָהר פריהער אין זייז ביכעלע פאַרצייכענט. מיט זיי האָט ער ״חנוכת



אונזער שוחט רב יצחק קרעלל.

המזבח" געמאכט.

ישראל ליסין, משה סאפיאן און מאיר האניק, זיינען געפאלען אלס די ערשטע אפפער.

די קאמיסיאנס ליוט האבען די הענד אויף זייערע קעפ ארויפ־געלעגט: סמיכה, ווי דער דין איז — געמאכט און זיי גלייך אפגעקוילעט.

אהן טענה־ומענה, זיי אפילו פאראוים ניט מעלדענדיג, ניט לאַ־זענדיג זיי א ווארט אויסריידען, האט מען די דריי משפחות ארויפ־געשליידערט אויף די פוהרען און פון קאלאניע משלח געווען.

דעם אלטען קלוגען ליסין, מיט זיין גאנצער פאמיליע, האט מען אין צוואנציג מינוט ארויסגעשיקט. א געפעהרליכער מענש איז טאקע אט דער זקן געווען, א שרעקליכער רעוואלוציאנער...

לטובת הקאלאניע, כדי עס זאלען קיין בונטען ניט זיין, האט די קאמיסיאן אויסגעפונען, דוקא ביי ליסינ'ס מחותנים אליין, דאס ער טהאר מעהר ניט זיין צעווישען די קאלאניסטען...

דער צווייטער, משה סאפיאן, איז לויט זייער צושטימונג, געווען א רעבעלישער גייסט. כסדר היצט ער רק די קאלאניסטען... א דע־פוטאציאן צום באראן וויל ער גאר דאס מ'זאל שיקען... שטענדיג האט ער אגב נאר טענות: ווי קומט עס, דאס אזא נדיב־לב ווי דער באראן, זאל די בלונדע שאף איבערגעגעבען אין די שארפע נעגעל פון אזעלכע וועלף? איז געגאנגען ברודערל! דיך דארף מען ניט. די קאלאניע דארף זיין א תמימה!...

דער דריטער, מאיר האניק, איז סתם געווען א שרייער. פאר יע־דער עולה האט ער קולות געמאכט. ער האט אומרעכט ניט געקענט ליידען. האט נאך מיט א יאהר צוריק לאפינען באליידיגט. איהם דעם ביטערן אמת אין פנים געזאגט...

דיזע דריי, האט לאפין אויף זיין חשבון גענומען. פאר זיין איי־גענער נשמה מקריב געווען און אזוי־ארום, אפגעווישט אנ'אלטען חטא...

די קאלאניע האט אויפגעציטערט. די יעניגע וואס זיינען פריי־הער געשטאנען גרייט, אלעס איבערצולאזען און אנטלויפען, זיי־נען איצט, ווי וואהרע קינדער פון אנ'עם קשה עורף, אויף צו־להכעיס דוקא פארבליבען.

— מיך וועט מען ארוישמייסען? מיך ארויסשיקען? מיך צווינ־
גען דאס לאנד צו פארלאזען? את־א־דער לוטוואק, את די דאזיגע
פיסיפאקעס?! היה לא תהיה! אה, ניין! איך וועל זיך ניט לאזען!

אזעלכע קולות האט מען פון אלע זייטען געהערט.

די קאלאניע איז ווידער איינגעהילכט געווארען אין א פארבי־
טערטער פינסטערנייש. א בעזע מורא, געמישט מיט א פארגיפ־
טעטען האס, האט אלעמען ארומגעכאפט. אויף יעדענס פנים איז
אויסגעגאסען געווען א מרה שחורה...

דער דיקטאטער לאפין אליין, שטילענדיג זיין כעס מיט די דריי
קרבנות, האט זיך תיכף די הענד אפגעוואשען און געווארען א
צדיק תמים... ער האט בלויז באפוילען דער קאמיסיאן, דאס יעדער
איינער זאל צושטעלען א באזונדערע ליסטע פון די יעניגע, וואס ער
געפינט אלס שעדליכע פאר דער קאלאניע און וואס לטובת הכלל
ווערט געפאדערט, דאס מען זאל זיי אויסרוימען... און ווער ווייסט?
פילייכט האט ער עס טאקע געמיינט ערנסט און קיין־שום זייטיגע
פניה דערביי ניט געהאט!

דיזע דריי גלאוונע ראשים, האבען נאך דריי טאג בדיקה אין
דער קאלאניע, יעדער איינער באזונדער צוגעשטעלט א צעטעל פון
די זינדיגע וואס מען מוז פטר'ן... דער שוחט האט זיך פון דער
דאזיגער ארבייט ענטזאגט, באמערקענדיג, דאס אין זיין "תבואת
שור", האט ער אזא שחיטה ניט געלעהרענט.

דער תם'עוואטער פארעוועער קאלאניסט, האט עס פשוט ניט־
געוואלט טהון:

— וואס געהט מיך אן וואס ער איז אין דער היים געווען? —
האט ער צו לאפינ'ען געזאגט. — ס'איז דא פאראן א פערד־גנב פון
אונזער דארף, וואס לעגט איצט דעם רבינו תם'ס תפילין און איז
באמת א בעל תשובה געווארען...

ער, דער פשוט'ר איד, האט נאר אנגעצייגט אויף דריי זונות
וואס זיי — מוז מען ארויסשיקען, און נישט מעהר.

ווען לאפין האט די דריי לאנגע צעטלען פון די הויפט דעלעגאטען
אדורכגעקוקט, האט זיך זיין הייכער שטערן צונויפגעצויגען און ווי
טיטוס צו די אנטיאכער, האט ער זיי געענטפערט:

— וואוהין זאל איך זיי אלע פארטרייבען? וואוהין האבען זיי־

דען צו געהן?

זיין אדיוטאנט נ א ר מ א ן, אנ׳אגראנאם און שפעטער אדמי־ניסטראטער, וועלכען מ׳האט א צונאמען געגעבען "לאדנא", מחמת אויף פרייד און לייד, אויף גוטס און שלעכטס, פלעגט ער שטענדיג ענטפערן: ל א ד נ א; בעת לאפין האט איהם געוויזען די צוגע־שטעלטע ליסטע פון דער קאמיסיאן, האט ער ווי זיין שטייגער אין געווען, געענטפערט:

— לאדנא! לאדנא! מיט וועמען־זשע וועלען מיר דא פארבלייבען?

עס האט זיך ארויסגעוויזען דאס א יעדער פון דיזע נאבעלע "ראשים", האט בלויז אנגעציינט אויף זיינע נאהענטע שכנים, אום פון זיי ערלייזט צו ווערען... גרויסע אויגען האט דער מענש! די גאנ־צע ערד איז איהם קארג! קין׳ס ירושה. זיי האבען אויך געזוכט איינצושלינגען אלע חלקים ערד פון זייערע שכנים!

לאפין האט שנעל איינגעזעהן די איידעלקייט פון אונזערע קהל׳ס־לייט און האט קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט זייערע מיי־נונגען. ער האט זיך נאר מיט זיי באנוצט דארט, וואו ס׳האט איהם געלוינט. די כפרות, האט ער אבער כסדר אויף זייער חשבון ארויפ־געשטעלט.

איבער מיר פערזענליך, וואס מיין נאמען האט זיך געפונען אין דער ליסטעביים ראש פון דער קאמיסיאן, און וועלכער האט יוסט געפאדערט מיך משלח צו זיין, האט לאפין געענטפערט:

— לאזט, איך אליין וועל איהם עקזאמינירען!

# איך בין כשר — נאָר כ'זעה ווי מען פאַטרייבט אַנדערע.

אין אַ פרייטאָג בייטאָג, איז לאַפין אויף אַ לייכט רייט־וועגעלע, צו מיין שטוב צוגעפאָהרען.

— טאַ וואָס מאַכט איהר, אַלפערסאָן? — ווענדעט ער זיך צו מיר שמייכלענדיג און באַטראַכט רונד־אַרום מיין "ראַנטשאָ", אַ:ן וואַרפט אויגען אויף דער "טראָכע" מיט מאַאיס, וואָס איז נעבען שטוב געשטאַנען אין אַ סטויג. — וואָס האָט איהר דאָ אין קע־לער? — און קריכט גלייך אַריין אין'ם גרוב, וואָס האָט אַלס קעלער געדיענט, דעקט־אויף אַ פעסעל מיט זויער־קרויט און שלעפט אַרויס אַ זשמעניע.

— כאַראַשאָ, יעי באָגו! איהר זיינט דאָך אַנ'אמת'ר קאָלאָניסט! ער האָט מיך אויסגעפרעגט פאַרשידענע זאַכען און פאַרענדיגט:

— קומט צו מיר זונטאָג. מיין מאַדאַם וויל עפּעס טהון פאַר אייער ביבליאָטעק... נו, איהר קומט? — זאָגט ער באַפעליש און פאָהרט אַוועק.

אויף מאָרגען, שבת, איז צו מיר געקומען מיין פריינד שולץ. מיט'ן יונגעטשקען לעהרער פון דער שולע, הערר בנלאלאַ, אַ זעהר פריינדליכער ספרדי, מיט צערטליכע מאַניערען, און זיי האָבען מיר דערצעהלט, דאָס בראַנדעס האָט לאַפינען געראַטהען, דאָס ער זאָל מיך ניט טשעפּען: וויל קאַזעס האָט מיך מיט נאָך אַ פּאָאר, פאַר די בעסטע קאָלאָניסטען פאַררעכענט און דאָס מיטגעטהיילט קיין פּאַריז.

— דער באַראָן ווייסט פון דיר! — פאַרזיכערט מיר שולץ. — דו האָסט פאַר דער אַדמיניסטראַציע נישט וואָס מורא צו האָבען און פאַר די רוסישע איזבאַרזשציקעס — נאָך וויינינגער! אַלעס קענסטו ביים איהם פועל'ן. מעגסט אַראָפּ־פאָהרען...

זונטאָג בין איך אָנגעקומען קיין אַלגאַראָבאָ, וואו כ'האָב שוין ביים טרעהרען־דראָט, געטראָפען צוזאַמענגעקוועטשט אַ גאַנצע עדה

קאַלאַניסטען.

דער בעל מטופל, יוסעל דראַל, זיין ווייב, מיט זייערע אכט קינדער, זיינען געשטאַנען ביים טהיר פון קהל־שטיבעל, דאָרט וואו די פינעף "נאַטאַבלע" זיינען מיט לאַפּינעז געזעסען און דן געווען לחיים ולמות... די פרוי האָט געקלאַגט, איהרע הייסע ביטערע טרעהרען האָבען אַראָפּגעקאַפּעט אויף'ן הראַט און זיינען איינגעזאַפּט געוואָרען אין דעם באַראָנ'ס פילאַנטראָפּישע ערד. דער שלימזל'ניק איהרער, איהר מאַן דער תם, האָט געגלאַנצט מיט זיינע פרומע קעלבערנע אויגען, ווי אַ לאַם ביי דער שחיטה און צו די ביישטעהענדע קאַלאַניסטען האָט ער מיט קאַלטבלוטיגקייט גע'טענה'ט:

—שוין דער צווייטער גרוש. מיט דריי יאָהר צוריק, האָט מיך דער איספּראַווניק אַרויסגעטריעבען פונ'ם גוי'אישען דאָרף און איצט טרייבען מיר אַרויס דעם באַראָנ'ס פּאַרטרעטער — פון אידישען דאָרף... וואו הין געהט־מען מיט די אַכט קינדער?

אַ דעלעגאַט איז פון קהל'ס־שטיבעל אַרויסגעקומען מיט אַ פאַרפלאַמטען פּנים, אַ צעקעמטער באָרד און די בשורה געבראַכט, דאָס די פאַמיליע דראַל, ווערט בעקומען פינף הונדערטער: צוויי מאות פאַר אליהו און פרומע פּאַלאַטניק און 150 פּעזאָס, געפּועלט אויך פאַר שמואל יאַניק, אַ קבצן אויף גאָרען... דערביי האָט דער "בעל־טובה" באַטאָנט:

— דער גאָספּאַדין לאַפּין וויל, דאָס דיזע משפחות, אַזוי ווי זיי זיינען דאָך אָרענטליכע מענשען און ווערען חלילה ניט אַרויסגעשיקט פאַר עפּעס אַ חטא, נור, — דאָ מורמעלט ער אַביסעל אונטערן נאָז, אום ניט אַלע זאָלען עס הערען: — נאָר כדי צו פאַרהיטען אַז זיי זאָלען צו לאַסט ניט פאַלען אויף אונז... אויף קהל... זאָלען זיי איצט אונטערשרייבען אַ באַשטעטיגונג, דאָס זיי װ י ל ע ן פון דער קאָלאָניע אַבפאָהרען, אַז זיי װ י ל ע ן נ י ט זיין קיין קאָלאָניסטען... צו שווער איז עס פאַר זיי...

מיט אַלע אַרויסגעשיקטע האָט מען דעם זעלבען ספּעקטאַקעל געמאַכט, און אַזאַ חתימה אַרויסבאַקומען. דערפאַר האָט מען זיי געגעבען צו עטליכע הונדערטער ביים אוועק־פאָהרען.

דראַל'ס פרוי, האָט ביי דיזער מיטהיילונג אויפגעציטערט און בעסטער צוגעדריקט צו איהר ברוסט דאָס זויג־קינד, וואָס זי האָט

אויף די הענד געהאלטען, און דער נאאיווער יוסעל, האט מיט א זויערן פנים, אין א טאן, וואס איז געמישט געווען פון צער און בטחון — געשעפטשעט:

— מען טרייבט אונז!... אבער, ס'איז נאך דא א גאט אויף דער וועלט!

פרומע פאלאטניק האט ביי דער דאזיגע בשורה גע'חלש'ט. דער קליינינקער, נידעריגענקער שמואל יאניק, האט געווארפען א שטיין אין פענסטער פון קהל־שטיבעל און געשריען דאס ער געהט נית... צו דיזע צוויי פאמיליעס, האט מען געוואלד באנוצט. דער ראש פון דאמאלסטיגער קאמיסיע, האט ממש מיט זיינע אייגענע הענד, די פאלאטניק'ס אויף די פוהרען ארויפגעלעגט! עפעס א קליינינקייט? טובת הכלל! „ער וועט צולאסט פאלען אויף דער „אבטשעסטווא": — האט ער מיט זיין באסאווען קול, גאנץ ערנסט יעדערען פארזיכערט.

איך האב דיזע סצענע, דאס הערצרייסענדע בילד צוגעזעהן און דאס בלוט האט אין מיר געזאדען. אין מיין דמיון האבען זיך איינע נאך דער אנדערער, גענומען ציהען ווי א שנור, די קללות פון דער תוכחה, און אויף מיינע ליפען איז ארויפגעשוואומען א פלוך אויפ'ן באראן מיט אלע זיינע מיליאנען: א פערדאמונג אויף זיינע טובות און אויף אלע בעלי־טובות.

„איז איהם דען דאס אידישע פאלק זוכען געגאנגען? ווער האט איהם בעדארפט? א שפאגעל נייער בעל טובה! האט געקויפט ערד אויף צו צעהן פעזאס דעם העקטאר, שוין אריינגערעכענט דעם סקאט, אין די טויזענדער שטיק, וואס געפינט זיך דארויף: מאכט ער קאנטראקטען מיט אונז, און חשבונ'ט צו 35-40 פעזאס אן העקטאר, — בלויז די נאקעטע ערד!... דערצו־נאך מיט פראצענט... פינף יעהרליך! א וואוכער געשעפט... שאנד און שמאך אויף אזא פאלק, וואס צאצקעט זיך מיט אזוינע בעלי־טובות! געשעפט, שאכער, קאפיטאל, כהנים פונ'ם גאט מאמאן!... יוסעל דראל, אלי'נקע פאלאטניק, שוואכע ארימע ארבייטער, זיי האט מען ארויסגעשמיסען... צו־וואס נוצען זיי דען?" — און אין מיינע מחשבות האבען זיך אלץ אזעלכע אפגעריסענע געדאנקען געפלאנטערט און האבען מיך געמוטשעט... די ליפען האבען שטיל פראטעסטירט, געשאלטען,

געפלויכט...

"ישראל א פאָלק? זאָל ישראל טאַקע מעהר קיינמאָהל קיין פאָלק ניט זיין! זאָל ישראל ניעמאָלס מעהר, האָבען אַן אייגענע רעגירונג, מיט אַזעלכע נאַטשאַלניקעס ווי לאַפּין, מיט אַזוינע שופטים ושוטרים — ווי די פינף ראשים!... אייגענע הינט אַז עס בייסען, טהוט־דאָך נאָך מעהר וועה! משיח! אויב עס איז וואָהר דאָס ער דאַרף יאָ אַ מאָהל קומען. "דאַן זאָל ער בעסער גאָר ניט ער־שיינען!... זאָל ער גאָר ניט געבוירען ווערען!"

די דאָזיגע צעשלאָגענע פאַרגיפטעטע געדאַנקען, זיינען פּלוצלונג איבערגעריסען געוואָרען... דער עולם ביים דראָט, האָט זיך האַסטיג גענומען באַוועגען: ס'איז געוואָרען אַ שטופּעריי, אַ געדראַנג און שטויסענדיג, האָט מען מיר ווידער פּנים אל פּנים מיט דער ווירקליכ־קייט צונויפגעגעבראַכט.

לאַפּין בכבודו ובעצמו איז אַרויסגעקומען. פיעלע האָבען די היט־לען אַרונטערגעכאַפּט. אַנדערע האָבען מיט חניפה פאַר איהם די צייהן אויסגעסצירעט און האָבען אַזש, ווי די הינט, איהם פון וויי־טען אַרומגעלעקט... צבֿע'יאַטשעסטוואָ, הייכלעריי און געמיינהייט, האָט זיך איבער פיעלע פּנים'ר צעגאָסען... אַ קנויל ווערים האָבען אַרום איהם זיך אויף די בייכער געדרעהט און האָבען זיך געווירבעלט נעבען זיינע פיס... ער האָט צו אייניגע אַ פּאָאַר ווערטער צוגעמור־מעלט; האָט געוואָרפען שטאָלץ־בעפעהלענדע בליקען און געקוקט ווי אַ קיסר אויף זיין פאָלק...

ער האָט מיך דערזעהן און מיר צוגעוואונקען מיט'ן האַנד:

— קומט! — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט און מיר אין זיין פּריוואַט וואוינונג אריינגעפיהרט, מיר פאַר זיין פרוי פאָרגעשטעלט און אַליין איז ער צוריק צום עולם אַרויס, אום ווייטער זיין ממשלה צו טרייבען.

די מאַדאַם לאַפּין, איז געווען אַ זעהר איידעלע, גוטהערציגע פרוי, הויך געבילדעט, אַ געענדיגטע דאָקטערין פון וויענער אוניווערזי־טעט און אַ פיהלענדע נשמה. זי האָט מיר אויסגעפרעגט וועגען דער ביבליאָטעק וואָס איך האָב געהאַלטען אין אָרגאַנזירען און איהר הילף אָנגעבאָטען. מיר אַלעס באַשפּראָכען, אַ ליסטע פון די אינטעליגענטערע קאָלאָניסטען צונויפגעשטעלט, כדי אונטער דיזע

די ביבליאָטעק קאָמיסיאָן אויסצוקלויבען. פון איהר קעשענע האָט זי צווייהונדערט פעזאָס אויף ביכער געשאָנקען און אויסגעווירקט ביי איהר מאַן, דאָס ער זאָל אַ צימער פאַר דער ביבליאָטעק בעוויליגען.

שפּעטער, האָב איך די ביכער פון מיינע קעראָסין־קעסטלאַך אהינ־צו געבראַכט און די ביבליאָטעק, אויפ׳ן פּלאַטץ וואו זי געפינט זיך נאָך איצט, דאַמאָלסט אינסטאַלירט.

אין דאַמאָלסטדיגען חושך, האָט די מאַדאַם לאָפּין ווי אַ ליכטי־גער שטערען געשיינט. זי פלעגט קורירען די קראַנקע פרויען, מיט־העלפען די געדריקטע און טרייסטען די, צום ארויסשיקען. גאַר אָפט האָט זי פאַר איהר גוטסקייט אונאַנגענעהליכקייטען געהאַט און בזיונות געליעטען פון איהר דעספּאָטישען מאַן, בעת זי פלעגט זיך איינשטעלען און זיך פאַרוּענדען לטובה אַ משפחה, וואָס האָט גע־דאַרפט ארויסגעוואָרפען ווערען פון דער קאָלאָניע.

— מאָלטשי באַבאַ! — האָט ער איינמאָל אין מיין און אין ראָזענ־פעלד׳ס אַנוועזענהייט, אויף איהר אַ מרוקע געטהאָן, ווען זי האָט גנאָדע געבעטען פאַר אַן אומגליקליכען גרוש. זי האָט איהר שעהנעם קאָפּ פאַרשעהמט אַרונטערגעלאָזען און פאַרטרויערט פון צימער ארויס.

60.

## לאפין א דימענטענער אדמיניסטראטער.

לאפין איז געווען א מענש מיט א פעסטען, געזעצטען טעמפעראמענט. א מושל, טאקע א זעלבסטהערשער — אבער אן עהרליכער כאראקטער און האט אין תוך אריין, ליעב געהאט דעם קאלאניסט. ער איז נור פארגיפטעט געווען מיט'ן סם פון דער רוסישער ביוראקראטיע און פונקט ווי די גאנצע פארדארבענע קליקע זייערע, האט ער אויך געדענקט, דאס דער ארימאן דארף צופרידען זיין מיט די ביינער וואס ער געפינט צום לעקען, אונטער די טישען פון די גדולים... ווייל די וועלט איז דאך באשאפען געווארען נאר פאר זיי, פאר די פריוויליגירטע יחסנים...

ווי א געניטער גענעראל, האט ער די טאקטיק געפיהרט און די שלאכט געוואונען: די בטלנים — ווי ער האט זיי אנגערופען — ארויסגע'פטר'ט. דעם שמוץ וואס בערקנהיים האט איבערגעלאזט, אדער פארזעהן, האט ער ארויסגעראמט...

— א ריינע, א געזונדטע, דארף מאאוריציא זיין! — פלעגט ער זאגען. — דא איז ניט דער פלאטץ פאר גנבים, זונות און פארשנארעריי...

א גרויסע משפחה פון 21 פערזאן, האט ער מיט'ן שורש ארויסגעריסען, נור פאר דעם איינעם חטא, וואס זייערס א מיידעל איז אוועק וואוינען מיט א רייכען קריסט... שפעטערדיגע מושלים האבען זיך שוין גאר א קליינעם ווערט גמאכט פון אזעלכע קליינינקע פאסירונגען....

דאס שלאג־ווארט "קאנטראקטע", וואס האט אויפגערידערט די קאלאניע און פעראורזאכט די רייבונג צווישען אונז מיט דער דירעקציאן, האט ער מיט אן אויבער־שכל, כמעט דיפלאמאטיש געלייזט...

— קאלאניסטען שרייבט אונטער קאמפראמיסען; — האט ער גע'טענה'ט. — זאל יעדער איינער חתמ'ענען א פאפיר, דאס ער קאמפראמעטירט זיך אונטער צו שרייבען דעם קאנטראקט.

נאכדעם ווי עס וועט בעסער אויסגעשטודירט און רעפארמירט ווערען.

מיר האבען איהם געפאלגט און דערמיט האט זיך פארלויפיג גע־ענדיגט דער קאנטראקטען טומעל און ס'איז אויסגעקומען: "די ציג גאנץ און דער וואלף זאט"... די פראנצויזישע ביורא איז מיט די "קאמפראמיסעס" צופרידען געווען.

נאך די ארויסשיקונגען וואס לאפין האט דורכגעפיהרט, זיינען פיעלע פון די פעלדער פארבליבען מיט'ן מאאיס אויפ'ן "פיעז" — אויך א סך געאקערט לאנד: לעדיגע גרופעס מיט צו אכט "ראנטשאס", גאנץ פיין איינגעארדענטע, זיינען פארבליבען לעער, אהן מענשען.

נו, האט זיך אנגעהויבען א בייטענעש. מען האט געוועקסעלט די גרופעס, גענומען בעסערע הייזער, בעסער לאנד און מעהר: הכלל: מען האט גע'ירש'נט די "געפאלענע" דער מושל אליין, נאכדעם ווי ער האט די "לימפיעסא" פארענדיגט, האט ער די פארבליבענע, וועלכע ער האט פאר ריכטיגע קאלאניסטען אנערקאנט, באהאנדעלט זעהר מילד: איז געווארען זיס ווי לאקרעץ און ווייך ווי פוטער. האט מיט יעדען געשמועסט ליעבליך און געבעטען, פשוט צוגערעדט דאס מען זאל נעהמען נאך לאנד, ווייל עס וועט אמאהל די ווערטה האבען א סך געלד...

אייגענטליך וויים איך ניט; מ'זאגט דאס אין ענטרע־ריאס, וואו־הין ער איז שפעטער פון מאאוריציא איבערגעשיקט געווארען, אז דארט, איז ער א רשע־מרושע געווען, א שטיק גזלן פשוט און האט די אימיגראנטען אנגעטהאן געברענע צרות... מיר האבען איהם גע־האלטען פאר א פריינד; פאר א מענשען מיט אנ'ארענטליכען כא־ראקטער און מיר דוכט, אז ער איז עס טאקע געווען.

מיר האבען איהם אין אלעם געפאלגט און די קאלאניע האט טאקע באקומען א נארמאלען אויסזעהן. דער אפטימיזם האט צוריקגע־קעהרט: די טרעהרען פון די ארויסגעטריבענע, זיינען אפגעטריקענט געווארען. זייערע קרעכצען, זייערע וועה־געשרייען, האט דער פאמ־פערא ערגעץ פארטראגען העט ווייט, אין דער אונענדליכקייט און דער הימעל אונזערער, האט זיך אויף א קורצער צייט אויסגעלייטערט.

אבער אויך אין דעם דאזיגען גליקזעליגען פעריאד, האט די קא־

לאניע פלוצים אויפגעשוידערט צוליעב א שרעקליכער פאסירונג. וואס האט געקאסט דאס לעבען פון א פיאניר.

ישראל בערקאוויטש, פון דער גרופע 64, האט אויך זיינע מאאים־פעלדער פארנומען עמליכע פערד פון א גאאוטש, וועלכער פלעגט אלע נאכט זיי ארויפלאזען אויפ'ן אידענס קוקורוזע און איהם דארט גרוים שאדען מאכען, ביז דער קאלאניסט האט זיי געכאפט און פארשפארט ביי זיך אין קאראל.

ביי טאג, בשעת בערקאוויטש האט אין פעלד רעם מאאים געריסען, איז אנגעפאלען דער גאאוטש און האט איהם אנגעהויבען שלאגען מיט דער "רעווענקע" איבערן קאפ. אויף זיינע קולות, איז אנגעקומען זיינער א זוהן, א בחור פון א יאהר אכצעהן. איהם דערזעהענדיג, איז דער גאאוטש פון זיין פערד אראפגעשפרונגען און אין איין אויגענבליק דעם יונגערמאן דערשטאכען מיט זיין מעסער און בהרף עין, רייטענדיג פארשוואונדען.

דער דר. וועקסלער איז באלד געקומען, אבער זיין מיה איז שוין געוועז אומזיסט... דער יונגערמאן האט נאך א פאאר שעה געזיפעט און איז אויסגעגאנגען.

לאפין און בראנדעס, האבען דער פאליציי אין באוועגונג געבראכט... מ'האט דעם מערדער געכאפט און אין תפיסה פארשפארט... אבער אין פופצעהן טעג ארום, איז ער ווידער פריי געוועז. דער "אלקאלדע" פון קאסארעס, טאמפסאן, זיינער א פריינד, האט ביי דער גערעבטיגקייט (?) זיין פרייהייט אויסגעווירקט. דער רוצח איז שטאלץ ארומגעגאנגען אין דער קאלאניע און געווארפען א מורא אויף די קאלאניסטען.

דער פאטער פונ'ם ערמארדעטען, איז אין א טאג אריין אין דער "קאמיסאריא", מיט א רעוואלווער אין האנד און געוויזען דראהענדיג, דאס ער וועט זיין זוהנ'ס מערדער ווי א הונד הערשיסען אין מיט'ן גאס, אדער וואו נאר ער וועט איהם אנטרעפען און זאל די פאליציי מיט איהם טהון וואס זי וויל און קען... ערשט דאמאלסט האט מען דעם רוצח אויסגעוויזען פון אונזער געגענד... מעהר האבען מיר איהם ניט געזעהן!

די צייט האט דיזען אקצידענט אויך פארגעסען געמאכט... ס'איז באלד אנגעקומען הער ליעבער פריהלונג. אלעס האט אויפגעבליהט.

די ווייצען האָבען געוואַקסען זעהר שעהן, די גערטנער האָבען גע־גרינט, די האָפנונג האָט אַלעס באַגלאַנצט און בעשיינט און דאָס קרעפטיגע יונג־פרישע לעבען, האָט ווידער דאָס אויבער־האַנד גענומען.

# קינדער ערציהונג.

אין איין ווינקעל פון אונזער קאלאניע־לעבען, איז נאך אלץ טונקעל געוועזן: — היינט, איז גאר שטאק פינסטער; — דאס איז די קינדער ערציהונג, דאס אונטערריכט אין אידיש.

מילא שפאניש, האט די יק״א באקומען פון איהר חברת׳ע, די פראנצויזישע „אליאנז איזראעליט אוניווערזעל”, א גאנצען בינטעל יונגע מאראקאנישע לעהרער פון איהרע פאבריקעס, וועלכע האבען די קינדער געלעהרענט קאסטיליאניש, א נטער־פאנפעדיג, מיט׳ן פראנצויזישען אקצענט... אבער אידיש, עברי, דאס איז א ביטערע צרה געוועזן — פשוט ניט בנמצא! אפילו די שוסטערס, באנדארעס, וועלכע זיינען שפעטער געקומען און זיך אלס לעהרער פארגעשטעלט, זיינען דאמאלסט נאך אויך ניט געוועזן!

לאפין האט אין דיזען ווינקעל אויך אריינגעקוקט.

— טא וואס וועט זיין מיט די קינדער? — האט ער מיך איינמאל געפרעגט. — אין דער שולע פון אלגאראבא איז פאראן יאקורבאוו, אמת שוין א זקן, אבער דאך א ליטוואק... אין אליסע אבער? לייבוש קארמאן און מאטיע פרענקעל, הרדקי מלמדים פון פאדאליע, קענען נעבאך אליין קיין עברי ניט און די קינדער פערבלייבען עמי־ארצים גמורים...

—יא ריכטיג! — האב איך באשטעטיגט. — שרייבט קיין פעטערסבורג און זאל דער קאמיטעט שיקען העברעאישע לעהרער. — האב איך אן עצה געגעבען.

— ניין! דאס וועט צופיעל געדויערן, ס׳איז א שאד די צייט. — האט ער באמערקט. — איך האב דא גופא איינעם אלס פאסענדען לעהרער; קומט אריין אין שטוב וועלען מיר איבערשמועס׳ן.

טרינקענדיג טהעע און צובייסענדיג פענעצלאך שווארצען „כליעב”, וואס אניוטקא די ליטוואטשקע, פלעגט באקען אלס מוסטער, אום די קאלאניסטען צו צייגען דאס זיי דארפען עסען ראזעווע ברוידט:

און זיך באפרייען פון דער מכה: "צוויי-נול-מעהל", וואס האט זיך שוין דאמאלס שטארק צעיאטרעט אונטער אונזערע קאלאניסטען — האט ער דאן ביים טיש, מיר זיין גראנדיעזען פלאן פארגעגעבען און נעמליך: צו נעהמען מיין חבר אברהם'ל ראזענפעלד און איהם אין אליסער שולע אריינזעצען אלס אידישען לעהרער, באמערקענדיג דערביי שמייכלענדיג:

— קיין גרויסער בריה אין אגריקולטור איז ער סיי-ווי-סיי נישט: נו, זאל ער בעסער לעהרנען. רעדט איבער מיט איהם. ער מוז לעהרער ווערען!...

מיר האבען זיך צערעדט איבער דער אומפראקטישקייט און דער אונערפארענהייט פון אונזערע שטעדטישע אידען, די ניי-געווארענע אקערבויער, אבן שייכות צו דער אגריקולטור און פיהצוכט און די מאדאם לאפין, האט דערביי דערצעהלט אין רוסיש,דעם פאלגענדען שעהנעם אנעקדאט:

— דאס האבען מיר די אדמיניסטראציאנע דיענער דערצעהלט: — האט זי אין פאראויס א באמערקונג געמאכט.

"איינער, א קאלאניסט, וועמעס לאנד עם גרענעצט זיך מיט דער אדמיניסטראציע, איז אין קאסעטשע-צייט געקומען צו בראנדעס'ן, און איהם געבעטען, דאס ער זאל איהם אויסלייהען א פארוס, אום איינצוזדעקען די ניט געשלאסענע "פארווע" ברוידט, ווייל דער רעגען העננט אין דער לופטען... בראנדעס האט אויף איהם רחמנות געהאט און איהם די "לאנא" אויסגעבארגט. דער "פעאן" פון אדמיניסטראציע האט איהם נאך צוגעהאלפען, דעם שווערען פריזענט אויף דער סטערטע ארויפשלעפען און זי איינדעקען. אז דער פעאן איז בלויז עטליכע מינוט אפגעגאנגען פון דער סטערטע, האט אויסגעבראכען א שטורם-ווינט און אוגענבליקליך האט אנגעהויבען רעגענען. ער איז באלד צוגעלאפען צוריק צו דער פארווע, כדי זיך נעבען איהר פון רעגען צו שיצען. דעם קאלאניסט איז שוין ערגעץ נישט צום זעהן געווען. דער ווינט, האט אבער דעם פארוס צונויפגעראלט און אראפגעשליידערט אויף דער ערד. דער טאגלויהנער האט גענומען א ברעג פונ'ם לייוועגט אום זיך דערמיט איינדעקען פאר'ן רעגען; ווען ער דערהערט פלוצים, ווי עפעס דראפעלט זיך אין צונויפגעדרעהטען פריזענט און ווי עפעס אטהעמט דארט שווער...

"געוויס איז דאָרט פֿערוויקעלט געוואָרען עפּעס אַ האָז" — טראַכט זיך דער פֿעאַן. — נו, עס וועט שוין זיין אַ גאַנץ וואַזשנער בראַטען פֿון אַ "ליעבּרע".

"דער רעגען איז אַ פּאַראַיבּערלויפֿענדער געוועזען און האָט טאַקע באַלד אויפֿגעהערט. דער פֿעאַן צעוויקעלט די "לאַנאַ" איז דעם האָז אַרויסצונעהמען. ערשט ווייסט איהר ווען ער האָט דאָרט גע־טראָפֿען? דעם קאַלאַניסט אַליין, דעם אייגענטהימער פֿון די סטער־טעס, וועלכער איז דאָרט געלעגען אַ האַלב־דערשטיקטער און ער האָט איהם קוים אויפֿגעמינטערט. דאַן האָט איהם דער קאַלאַניסט דערצעהלט, דאָס דערזעהענדיג. אַז דער שטורם וויל דעם פּריזענט אַראָפּ־טראָגען האָט ער, דער נאַאיוועֶר, געוואָלט מיט דער משא פֿון זיין אייגענעם קערפּער, דערצו נישט דערלאָזען. דער שטורם האָט אָבער מעהר קראַפֿט געהאַט: איהם איינגעוויקעלט אין לייוווענט און אַראָפּגעשליידערט און ווען עס וואָלט גראָדע דאָרט דאַמאָלסט נישט געוועזען דער פֿעאַן — וואָלט ער דערשטיקט געוואָרען."

— זאָגט נאָר, — האָט די מאַדאַם פֿאַרענדיגט: — איז עס אַפּטמאָהל נישט דער זעלבּער פֿון וועלכען איהר שמועסט יעצט? מיר האָבען זיך צעלאַכט.

— ווער ווייסט צי דאָס איז ניט מעהר ווי אַ וויץ אויפֿ'ן חשבון פֿון די ערשטע קאַלאַניסטען! — האָט לאַפּין געזאָגט. — אַט מ'דאַרף נאָר זעהן, דאָס ראָזענפֿעלד זאָל לעהרנען מיט די קינדער.

אַזוי איז עס טאַקע אויך געשעהן. אַברהמ'ל איז אין אַליסע לעה־רער געוואָרען. אַ יאָהר צעהן, האָט ער מיט די קינדער געלעהרענט. דאָס ביסעל קדיש וואָס זיי קענען נאָך זייערע עלטערן — מיט פֿיע־לע גרייזען — יעצט זאָגען, אַט דעם דאַזיגען מיעוט, דאָס ביסעלע, איז דעם סעניאָר ראָזענפֿעלד צו פֿערדאַנקען.

איך דענק, אַז ס'איז גאָר נישט איבעריג דאָ אַ פּאָאַר שורות צו שענקען פֿאַר דעם לעהרער, פֿאַר'ן ערשטען מחנך, וואָס האָט דאָס ביסעל דאַוונען אויפֿגעהאַלטען און אָפּגעהיט אינ'ם דור פֿון די פּיאָ־נערין־קינדער; מיט זיין פּערזענליכקייט אייך צו בעקאַנען און אייך פֿאָרשטעלען זיין גייסטיגען מהות און איכות, זיין שאַפֿען און שטרע־בען ביי אונז אין דער קאַלאָניע.

# דער רבי אַברהם׳ל.

"דער רבי אברהם׳ל" — ווי אַלע קאַלאַניסטען רופען איהם, איז
געווען אַ קליינער, נידעריגער אידעל, מיט׳ן גאַנצען אידישען גלות-
צייכען אויף די פּלייצעס. קליינע ביער-אויגען זיינען געזעסען
טיעף אין זיין, שטענדיג שמייכלענדען פּנים און האָבען מיט ליעב-
שאַפט און תמימות, אויף אַלעם אַרויסגעקוקט.
אימער איז ער פרעהליך געווען. האָט אַ סך גערעדט און אויך
געהאַט פון וואָס צו רעדען. אין דער יוגענד האָט ער היבש געלעה-
רענט, פיעל געלייענט און געווען אַ שעהנער העברעער. פלעגט צייי-
טענווייז שרייבען אין דער "הצפירה".
דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אַ זעהר אַנגעשראָקענע נשמה. אַ
שרעקליכער טרום און בעל פחדן געווען. פאַר יעטווידען ק נ ע פ ע ל,
פלעגט ער אויפציטערן און זיך איינשרומפען — נאָך קלענער ווע-
רען, ווי ער איז עם פון וואוקס. די מורא פאַר׳ן נאַטשאַלניק, איז
ביי איהם געווען אַן איינגעבוירענע. ער האָט עם מהסתם איינגע-
זויגען צוזאַמען מיט דער מוטערס מילך.
געבוירען און אויפגעצויגען אין אַ דאָרף, חתונה געהאַט איז
דאָרף, שפּעטער מיט איגנאַטיעוו׳ס גזרה פון מאַי, אין 1882-טען
יאָהר, אויסגעוויזען געוואָרען פונ׳ם דאָרף, האָט ער פון דאָרט נאָך
גע׳ירשנ׳ט, די הכנעה פאַר׳ן אוריאַדניק מיט די לאַנגע כאַליאַוועס
און מיט׳ן אַראַפניק אין האַנד. דער דאָזיגער פחד, איז ביי איהם
דאָ איבערגעגאַנגען אין שייכות צו אונזערע אַדמיניסטראַטאָרען.
וואָס זיינען שטאַרק ענהליך געווען צו יענע הערשאַפטען... אויף דריי
מעטר ווייט, האָט ער שוין דאָס היטעל אין האַנד געהאַלטען און דעם
אָרון אַנטקעגען זיין חניפה-שמייכעלע צוגעטראַגען. די גלות מתנה
אויף זיינע פּלייצעס, פלעגט זיך דערביי, ביי איהם נאָך מעהר איינ-
הויקערן...
מאַנכע מענשען וועלכע האָבען איהם בלויז פון ווייטען געקענט
האָבען איהם דערפאַר געהאַלטען פאַר אַ היפּאָקריט, פאַר אַ חונף...



דער רבי אברהמ׳ל ראָזענפעלד.

אָבער די נאָהענטע פון זיינע בעקאַנטע, האָבען גוט געוואוסט, דאָס אברהם׳ל איז זעהר ווייט פון פאַלשקייט: אז ער באַזיצט אַ ריינע זעלע און אַ נאָבעלע האַרץ: נאָר ער איז פון נאַטור־אויס, אַנ׳אָנ־געשראָקענער נעבאַכעל, וועמעס קניה עס בוויגען־זיך פאַר יעדען ערייץ...

איך פלעג זיך מיט איהם אָפט אַמפּערן דערפאַר:

— פאַר־וואָס זאָלסטו ניט זיין קיין תקיף אין דיין דעה, אַברהם׳ל? ווי־האַלט זיך דאָס אַ מענש אַזוי קליין ביי זיך און איז אַזאַ שרעקעג־דיגע, קריכענדיגע בריאָה?

עפּעס שטאַרק מאָדנע פלעגט ער שמייכלען, אויסהערענדיג מיין מוסר.

— שוין, שוין! איכ׳ל שוין זיין! גערעכט כלעבען! אַ מענש דאַרף שטאַרק זיין, האָבען אייגענווירדע: איכ׳ל שוין זיין! — און דערביי איז ער אַזש אונטערגעשפּרונגען מיט זיין קורצען קערפּער.

איז אָבער אָנגעקומען עפּעס אַנ״אָדון בפּקדד״, האָט ער נור דערפיהלט דאָס יענער ח צ ו ף פערמאָגט ע ז ו ת, וואָס דאָס שפּיעלט דאָך דאָ די הויפּט ראָליע: — איז אַברהם׳ל שוין ווידער אַ לאָם... שמייכעלט נאַרעשעוואַטע און שעפּשעט: ״דאָבזשי פּאַני!״. פּשוט עפּעס אַ מין וועקסענע נשמה האָט ער געהאַט, וואָס איז צעשמאָלצען געוואָרען ביי יעדען פלאַם פון חוצפּה...

קוים איז ער אָבער געקומען צווישען די זייניגע, צווישען די אָרי־מע, אונטערדריקטע, איז איהם שוין גאָר נישט געווען צום דערקאָ־נען. מיט ליעבשאַפט און בעגייסטערונג האָט ער גערעדט, געטרייסט געראַטהען: די נויטבאַדערפטיגע געהאָלפען און איבער די כוחות געאַרבייט, פאַר׳ן וואוילזיין און פאַר׳ן גליק פון די קאָלאָניסטען. גאַנצע שעה׳ן פלעגט ער אָפטמאָל שטעהן אויפ׳ן טיש און דרש׳ענען, מומהיג און היציג רעדען און פיעלע בעאיינפלוסען מיט זיין פעסט־קייט און זיכערקייט.

ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט די קאָלאָניסטען און די ערד־אַר־בייט איז ביי איהם געווען אַ גרויסער אידעאַל. אָט אַזוי איז ע ר געווען און אַזאַ נשמה האָט אויך געהאַט זיין פרוי ש ר ה: — אַ הויכע שלאַנקע ברונעטין, מיט איידעלע געזיכטסציגע, גרויסע בלויע אויגען, בענאָסען מיט׳ן חן פון דער אשה עבריה...

אברהם מיט שרה'ן, פילייכט א ניצוץ פון יענע, דארט ביים "פלוין פון ממרא", — האבען אן אפענע שטוב געהאט פאר יעדען גם, יעדען "גרינגעם", האבען זיי א מיטאג געגעבען. יעדען דורכגע־הער — א מאטע דערלאנגט.

היינט כבוד אב ואם? מיין גאט! מיט וויפיעל צערטליכקייט זיי האבען דאס זייער פאטער און מוטער בעהאנדעלט!

נאר צו דער קאלאניזאציע איז ער א גרויסער שלימזל'ניק געווען און דאס, גאר א היבשער.

איך ערינער זיך, דאס איידער ער איז נאך אין שולע אלס לעה־רער אריין, בין איך אין א טאג צו איהם געקומען אין גאסט. מאנ־דיאק, זיין בכור, א דרייצעהן יאהר אלט, א שווארצער שלאנקער אינגעל, געראטען אין זיין מוטער, האט קענען־איבער דער "ראנטשא" געאקערט מיט א דאפעלטען פלוג, געשפאנט צו זעקס אקסען. ער איז אפגעגאנגען א "וואוילטע", האט אפגעשטעלט די אקסען, פון בוזים ארויסגענומען א ביכעלע, זיך אויפ'ן גראז אוועק־געזעצט און זיך פארטיעפט אין לייענען. די אקסען איז מסתמא נמאס געווא־רען צו שטעהן, האבען זיי זיך מיט די פנים'ר אויסגעדרעהט צום פלוג. האבען זיך אן איהם פארפלאנטערט אין איהם איבערגע־קעהרט... דער אינגעל איז א פארוויינטער געקומען צולויפען.

— וואס זאגט איהר צו מיין אומגליק? — באקלאגט זיך אברהם'ל. — דער אינגעל איז א לא יוצלח, א שטיק מלמד...

— שא, שא, אברהם'עלע! — טענה'ט שרה. — זעה נאר ווי פאר־מאטערט דאס קינד איז! וואס קען מען טהון? ער איז ניט געבוירען צו דער קאלאניזאציע. גאר אין טאטען געראטען...

אברהם'ל האט טיעף אפגעזיפצט.

— אפשר אט דער זאזיוק: — צייגט ער מיר אן אויף א באר־וועסען אינגעלע פון א יאהר זעקס, — אפשר וועט ער כאטש טוי־גען צום פעלד.

איך בין מיט איהם געגאנגען אין קאמפ, און דארט צוריק אויפ־געשטעלט דעם פלוג.

יענער מאנדיאק, איז היינט דער פראפעסאר מארקוס ראזענפעלד, דער לעהרער פון א נארמאל־שולע, וואס דער שטאאט האלט־אויס. דאמאלסט איז ער נעבאך געזעסען א פאר־

אומגעטער ביים מיטאג און דעם קאפ ניט אויפגעהויבען פאר בושה.

אט דאס איז דער חבר מיינער, אברהם'ל, וועלכען לאפין האט ערנאנט אלס אידישען לעהרער. הארציג-טריי האט ער מיט די קינדער געלעהרענט, פיעל עגמת־נפש געהאט פון די אדונים די אינספעקטארען, אדמיניסטראדארען, און אלערליי צרות געליטען פון די שפאנישע לעהרער.

— זיי ווילען ניט דאס אונזערע קינדער זאלען עפעס קענען! — פלעגט ער מיר פארביטערט זאגען. — מען לאזט ניט לעהרנען! זיי פארווארפען מיט פראגראמען און שוין!... עטלפים! ווילען אונז בכלל אין פינסטערן האלטען...

היינט די צרות און באליידיגונגען וואס ער האט איבערגעטראגען פון די קאלאניסטען גופא, — צוליעב זייער וואולגארישער בעהאנדלונג, דורך זייער אומגעלומפערטער גראבהייט!...

ער איז ענדליך קראנק געווארען. האט אוועק-געלעגט דאס לעהרען און איז צוריק צום פעלד געגאנגען.

## 63.

## אַלגאַראָבאָ און אַליסע.

ווי כ'האָב שוין אויבען אָנגעציינט, האָט מען נאָך לאַפּינ'ס לעצטער "ריינינונג", נאָכדעם ווי ער האָט פון דער קאָלאָניע אַרויסגעשיקט, ווערמען מען האָט יאָ און ווערמען ניט בעדאַרפט; — האָט דער עקזיסטענץ פון דער קאָלאָניע, דאָס ענערגישע לעבענס־קראַפט וואָס זי האָט שוין פערמאָגט, גענומען איהר שיקזאַל אין אייגענע הענד. די קאָלאָניסטען האָבען זיך אָנגעהויבען סאָרטירען, יעדערער האָט זיין גלייכען געזוכט... דער ז ר ז ר איז זיך צום ע ו ר ב געגאַנגען... ס'האָט אָנגעפאַנגען דאָס בייטעניש. מ'האָט געוועקסעלט די גרופּעס, געטוישט די לענדער, געביטען די שכנים. יעדערער האָט נאָר געזוכט צו בייטען!

אפשר זאָלען מיר גאָר גלויבען שפּינאָזאַ'ן, וועלכער דרינגט, דאָס עס איז בכלל גאָר־נישטאָ, אַז עס עקזיסטירט ניט קיין אייגענער זעלבסטשטענדיגער ו ו י ל ע ן, מחמת יעדער ו ו י ל ע ן קומט פון אַ פריהערדיגען ו ו י ל ע ן?

יעדענפאַלס דאַמאָלס האָבען אַלע ג ע ו ו א ָ ל ט און ג ע ב י ע ט ע ן.

איך האָב אויך אויסגעביטען די פריהערדיגע גרופּע 43, פונ'ם דיסטריקט אַלגאַראָבאַ־טשיקאַ, אויף דער גרופּע 55, אין אַליסע. אין סאַמע־צענטער פונ'ם דיסטריקט.

נייע מענשען — נייע זיטען. אונטער אַ פרישער, נייער אַטמאָספערע בין איך געקומען.

אַ ל ג אָ ר אָ ב אָ און אַ ל י ס ע, זיינען געווען צוויי באַזונדערע שטחים ערד און האָבען אויסגעזעהן, ווי צוויי פאַרשידענע שבטים וואָלטען זיי באַוואוינט.

"י ה ו ד ה ו י ש ר א ל". — האָבען אונזערע תלמודיסטען, ב. ראַבינאָוויטש און ל. ניסענזאָהן, זיי אַ נאָמען געגעבען.

אין אַלגאַראָבאַ האָבען זיך קאָנצענטרירט כמעט אַלע אָרטאָדאָקסישע אידען. אידען מיט שעהנע בערד, ניט גערירט חלילה אַ האָאָר.

בעלי־בתים, ביי וועלכע ראזשינקעס־וויין אויף קידוש און א שטיקעל סאבאלא־פיש אויף שבת, איז פון די גרעסטע נויטבע־דערפעניסען געווען... זיי האבען מעהר געקוקט אויפ'ן דאווענען, ווי אויפ'ן אקערן...

צוויי הויפט־גרופעס זיינען אין אלגאראבא געווען. איינע אין "אלגאראבא־טשיקא" און די אנדערע אין "אלגאראבא־גראנדע". זיי האבען דעם טאן געגעבען אויף דער גאנצער סביבה.

אין דער ערשטער הויפט־גרופע, אין "גרויס אלגאראבא", האט געוואוינט רבי ל י י ב ד י נ ע ר, דער פאטער פון א גרוי־סער גאטספארכטיגער משפחה, מיט א סך זיהן, גוטע ארבייטער, נור אונטער זעהר א שטרענגער, ארטאדאקסישער דיסציפלין. יע־דען טאג האט ג ע מ ו ז ט זיין מנין. די אקסען אין די פלוגעס געשפאנט, האבען דאכצעד שוין געוואוסט גענוי די צייט וואס זיי דארפען שטעהן און איבערוואַרטען דעם דאווענען... ערשט ביי ק ד י ש יתום, פון נאך ע ל י נ ו ל ש ב ח, האבען זיי אויפ־געהערט צו מעלה־גרה'ן, האבען מיט זייערע תמ'עוואטע אקסענע אויגען אריינגעקוקט אין שוהל־אריין און אנגעהויבען שלעפעריג שטעלען פיס, אויספאלגענדיג דעם "וואמאס!" וואס איז מיט א תהלים ניגון אויסגעשריען געווארען פון די בעלי־תפלה...

פרייטאג נאך האלבען טאג, האבען זיי שוין די ארבייט אוועק־געלעגט. אויף א גרין־געפארבט וועגעלע פון פיער רעדלאך, גע־שפאנט צו צוויי "באזשע" מוילעזלען, איז דער אלטער רבי לייב, מיט אלע זיינע בחורים'לאך מיט די רויטהע בערדלאך, צוגעפאה־רען צום באד פון אלגאראבא.

ווען די אלטער קאלאניסטען זיינען נאך ביי קרישטאלען אין קוזניע, גאר וואכעדיג געשטאנען, ווער שארפענדיג א לעמיש צום פלוג און ווער פארריכטענדיג א ראד צום וואגען; זיינען שוין די בני־דינער, פון באד ארויסגעגאנגען, טראגענדיג א יעדער אין אר־בעל, א קונציג צונויפגעדרעהט לשנגליכע, וויסליכע ראללע, וואס איז פון דער קויטהיגער העמד אויסגעפורעמט געווארען און מיט ביטול האבען זיי געקוקט אויף די אליסער אפיקורסים, וואס לאזען דאס א י ב י ג ע ל ע ב ע ן אזן זיינען זיך עוסק אין ח י י ש ע ה. האט זיך נאר די זון הינטערן אדמיניסטראציאנעם וועלדעל ארונ־

טערנגלאַזען, האָבען שוין די ווייבלאַר, אין ווייסינקע טשעפּיקעס, געבענשט די שבת ליכט און איצע דינער'ס גאַרנעלדינגער־האָלדז, האָט שוין געטריללערט דעם ל כ ו נ ר נ נ ה...

עס איז כדאי דאַ איבערצוגעבען דעם פאָלגענדען עפּיזאָד:
אַ שאלות־תשובה האָבען זיי געשיקט צו רבי יצחק אלחנן ספּעקטאָר, דעם גאון פון קאָוונע.

די שאלה איז געווען איבערן פויען דעם סקאָט אום שבת.

אזוי ווי קיין ווינט־מיהלען צום שעפּען וואַסער איז נאָך דאַן ניט געווען, האָט מען געמוזט ארויסציהען דאָס וואַסער פון'ם "כאַגוואויל" — אַ גרויסען ברונעם, בענוצענדיג דערצו אַ פערד. מען האָט "א־לא־סינטשא", ארויסגעצויגען דעם עמער, אנגעגאָסען די קאַראָטאַ און די רינדער האָבען געטרונקען. שבת אָבער, טהאָר מען דאָך ניט רייטען און אפילו אויך ניט פיהרען דאָס פערד ביים צוים, דאַן סתם ביים ארויסציהען דאָס וואַסער. איז דאָך אויך פאַראַן אַ ש ב י ת ת־ב ה מ ת ו. האָבען די פרומאַקעס געפּרופּט הייסען דעם סקאָט וואַרטען ביז נאָך הבדלה.. זיינען דאָך אָבער די אַרגענטינער פיה גרויסע עמי־הארצים, האָבען זיי ניט געוואוסט די מידה פון רבי פנחס בן יאיר'ס עזעל, און האָבען פּראָטעסטירט. גערעוועט, באַפאַלען דעם מנין, געשטערט דאָס דאַווענען... און די זקנים, די עלטערע אַקסען, זיינען גאַר ברוגז געוואָרען און האָבען שוין זונטאָג אויך ניט געוואָלט טרינקען... ס'איז געוואָרען ביטער. איז וואָס־זשע טהוט מען? אמת, אייניגע יונגע לייט זיינען באַשטאַנען, אז דאָס איז נאָך אַ גרעסערע עבירה: ס'איז אן אַ ב מ ל א כ ה. . און אַנשטאָט דעם פערד, אזוי־ארום אליין ארויסשלעפּען פון "כאַגאָוואויל" דעם שווערען און גרויסען עמער וואַסער, אויף אָנפּויען דעם סקאָט. האָט אָבער איינער פון זיי, אַ גרויסער ידען אויסגעפּונען, אז דאָס איז נאָך אַ גרעסערע עבירה: סאיז אן אב מ ל א כ ה...

נו, האָט מען ביי אברהם'ל ראָזענפעלד גע'פּועל'ט, און ער האָט אין העברעאיש די גאַנצע שאלה אָנגעשריעבען, אוועק־געשיקט צו רבי יצחק אלחנן, איהם בעטענדיג דורך מליצה אַ שטיקעל היתר...

אין אַ פּאָאָר מאָנאַט אַרום איז ענטפער אָנגעקומען. אנו טרעפט וואָס דער גאון און צדיק האָט געענטפערט? איהר לאַכט שוין? וואַרט־זשע איהר וועט נאָך מעהר לאַכען!

מען האט צונויפגערופען דעם גאנצען מנין און פאמעלאך האט מען אויפגעריסען דעם קאנווערט. מ'האט ארויסגענומען א ווייס לעדיג פיערטעל פאפיער, מיט דער חתימה און חותם פון הרב רבי יצחק אלחנן פון קאוונע, דליטא.

— גאר לעדיג פאפיער? — האבען איינינע פונ'ם מנין ערשטוינט אויסגערופען. — וואס הייסט־דאס?

רבי לייב דינער האט זיינע שפאקולען ארויפגעזעצט אויפ'ן נאז און האט דערזעהן דריי ווערטער, אנגעשריבען מיט דריבנע אותיות'לאך און האט עס אין איין אטהעם איבערגעלייענט:

„אל תען כסיל...”

— נו, א ליטוואק! — האט דער פרומאק א בורטשע געטהאן אונטער'ן נאז און האט הערביי א געשמאקען ציה געטהון דעם שמעק־טאבאק פון זיין בייהנערנער פושקעלע.

דער ליטוואק ישעיה שאפירא, טאקע זיינער א שכן, איז בעז געווארען:

— פוילישע עמי הארצים וואס איהר זיינט!! נאך א לעק תורה מוזט איהר אנקומען צו אונז!

— ווען איך וויים: — האט איהם מיט כעס געענטפערט דער חסיד יענקעל קאלקער. — דאס משה רבינו איז געווען א ליטוואק, וואלט איך דאס חומש'ל אין מיסט ארויסגעווארפען! — און האט זיך געווארפען צום בריעף אום איהם צוצרייסען...

אין דער צווייטער הויפט־גרופע פון „קליין־אלגאראבא”. האט געוואוינט רב אלטער ראזענצווייג. צעהן זיהן האט ער געהאט, אלע שעהנע, געזונדטע, קלוגע, אמת'ע גיבורים און אויך פלייסיגע ארבייטער. אלע זיהן מיט'ן פאטער, האבען פארנומען די גרופע 49.

די גרעסטע דעה־זאגער, זיינען די דאזיגע צוויי גרויסע, פיינע, פרומע משפחות געווען אין דער סביבה, און זיי האבען זייער השפעה אויסגעאיבט, איבער אלע קלענערע גרופעס פונ'ם אומגעגענד.

אלע כשרה, פשוט'ע אידען, וואס האבען נעבאך מעהר ווי דאס ביסעל צעגרייזיגטען דאוונען פון דער היים ניט מיטגעבראכט, האבען מיט יראת הכבוד, געקוקט אויף דיזע צוויי הויפט משפחות, וועלכע היטען שטרענג אונזער אידישען גייסטיגען אוצר און זיינען נאכגעגאנגען זייער'ע טריט...

אין אלגאראבא האט זיך קיינמאל ניט ארויסגעזעהן קיין אייגענער ווילען, קיין זעלבסטאכטונג האט מען דארט קיינמאל ניט באמערקט. אזעלכעס האבען זיי ניט פארמאגט און אויך קיין בעגריעף געהאט פון זעלבסט־ווירדע. זיי האבען דעם מרה־שחורה׳דיגען גלות־מאנטעל שטארק צוצויגען און זיך איינגעוויקעלט אין איהם. האבען געדאווענט און דעם קאפ געבויגען פאר יעדען תקיף. יעטווידער גארנישט, האט זיי רק טובות געטהון...

די אדונים פון דער יק״א האבען דארט זייער ממשלה שטארק אויסגעשפרייט און דעספאטיש געפיהרט. דארט האט מען די קאלאניסטען ממש אין פנים געשפיגען און זיי כסדר דערמאנט, אז זיי זיינען שנארער און דאס זיי לעבען אין גאנצען אין זכות פון די נאטשאלניקעס... אפילו איצט, נאך א משך פון א דריטעל יאהרהונדערט, פיהלט זיך נאך אין יענעם טהייל פון דער קאלאניע, דער אלמער גלות־שימעל. איהר טרעפט נאך דארט גרופעס אהן איין בוים. אהן א סעדעל, א גערטענדעל, א וועלדעל... דארט שטעהען איינגעהויקערטע הייזקעס, אין וועלכע ווענט עס ליגט נאך אלץ די זעלבע בלאטע, וואס מען האט אהין אריינגעשטופט צוריק מיט דרייסיג יאהר... נאקעטע קוקען דארט ארויס די פארזשאווערטע דראטען און גיבען ווי אנצוהערעניש, דאס דיזע אלטע, אפגעלאזענע, פארנאכלעסיגטע און פארוואגעלטע נחלאות, מ ו ז ע ן איבערגעהן אין פרעמדע הענד...

די העלפט פון יענע פעלדער, געפינען זיך שוין טאקע איצט, אין גוי׳אישע הענט!

אט אזוי האט אויסגעזעהן אלגאראבא — א טהייל פון אונזער קאלאניע.

דער צווייטער טהייל פון קאלאניע — אליסע. איז אין אלע הינזיכטען געווען דער היפוך. דארט האבען זיך קאנצענטרירט די אינטעלעקטועלערע עלעמענטען, די בעסערע קרעפטען, דער עסענץ פון מאאוריציא. מענשען מיט א ברייטערן קוק אויפ׳ן לעבען, פריי געזאנענערע, מיט מעהר מוח ווי הארץ... מעהר עבודה ווי תפלה... די אקסען פון אליסע האבען קיין מנין ניט געזעהן. הגם ס׳איז געווען א פיינע שוהל; — קיין רבנן קדיש האבען זיי קיינמאהל דארט ניט געזאגט... דערפאר אבער, זיינען דארטען קיי־

אנאפאבעטען אויך נישט געווען. אין גאנצען דריי.

די קוואליטעט פון דער ערד גופא, איז פיליכט אין אליסע אויך געווען בעסער ווי אין אלגאראבא. שטענדיג זיינען די קאסעטשעס אין אליסע רייכערע און גרעסערע געווען.

אין דיזען מהייל, האבען זיך פארקליבען די בעסטע ארבייטער, אבער אויך די גרעסטע און פייערדיגסטע רעבעלען.

דער מיטעלפונקט פון דיזען דיסטריקט, איז געווען די גרופע 67 — די "קינסע", אדער די פופצעהן "ראנטשאס". לאפין האט עס א נאמען געגעבען: מ א ס ק ו ו א. דארט האבען גע־וואוינט אלע שארפע פאליטיקער. אלע בונטען געגען דער אדמי־ניסטראציע, זיינען דארט אין מאסקווא, אויסגעפלאנעוועט געווא־רען.

די לעבהאפטסטע, שעהנסטע גרופע פון דער קאלאניע איז עס געווען. אלע פופצעהן הייזלאך זיינען אבגעפארבט געווען מיט א ראזאווע־קאליר, א שווארצען פאס אונטען און בלויע ווינקלען. די מהירען און פענסטער — גרין. דארט זיינען געשטאנען זיעבען אנטקעגען זיעבען הייזער און איין הויז א גרויסע, וויים־בלויליך אפגעקאלכט, אין דער מיטט, צווישעןביידע שורות. — דאס איז גע־ווען די שולע און שוהל, וועלכע האט מיט פיעלע פענסטער ארויס־געקוקט און ווי צוגעשמייכעלט צו די, פון ביידע זייטען, פאר־פלאנצטע גערטנער און צו די יונגע בוימלאך, וואס האבען איהר צו־געגעבען א גן־עדן חן...

אין דרום און צפון פון מ א ס ק ו ו א, זיינען אויסגע־שפרייט געווען ווי צוויי אדלער פליגלען, די צוויי בעלעבטע, רוי־שענדע גרופעס, 68 און 66 — דאס א כ ט ע ל און דאס ז ע ק ס ט ע ל.

אממיינסטען שעהן, גרין, מיט בלומען באפוצט, איז געווען ד א ס א כ ט ע ל. אין יענער גרופע האט געוואוינט דער, פיעל מאהל ער־אינערטער בוזי שאראגראדסקי, איינער פון די הויפט מנהיגים און טאן־געבער. א יוסטער בעל־הבית און דערצו, א זעהר געניטער לאנד־ווירטשאפטער. נעבען איהם, זייט ביי זייט, רעכטס, איז געווען די הויז פון זיין שכן, דעם קלוגען און כיטרען ליטוואק, מארקוס גליק, און לינקס, איז געווען די שטוב פון דעם שטילען, שוויינזאמען

נאָר טיעפזינגען ניסענבוים, דאַן ווייטער די פון בן־ציון פערדער. דיזע פיער קאָלאָניסטען, זיינען פאררעכענט געווען פאר די בעסטע ערד־ארבייטער פון דער קאָלאָניע. זאָגאָר נאָך היינט, זיינען זיי אויך פון די פעסטעסטע קאָלאָניסטען. האָבען ערצויגען אַ דור פון געלעהרנטע, פלייסיגע אַגריקולטאָרען און פיהציכטער, וועלכע זיינען איינגעוואָרצעלט און פערגרונטעוועט אין דער קאָלאָניע.

איך קען ווייטער דעם המשך הסיפור ניט געבען, איידער איך וועל דאָ בקיצור ניט אָנריהרען די פיינליכע, שמערצהאַפטע עראייגנים. וואָס האָט פאַסירט דעם פיערטען פונ׳ם אַ כ ט ע ל, דעם קאָלאָניסט פערדער.

נאָך דרייסיג יאָהר פון שווערער האָרעוואַניע און פלאַגענעש, האָט די יק״א, דורך דער פערמיטלונג פון דער גערעכטיגקייט (?), דיזער משפחה ארויסגעטריבען פון ז י י ע ר וואוינונג און פאר זיך צוגענומען זייער נחלה מיט אַלע בנינים, וואָס זיי האָבען פאר דער צייט אויפגעשטעלט. פאַרוואָס? ווי אַזוי? דיזע איינצעלהייטען וועט איהר טרעפען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלאַך.

די דאָזיגע שוידערליכע עולה, האָט אויפגערודערט דער קאָלאָניע און אויך דער אידישער קאָלעקטיוויטעט פון בוענאָס־אײַרעס. מען האָט עס דערטראָגען ביז אין די גאָר הויכע פענסטער און דאָס אַגריקולטור מיניסטעריום, האָט זיך פאַראינטערעסירט אינ׳ם ענין... זיי האָבען אַ רעגיערונגס אינספעקטאָר געשיקט אין דער קאָלאָניע און אויך דיזער האָט באַשטעטיגט, דאָס די פאַמיליע פערדער איז פון די נאָבעלסטע, ארבייטסזאַמסטע אַגריקולטאָרען פונ׳ם אומגעגענד און דאָס די אַדמיניסטראַציע איז די שולדיגע אינ׳ם סכסוך...

צי ס׳וועט עפעס ווערען דערפון? צי וועט די שאף ניצול ווערען פון די וועלפישע צייהן? דאָס ווייס איך דערווייל ניט! גיכער אַז ניין...

נור לאָמיר פאַרטזעצען די ערצעהלונג פון די ערשטע פרעהליכע יאָהרען; איהר וועט נאָך צייט האָבען זיך אַנצוזעטיגען מיט די צרות...

אין צפון זייט פון מאָסקוואַ, אין ז ע ק ס ט ע ל, האָט געוואוינט דער שוין עראינערטער בערל ראַבינאָוויטש, די ברידער סווערדליק און אויך די זעהר גרויסע, ארבייטסזאַמע משפחה שענקערמאַן, וועלכע באַזיצט גאָר אַ גרויסען שטח קולטיווירט ערד,

וואָס ציהט זיך ביז סאַן כּואַן, די גרענעץ פון קאָלאָניע מאַאוריציאַ.

דיזע צוויי גרופּעס זיינען געווען כמעט ווי די רעכטע האַנד ביי "מאָסקווא".

אַנטקעגען, אין מזרח־זייט פון די דריי גרופּעס, אַ 2500 מעטער ווייטער, האָט זיך געצויגן אין אַ לאַנגער 1500 מעטערדיגער שורה, די גרופּע 61, אָדער ד אָ ס נ י י ע נ ט ע ל, די שורה "על חטא", ווי די אַלגאַראַבער פּרומאַקעס האָבען איהר אָנגערופען; — דיזע ליניע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער הויז פון'ם געלעהרטען ניסענזאָהן און נאַכהער האָבען זיך געצויגען די שטיבער פון די משפחות: קווייטעל, רעזניק, באַלאָטניקאָוו, סעגאַל און וויינגאַסט און די שורה האָט זיך פאַרענדיגט אין שפּיץ, ביי דער גרויסע געמיינדע שולע, וואָס שטעהט פאַרריסען דעם קאָפּ אין דער הויך און קוקט אַריבער מיט גדלות צום גרענעץ־צו, וואו עס געפינט זיך, שוין צייט אַזוי פיעל יאָהרען, דער רייכער הויף, די "עסטאַנסיאַ" אָדער אימעניע, פון דער מיליאָנערן משפחה, די ענגלענדער דריים־דאַל, וואָס ווייס נאָך אַלץ ניט, פון קיין עהנלּכער ערציהונגס געביידע...

אָט די פיער גרופּעס האָבען אָנגעפיהרט גאַנץ אַליסעך וואָס זיי האָבען דאָרט, אין די "פּופּצעהן ראַנטשאָס", אָפּגערעדט און באַשטמט, האָט די גאַנצע געמיינדע, געמוזט אויספּאָלגען. אַפילו די גרויסע גרופּע, די שוועסטער איהרע, די "דרייצעהן ראַנטשאָס", האָט קיין מאַכט קעגען איהר ניט געהאַט און זי האָט אויך געמוזט בלינד אויספאָלגען און געהאָרכזאַם זיין דער רעזידענץ — מאָסקווא.

לאָמיר אייך פאָרשטעלען די דאַמאָלסטיגע עלצטע, די גלאַוונע אָנפיהרער, די ראשים פון אונזער מאָסקווא.

דריי ענערגישע מנהיגים און מיטהיגע מענשען זיינען די דאָרטיגע ד י פּ ל אָ מ אַ ט י ש ע אָנפיהרער געווען. דער ערשטער ב ר ו ד ג אַ ר פּ י נ ק ע ל, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, אַ מאַן פון אַ זעהר הויכען אידעאַל און מיט פרייען גייסט. ער האָט דער שקלאַפעריי געהאַסט, פונקט ווי דעם טויט. ער האָט די באַרבאַריע אין רוסלאַנד ניט געקענט דולדען, האָט דאַרום דאָרט אַוועק־געוואָרפען רייכטהום, איבערגעלאָזען אַן אַדעליגע גרויסע פאַמיליע, געגומען זיין פרוי, — אַ בת יחידה פון רייכע עלטערן, וואָס

איז ערצויגען געוואָרען אויף סאַמעט און זייד, — און איז געקומען קיין אַרגענטינא אום זיך צו פּלאָגען, גראָבען מיט די באָרוועסע פּיס דעם גאָרטען, מעלקען קיה און האָדעווען עופות...

צום ערשטען מאָהל ווען כ'האָב דער דאָזיגער משפחה דאָ געטראָפען, האָב איך אַדורכגעלעבט אַ גרויסע אויפרעגונג און ערשיטערונג.

דאָס איז געווען אין דער עפּאָכע פון דער "מאַטושקאַ", בשעת ערביל האָט באַפוילען דאָס מ'זאָל קלייבען באַליקע; דאַמאָלסט האָב איך אָנגעטראָפען דער שעהנער, צאַרטער, ברײנע קאַנטאָר, ברוך גאַרפינקעל'ס פרוי, מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, קלויבענדיג אין פעלד, צוזאַמען מיט איהר מאַן, דעם קיזיק...

כ'בין אַוועק אַ זייט און האָב געוויינט און געלאַכט. כ'האָב געוויינט פאַר פּאַרדרוס, וואָס די איידעלע ברײנע, וועלכער כ'האָב גוט געקענט, געוואוסט דאָס זי איז ערצויגען געוואָרען מיט ניאַנקעס און גובערנאַנטקעס, דאָס זי, זאָל דאַרפען אין דער וויסטער פּאַמפּאַ צונויפשאַרען קוה־מיסט... איך האָב אָבער דערביי אויך געלאַכט פאַר פרייד, ווייל ס'האָט מיך הנאה געטהאָן צוזעהענדיג, דאָס עס געפינען זיך ביי אונזער פאָלק מענשען מיט אַזוי פיעל ענערגיע און מוטה, זיינען בערייטה אַלעס צו אָפּפערן, פערגעניגען, וואוילטאָג, עשירות — בלויז אום אַן אידעאַל צו דערגרייכען.

ברוך גאַרפינקעל מיט זיין פרוי האָבען אין קאָלאָניע געדיענט אַלס מוסטער און אַלס ביישפיעל, איבער דער מעכטיגקייט פון דעם אידעאַל פאַר פרייהייט און ערד־אַרבייט. — שפּעטער האָט אַ שרעקליכער אַקצידענט געטראָפען מיט דיזער ברײנע'ן, איבער וועלכען כ'וועל נאָך רעדען.

ברוך איז געווען דער קאָפּ פון די "קינפּע ראַנטשאָס". אַזוי צו זאָגען: דער פּרעזידענט, און ער האָט צו יענער צייט, ווי אַ קאַפּיטאַן דיריגירט די געזעלשאַפטליכע שיף.

דער צווייטער איז געווען מ אָ ז ע ס  ל ע מ ב ע ר ס ק י, אַ פייערדיגער טעמפּעראַמענט. האָט געהאַסט דער אַדמיניסטראַציע מיט זיין גאַנצער ריינער נשמה. אַליין האָט ער געשטאַמט פון די קיעווער גדולים און האָט אויף זיך קיין שום הערשאַפט ניט געוואָלט טראָגען... יעדען אַדמיניסטראַטער האָט ער אָפענבאַר זיין באַנדיטסטווא אין פנים געשליידערט. אויף יעטווידער אסיפה, האָט מען זיין

מעכטיגען, פראטעסטירענדען קול געהערט. די אדמיניסטראציע האט איהם רעספעקטירט פאר זיין פלייסיגער ארבייט. ער און זיין פרוי קלארא, האבען געפיהרט אזא גראסארטיגע בעל־הבת׳ישקייט, וואס האט אלס חידוש געדיענט אין דער גאנצער קאלאניע.

דער דריטער מנהל איז געווען דער רוהיגער שלמה ראזענוואסער. א טיעפער, גרויבליכער געלעהרענטער איד, מיט צועפענטע, גרויסע, קלאהרע, תמימות׳דיגע אויגען. זיין הויפט־ארבייט איז געווען, צו בארוהיגען און איינשטילען די ערשטע צוויי, ווען יענע האבען, ווי מיט צעשמאלצענער לאווא געשפיגען אויף דער שקלאפישער הנהגה פון די מושלים... ער פלעגט זיי איינגעהמען, בארוהיגען און פאר־היטען, דאס זיי זאלען קיין איבעראיילטע, היציגען שריט ניט מאכען...

אין "מאסקווא" האט זיך א גאנצע קאנצעלאריע געפיהרט. דער אלטער, געלאסענער, זיידעל גירסטעל, א קאלאניסט וואס האט גע־האט א זעהר שעהנע האנדשריפט, האט די קארעספאנדענץ פון דער דאזיגער ביורא, פינקטליך געפיהרט.

דיזע פיער קאלאניסטען, זיינען די באוועגונגס־קראפט פון יע־נער צייט געווען.

אין "מאסקווא" האבען זיי נאך פארמאגט א מין עלעקטרישען פונק, וואס אויף זייערען א וואונק, פלעגט זיך דיזער פונק אנצינ־דען און בעלייכטען גאנץ אליסע. מיכל קאדנער האט ער געהייסען. א יונגערמאן, א הויכער, א גיבור, מיט א זעהר ווארימען אידישען גייסט. ביי יעדער כלל׳ישער טהעטיגקייט, איז ער שוין אויפ׳ן פערד געזעסען און ווי א ווינט זיך דורכגעטראגען דורך אליסע, בא־זוכט אלע גרופעס, יעדען אויפגעמונטערט, אויפגעברויזט און אלע־מען צוזאמענגעבראכט אין די "פופצעהן הייזער". וואס ס׳איז דארט אויף דער אסיפה באשטעטיגט געווארען, דאס איז פארבלי־בען א חוק ולא יעבור...

# מיר באפעסטיגען זיך אין דער נייער היים.

מיין נייע גרופע 55 אויך די גרופעס 54, 56 ביז 59, וואס האבען זיך געצויגען אין דער לענג, אויפ'ן תחום פון אלגאראבא, זייען געווען אונטערטהעניג צו "מאסקווא".

ניט איין שבת־צו־נאכטס, האבען מיר דארט אין הייסע דעבאטען און דיסקוסיעס די גאנצע נאכט פארבראכט און אלץ זיך בעראטהען, ווי אזוי־ארום אונזער נייע־היים איינצוארדנען.

איך זאג: "נייע היים", ווייל מיט לאפין'ס דיקטאטור, מיט זיין אייזערנעם "ביט פא־סעמו!", אבער אויך דאנקענדיג זיינע אויסגערעכענטע פלענער און זיינע ארגאניזאטארישע פעהיגקייטען, איז ערשט ביי אונז באפעסטיגט געווארען דער געדאנק, דאס דא, אין דיזען פרייען לאנד, איז אונזער היים. ער, דער דורכגעטריבענער ליטוואק, האט געוואוסט, ווי אזוי צו דרעסירען דער גרויסער בלינדער חיה, וואס רופט זיך *המון*. מיט גוטען און דורך איבערצייגונג, האט ער די קאלאניסטען געוואוינען און האט זיי אויפגעקלעהרט, דאס מען *מוז* גאר זעהן וואס שנעלער צו פערלאנגען פון דער יק"א קאנטראקטען אויפ'ן לאנד, מחמת דער ערגסטער קאנטראקט, איז דאך אלץ בעסער ווי *גאר קיין* קאנטראקט ניט!...

— טרויט ניט צופיעל דער פראנצויזישער איידעלקייט! — פלעגט ער זאגען פארטרויליך צו די יחידי סגולה. — זיי האבען ניט איבעריג ליעב דעם רוסישען אידען.

מיר האבען איהם פארשטאנען און נאך א קליינער רעפארמע אין די פריהערדיגע קאנטראקטען, האבען מיר גע'חתמ'עט די "פראמעסא די ווענטא", דאס הייסט, דעם *פארשפרעכען פון פערקויף*, וואו עס איז איינגעשריבען געווארען די קאנדיציעס, אז מען דארף דאס לאנד אויסצאהלען אין א טערמין פון צוואנציג יאהר, מיט א צוזאץ פון 5 פראצענט יעהרליך.

— טא וואס ווילט איהר נאך? — האט לאפין גע'טענה'ט. —

די ערד איז דאך שוין אייערע, פאמיעסטשעקעס זיינט איהר! איהר זיינט נאר שולדיג אויף דער אימעניע אביסעל געלד! טא איז וואס פאר אנ׳אומגליק שטעקט דערביי? א הונט איז קיינעם גאר ניט שולדיג, — א מענש איז אימער עפעס שולדיג אימיצען!...

אין אמת׳ן געזאגט: דאמאלסט ווען מיר האבען די קאנטראקטען דורך לאפינען באקומען, האט מען זיך עפעס זיכערער געפיהלט.

איך געדענק ווי מיט׳ן קאנטראקט אין האנד, בין איך נעבען שטוב פון פערד אראפגעשפרונגען און פרעהליך אויסגעשריען צו מיין פרוי און צו די קינדער:

— נאט זעהט! אט איז הער פלאן אויף בלוי־פאפיער אויסגעצייכענט: אנגעוויזען די שטוב, דער גארטען, דעם קאראל, די קאמונאלע "פאטרערא". אט אויף דעם ווייסען בייגען פאפיער, איז כתוב וחתום פון בארא‌נס נאטשאלניקעס, דאס אלעס איז אונזערס, אייגענס. מיר וועלען ארבייטען און די צעהן טויזענד פעזאס אויסצאהלען אין די צוואנציג יאהר. מיר וועלען זיין אייביגע בעלי־בתים אויף אייגענער ערד און נאך אין אזא פרייע לאנד!

די שמחה האט אונז אלעמען ארומגעכאפט. דאס לעבען איז עפעס געווארען זיס, ליעב. די זון, געדענק איך, האט עפעס דאמאלסט מיט אזוי פיעל גלאנץ און פראכט געשעמערירט, אז עס האט זיך אזש טאנצען געגלוסט. מיר האבען גענומען אונזער מיידעלע, נאניע, וועלכע האט געשפראכען דייטש און זעהר שעהן געטאנצט... זי אויפ׳ן טיש ארויפגעשטעלט, איהר צוגעזונגען, צוגעפליעסקעט, און זי האט מיט די בארוועסע פיסעלאך געטאנצט און צוגעבאמקעט דייטשמעריש.

יעדער קאלאניסט האט זיך דאן עפעס פעסטער און גליקליכער געפיהלט. מען האט באקומען מעהר לאנד, בהמות און מ׳איז געווען צופריעדען.

ווער שמועסט איך מיט מיין פאמיליע, בין גאר גליקליך געווען אין דער נייער גרופע 55. מיר זיינען פשוט צעשמאלצען געווארען פאר שמחה, וואס ס׳איז אונז ענדליך געלונגען פטור צו ווערען פונ׳ם ביטערן שכן פ., וואס מיר האבען געהאט אין דער גרופע 43.

איך וויים, איהר וועט ציהען מיט די אקסלען: וואס הייסט? וואס איז שייך אויפ׳ן לאנד א שלעכטער שכן? דער פלאטץ איז

ענג? צי מען דארף איהם אלע מינוט אויף די טרעפּ באגעגענען? אזוי וועט איהר געוויס דענקען, איהר שטאָדטיגע מענשען! איהר קענט גאר ניט פיהלען דאָס וואהרע ביטערקייט, דאָס גרויזאמע שלעכטעס, וואָס ליגט אין א שלעכטער נאכבארשאפט אויפ'ן קאמפּ! איהר אין שטאָדט, קענט ניט באגרייפען דעם אמת'ן טייטש פון שכן רע. ביי אייך אין שטאָדט, וואו א יעדערער איז אָפּגעצאמט ווי אין א באזונדערן קבר, ווער א שמעלערען, ווער א ברייטערן, ווען עס טרעפט ביי אייך, דאָרט, א שלעכטער שכן וועלכען איהר ווילט ניט זעהן, איהר ווילט איהם ניט אָנקוקען און ווינטש ער זאָל צו אייך אין הויף ניט אריינבליקען, — הויבט איהר אויף העכער די ווענט, נאָך א מאָה ציעגעל און פאַרטיג... ער קען שוין אין אייער גבול ניט אריין...

גאנץ אנדערש איז דער שכן רע אויפ'ן פרייען פעלד. ער וואוינט ווייט פון איינעם און איז דאָך אזוי נאָהענט! בלויז א מעזשע, א קריץ מיט'ן פלוג, אָדער א סולעפּקע, צייגט דעם גרענעץ צווישען איינעם און דעם אנדערן; — אפילו קיין אלאמברע איז נאָך יעמאָלט ניט געווען! מען פארהאָרעוועט דאָס שטיקעל לאנד, גאָט גיט איינעם די ברכה, עס וואקסט שעהן, א מחיה; די צוקונפט שמייכעלט צו איינעם מיט זיכערער חיונה... נו, קומט דער שכן רע און פארגינט עס ניט, לאָזט ביי נאכט ארויף זיין סקאָט אויפ'ן פּאָסיעוו, אָדער אויפ'ן גאָרטען — און זיי פרעסען אלצדינג אָפּ, צוטרעטען דאָס רעשט און מען ווערט בע'גזל'ט פון דער האָפנונג אויף א קיילעכדיג יאָהר! ביטער ווי דער טוידט איז דאָס איינזאמקייט אין פעלד: אבער נאָך ערגער און שלימער, איז די נאכבארשאפט פון א שלעכטען מענשען!

— איהר האָט געווס געליטען פון סעניאָר פ. ה. און דער גרופּע 43; — האָט מיר לאפּין געזאָגט. — דערפאַר גיב איך אייך גאנצע דריי "קינטעס" אין דער גרופּע 55! פון ביידע זייטען האָט איהר קיין שכנים נישט, און אנטקעגען האָט איהר א ליטוואַק, דעם שוחט קרעלל. גוט, הא? צופריעדען?

מיר זיינען טאקע געווען צופרידען און זיינען עס, ביז צום היינטיגען טאָג.

# שכנים.

דער פאסיעו אויף אונזער נייער גרופע האט זיך ענטוויקעלט פראכטפאל. די שטוב האבען מיר ארומגעפלאנצט מיט בוימער, וואס מיר האבען אויסגעגראבען פונ'ם אליסער וואלד. די שולע פאר די קינדער, איז אין גאנצען געווען א פאאר קילאמעטר פון אונזער גרופע, אזוי אז די קינדער האבען געקענט צוגעהן אהינצו צו פוס, אדערביידע רייטענדיג, צופאהרען אויף איין פערד.

נאר דיזע אלע באקוועמליכקייטען, זיינען כלא נחשב געווען קעגען די גוטע שכנים וואס מיר האבען אין ביידע זייטען פון דער גרופע באקומען.

רעכטס, אויף א מרחק פון 1500 מעטר, איז געווען די גרופע 56. דארט האבען געוואוינט פיער קאלאניסטען, דער סולת, ווי מען זאגט: דאס זעמעל מעהל, דער בחיר פונ'ם געגענד.

דער ערשטער און עלטערער פון זיי, איז געווען י ע נ ק ע ל ע ד ע ל מ א ן, אדער יענקעל חוה'ס. א מאן מיט א ווייסער זקנה. דרייסיג יאהר קען איך איהם און זיין בארד איז נאך אלץ ווייס... דאס איז א יונגער־אלטער, א מענש מיט א זעהר פרעהליכער נאטור. אויף א שמחה איז ער אויך געווען א גוטער טענצער און צו אלעמען, אויך א הייסער איד.

— קאראמבא! דער בראנדעס איז דאך טאקע א רשע! באמונה שלי, איך מוז נאך איינעם פון זיי, אט פון דיזע פאריזער פראנטען נוט אויספאטשען! — דאס איז שטענדיג געווען זיין הייסעסטער באגעהר און זיין ארט אויסשפראך.

עטליכע יאהר כסדר האבען מיר איהם אלס דעלעגאט אויסגעוועהלט צו דער קאמיס אן, וואס האט זיך מתעסק געווען מיט די קאלאניסטישע אנגעלעגענהייטען.

— דווא סלאווא, — מרעטא יא מאגריטש! — פלעגט ער שרייען צום דירעקטאר הירש. — וואס נוצט אונז אייער פאנפעוואטע פראנ-



יענקעל עדעלמאן, אדער יענקעל חוה׳ס.

צויזישע פאליטיק! רעדט קלאהרע ווערטער, הערר הירש!

——— וואס זאגט דער עדעלמאן? — האט דער דירעקטאר אויבערגעפרעגט און געצויגען מיט די אקסלען.

דער צווייטער פון דער גרופע איז געווען מ ר ד כ י ו ו י י ס מ א ן א גאליציאנער איד. שטענדיג א צופרידענער. האט קיינמאל צום רבונו של עולם קיין טענות ניט געהאט. ער האט נור ביים כביכול געבעטען, דאס ער ז א ל א י ה ם לאזען צורוה... ער האט געפיהרט א שעהנע שטוב, געפלאנצט א סאד און זיין סעניארע פריידע, פלעגט אונז אפט מכבד זיין, מיט זעהר געשמאקען קארענעם לעקאך.

נעבען איהם אין שכנות, האט געוואוינט זיינער א שוואגער, דער יונגערמאן מ א ז ע ס ר א ז ע ס, א שוואכער קאלאניסט, דערפאר א שטארקער און גוטער זינגער. האט געהאט, א ריינע, קלאהרע, טענאר שטימע, וואס איז פשוט א מחיה געווען צו הערען. דאס איז בכלל געווען א בריליאנטענער מענשעלע.

די דאזיגע דריי, מיט'ן פיערטען י ש ר א ל ש ו ל מ א ן, פון פראפעסיע א שמיעד און א פלייסיגער, פעהיגער קאלאניסט, האבען צוזאמענגעשטעלט דער גרופע 56.

לינקס פון דיזער, איז געווען די גרופע 54, וואס איז באשטאנען פון פינף שכנים, וועלכע האבען בפשטות אנגענומען די פראסטע און שווערע עבודת האדמה, נאר דערפאר וואס דאס איז א כשר'ע פרנסה.

דער הויפט פון דיזע פינף משפחות, איז געווען מ ש ה ל ע כ ט מ א ן, א הויכער, א ברייטבייהנערדיגער, א דעמבע... ער האט געדיענט פאר אלכסנדר דעם צווייטען; א פייערדיגער בראסלאווער חסיד איז ער געווען, און האט געקענט אויסווענדיג "די מעשה פון זיעבען בעטלער", פון רבי נחמן בראסלאווער... שטענדיג האט ער געטראגען א הייסע העמד מיט ברייטע ארבעל און צעבראסטשעט ביים האלדז... ער האט שטארק מקפיד געווען אויף די קאלאניסטען, וואס שיסען אויף די פויגעלאך, בעת זיי פארזוכען דעם וויין.

— די מזונות פון דאס פויגעלע איז אויך פארצייכענט פונ'ם הזן ומפרנס לכל! — האט ער גע'טענה'ט. — און די זערנע וואס איך בעשטימט פאר'ן עופה'לע, וועט סיי־ווי־סיי ניט וואקסען...

אנטקעגען איהם, האט געוואוינט מאטיע פרענקעל, א איד א חלוש, וואס האט שטארק ניט געהאלטען פון דער ארגענטינער קאלאניזאציע און ניט געגלויבט אין איהר עקזיסטענץ. שפעטער איז ער טאקע אוועק קיין ארץ ישראל, איבערלאזענדיג א זוהן אלס שטעלפארטרעטער.

מיכאלאווסקי, איז געווען דער דריטער. א גיבור, א ריעזען שטארקער מענש און קאלאניסט. קיינער האט ניט געקענט אזוי מאנסירען די ווילדע "נאוויזשעס" — ווי ער. הינטער איהם, זיינען געקומען די איבעריגע צוויי שכנים: טעסלער, א ווירקליך פשוט'ר אקערבויער, מיט א פעסטער אמונה אין באראן הירש. איז צו דער ערד־ארבייט איבערגעגעבען געווען מיט לייב און לעבען. דער אנדערער, אהרן קצב, א קאלאניסט וואס איז הפנים פון דער השגחה אליין באשטימט געווארען אייביג צו זיין אנ'עני ואביון... כסדר איז ער ארים ווי דער טויט, הגם וואס ער מיט זיין גאנצער פאמיליע, ארבייטען שווער און ביטער. צו־וואס דען האט משה רבינו אנגעשרעבען אין זיין תורה, כי לא יחדל אביון? אן אביון מוז זיין! כל־זמן עס עקזיסטירט כסף, וועט אביון אויף דעם ארבייטען און ליידען... אפילו צעווישען גאלדגרעבער, זיינען אויך פאראן אביונים!..

אויפ'ן גרענעץ פון אונזערע פעלדער, קיין מזרחית־צפונית צו, איז געווען די גרופע 51, וואו ס'האט געוואוינט לייזער ווילדער, א הויכער ברונעט, שטארק באוואקסען מיט א זעהר ברייטער, פעד־שווארצער באָרד און מיט קלוגע ארומלויפענדע אויגען. דעם קאמפ האט ער געארבייט, ווי מען זאגט: לשם יחוד: אלעם איז ביי איהם געמאכט געווארען אפגעוואויגען און אפגעמאסטען. א מעלגע האט ער געקענט אפציהען גלייך ווי אנ'אויסגעצויגענע סטרונע. דער גלאנץ ביי די לעמישעס פון זיין פלוג, האט זיך אפגעשפיגעלט אויף א קילאמעטער די ווייטקייט.

—ער איז אנ'אמת'ר "חאזאיעו". — האט אויף איהם לאפין געזאגט.

דער צווייטער איז דארט געווען וואלף אדעסקי. א טאטע פון א כך זכרים. יעדער איינער האט א באזונדערע "באמביזשא" מיט א מאטע־טעפעלע געהאט, און דריי מאהל אין טאג, ביים מאטע טרינ־

קען, האט איהר דארט געקענט זעהן א גאנצען מנין, שטעהענדיג מיט בלעכענע באמביזשעס און ציהענדיג די געשמאקע "זשערבא", שי־טענדיג דערביי צוקער — אויף גאטס בעראטה. נאר ארבייטער זיי־נען זיי ווי די טייוואלים געווען! ביי נאכט, האט מען מיט דער לבנה געאקערט; בעת די איבעריגע שכנים, דוד נעמיטשעניצער און מאזעס כהן, זיינען אויפגעשטאנען פונ׳ם שלאף, האבען די אדעס־קי׳ם שוין די צווייטע "איזמעניע" אקסען איינגעשפאנט. דערפון האט זיך אין דער גרופע צעפלאקערט א גרויסע קנאה, וואס איז שפע־טער פערוואנדעלט געווארען אין א פארביסענער שנאה.

די דאזיגע דריי נאהענטע גרופעס, אונזערע שכנים, האבען אונז פיעל פארבעסערט און כמעט ווי פארזיסט דאס קלעגליכע געזעל־שאפטליכע לעבען, וואסער מאנגעל עס האט זיך אנגעהויבען שטארק פיהלען. די גאנצע וואך איז מען פארמאראראמעט געווען מיט "וואַ־מאס קאשטאניא! וואמאס רוואויא! וואמאס גאריבאלדי!" — די אק־סען האבען צייטענווייז געפאלגט, זיינען געגאנגען. אפטמאל האבען זיי זיך איינגעשפארט, טאקע ווי אנ׳אקס קען, און כאטש צוריים זיך שרייענדיג און שטורכענדיג מיט דער "פיקאנא" און זיי שטעלען מיט קיין פוס, ריהרען זיך ניט פונ׳ם ארט.

נאר ווי־אזוי עס איז שוין צוגעגאנגען דאס קנעלען א גאנצע וואך מיט די אקסען־קעפ, האט מען אבער געלעבט מיט׳ן חיות פונ׳ם שבת.

גאנץ־פריה, באלד נאך מאטע, איז מען זיך צוזאמענגעקומען צום מנין ביי יענקעל חוה׳ס. דארט האט מען געדאווענט, פון פאליטיק געשמועסט און אפטמאל געשעפט געמאכט. דאס הייסט: מען האט גע׳חליפינ׳ט, אויסגעטוישט אין פארביטען "מאנדזינין", דעם "צור־קע"־אקס, אויף "נאפאלעאנען" — דעם קליינינטשקען, שארפען אויער־עקסעל. צייטענווייז גאר שידוכים געשלאסען... שמואל טעפלער פון 54, האט זיך משדך געווען מיט יענקעל שרעלמאן, פון 56... נו, איז שוין געווען קידוש און מען האט ברידערליך פער־בראכט.

שבת ביי־טאג, האט מען זיך פארזאמעלט אין די צוויי שעהנע וועלדלאך, וואס האבען אנגעהערט צו וויסמאנען און ראזעס׳ן. אהין איז מען שוין געקומען מיט די פרויען און קינדער. דארט פלעגט

שוין אויך ניט פעהלען אברהם ראזענפעלד פון דער אנטקעגענדיגער שולע, וואוהין ער איז אויך מיט אלע זייניגע געקומען און מ'האט דארט געפראוועט קאנצערטלאך.

אברהם'ל האט אויף יעדען באזונדער, אנאנדער מין ברחנות גע־זאגט: גראמען און וויצען האט ער פונ'ם ארבעל געשאטען און אלע האבען זיך געקאטשעט פון געלעכטער... די מיידלאך פלעגען זינגען און צווישען די אלעען פון די פראטפאלע וועלדלאך, — פון וועלכע ס'איז שוין היינט קיין זכר ניטא; — האט מען זיך טאנצען מעלעה־רענט. מען איז פשוט ענטציקט געווען, ווען די קינדער האבען שוין מיט אלע פיסטשעווקעס געקענט אויסטאנצען דעם ארגענטינער "על גאטא"!

פרעהליך האט מען דאמאלסט די שבתים פערבראכט. ארים, האלב־נאקעט און דאך לוסטיג און מונטער! ס'איז ערפילט געווא־רען דער: הוליע קבצן!

בעת איך זיץ איצט און שרייב און עס טויכט מיר אויף אינ'ם זכרון די פאסירונגען פון יענער צייט, ערוועקט זיך מיר די פראגע: וואס פאר א זעלטענע ברואים זיינען מיר דאמאלסט געווען? פון וויינען צום לאכען, פונ'ם פארביטערסטען יאוש, ביז צום העכסטען עקסטאז פון פרייד און האפענונג, איז ביי אונז געווען איין טריט: אנ'אומבעדייטענדער איבערגאנגם פאזים איז עס געווען!

אט האט אנ'אקצידענט פאסירט: א גאאוטשא האט אימיצען פון אונז דערשטאכען; אדער אזוי עפעס א קאטאסטראפע איז געשעהן: די ווילדע נאטור האט א בושעווע געטהאן; אדער א שלעכטער, פאר־דארבענער אדמיניסטראטער איז אלס מושל אנגעקומען: איז באלד ביי יעדען איינעם אויפגעריהרט געווארען דער מארד, און ס'האט זיך תיכף ערוועקט דער היים־וועה. פון וועלכע יעדער עמיגראנט ליידעט יאהרען־לאנג: שנעל האט זיך פארשפרייט דער פעסימיזם: אלעם האט אנגענומען א שווארצען פארכמורעטען אויסזעהן און דאס בענקשאפט האט ביים הארצען גענומען נוגען.

— א היים! לאמיר אנטלויפען! ניט דא איז פאר אונז דער פלאטץ! — האט מען פון אלע זייטען געשריען.

ווי נאר דער שטורם איז פאראיבער, דאס בלוט פונ'ם הרוג איז פארטריקענט געווארען, דער בעזער מושל איז אוועק — און די זון

האָט אויפגעשיינט: איז ווידער פרעהלאך, לעבהאַפט, לוסטיג און מונטער. אַלע צרות ווערען פארגעסען; די צוקונפט שיינט; דאָס לעבען לאַכט און לאַכט און ס׳ווערט זיכער, אז דא איז אונזער היים: דאָס נייע גאָלדענע פרייע היימאַטה!

אָט אזא געפיהלען־וועקסלונג, האָט געהערשט צו יענער צייט כמעט אין אַלע אידישע קאָלאָניען אין ארגענטינא, און טהיילוויז ווערט עס איז זעלבען איבערגאנגס־צושטאַנד, פון יאוש צו בטחון, אויפגעהאַלטען ביז היינטיגען טאָג.

נו, פרעג איך מיך כסדר: ווי האָבען אזעלכע צוויי עקסטרעמען, אזוינע צוויי פארשיעדענע יסודות, זיך אויפהאַלטען אין דער זעל־בער נשמה? איז דאָס עפּעס א מין נאַטור מיסטעריע? איז דאָס די מעכטיגע לעבענס־קראַפט: דער אינסטינקט וואָס זארגט־זיך פאַר זעלבסטערהאַלטונג, פאַר דער עקזיסטענץ! דאָס מוז זיכער זיין אָט די געטליכע קראַפט פון דער פארגעסענהייט. די שכחה — אָן אַלטע געטרייע דינערין פונ׳ם לעבען, וואָס לייגט ארויף איהר אייזערנע האַנד אויף׳ן עבר און זאָגט: "ביט פאַסעמו!" — אזוי מ ו ז עס ז י י ן! פארגעס דאָס פארגאַנגענע און גערדעה ווייטער!..

אונטער די פליגלען פון יהושיע לאַפּין, האָבען מיר אַן אַלע פרי־הערדיגע צרות פארגעסען און הערווייל זיך משמח געווען און גע־לעבט צופריעדען.

דער לעבע־יונג בראַנדעס איז אויך אוועק... אָבער צוערשט האָט ער פארקניפּט אַן אינטריגע צווישען דר. וועקסלער און דער "ביור־רא". דיזע האָט דעם דר. ענטזאָגט. אָבער לאַפּין, וואָס האָט די־רעקט קאָרעספּאָנדירט מיט׳ן באַראָן, האָט ווייזט־אויס, איהם דער־פון מיטגעטהיילט און פון פאַריז האָט מען בראַנדעס׳ן ענטזאָגט פון זיין פּאָסטען... "לאַדנא", אָדער דער אַגראָנאָם נארמאַן, לאַפּין׳ס א קרוב, האָט פארנומען זיין שטעלע און א רוסישער פעלדשער, מאַלענקי, פון קיעוו, האָט איבערגענומען דעם דאָקטער׳ס פּלאַטץ.

הערליך און פּראַכטפאָל איז אָנגעקומען דער זומער. די תבואות אויף די פעלדער האָבען אונגעשטערט געוואַקסען. ס׳האָט גערעגענט אין צייט. דער קלימאַט איז געווען א מילדער און אַלעס האָט מבטיח געווען אויף גערעטענעש. ס׳איז נאָר געווען א שאַד, וואָס פיעלע קאָ־לאָניסטען, צוליעב דאָס בייטענעש מיט די גרופּעס, האָבען ניט אויסגעייעט צו פארזעען קיין סך ווייץ.

# מיר ערווארטען דעם באראן הירש.

איך ווייס ניט וואס פאר א פויגעל, אדער וועלכער ווינט, עס האט די בשורה געבראכט. א קלאנג האט זיך צעטראגען. די מעלדונג איז ווי פון הימעל אראפ און טיעף אריינגעדרונגען אין יעדענס הארץ. "דער באראן קומט!" — האט זיך פון יעדער מויל פרעהליך די מיטהיילונג ארויסגעריסען. יעדעס קינד וואס האט נאר רייסען געקענט, האט די בשורה דערצעהלט: "דער באראן הירש קומט צו אונז!"

— א שיף האט ער אן אייגענע געקויפט! — דערצעהלט אברהם פיקעלני, שטעהענדיג אין דער מיטט פון א רעדעל קאלאניסטען. — ער האט איינגעלאדען די גרעסטע אנטיסעמיטען פון אייראפא: ער צאהלט זיי פאר זעקס מאנאט פענסיע מיט'ן תנאי, דאס זיי זאלען מיטפאהרען קיין ארגענטינא און זעהן מיט די אויגען, ווי די שאבערניקעס, די "זשידעס", בעארבייטען די ערד מיט אייגענע הענד...

דער יונגער ישראל דיניעץ, איז געשטאנען צווישען א סך פיהרען אויף סאמע מיטט'ן וועג וואס געהט נאך קאסארעס, האט אין האנד געהאלטען דעם בייטש און מיט'ן בייטשטעקעל, אויסגעצייכענט אויפ'ן זאמד עפעס א מין "בויגען".

— זעהט קאלאניסטען! — האט ער בעגייסטערט גערעדט. — אט אזא סארט טריאומף־בויגען, דארפען מיר צוגרייטען אויפ'ן טויער פון מאאוריציא, וואו מיר'ן דורכפיהרען דעם קבלת פנים פאר'ן באראן!

דער שוחט אייזעק גלאזערמאן, א היבשער למדן און א חכם, האט צוגעגרייט א נייעם מ י ש ב ר ך: עפעס א סארט, "הנותן תשועה", וואס ער האט פערפאסט לכבוד דעם באראן און האט איהם איינגעזונגען מיט משוררים...

די דעלעגאטען־קאמיסיאן, אונזערע ראשים, האבען פריוואט אפגערעדט, דאס מ'דארף זעהן אויסווירקען ביים באראן, א ריכטיגען

שפיטאל מיט אנ'אייגענעם אפטהעק און מיבעלע רימסקי, א קליין
אידעלע, מיט א גרויסען און קלוגען קאפ, האט גערדרונגען, דאס אויב
בעטען, דאן זאל מען שוין פועל'ן גאנצע צוויי שפיטעלער, — איי־
געם אין דער קאלאניע גופא און דעם צווייטען, א גרויסען איד'שען
האספיטאל, אין בוענאס־איירעס.

— מען דארף איהם זאגען... — האט ער געגוואלדעוועט און זיך
געצופט זיין שיטערע בערדעל: — מ'דארף איהם גוט ערקלעהרען,
דאס א איד קען זיך בשום אופן ניט אויסהיילען און זאגאר רוה ־ י ג
ג י ט ש ט א ר ב ע ן, אין קיין גוי'אישען האספיטאל, וואו די
בארעמהערציגע שוועסטער, שטופען איהם אלע ווייל דעם צלם אונ־
טערן נאז און בענטשען איהם, אינ'ם נאמען פון אונזער אידליק אויס
נצרת!...

אונזערע רעוואלוצ אנערן האבען גאר עטוואס אנדערש גע'טענה'ט:
לויט זייער מיינונג, האט מען חוץ ד י פ ר י י ה י י ט קיין
אנדער זאך ניט געדארפט בעטען... "זאל ער נאר אראפ־נעהמען די
מכה, דעם געשוויהר, וואס הייסט אדמיניסטראציע; אויסמעקען דעם
שאנד־פלעק פונ'ם קאנטראקט — דאס פראצענט; דאן וועט במילא
זיין וואויל און גוט!"

דער הייסגעבאדענער דוד טשערניץ, אונזער שומר ביים גרע־
נעץ פון דער קאלאניע, אט דער דאזיגער ברייט־בייהנענדיגער,
פעטגעבויער מענש מיט די בלוט־פארלאפענע אויגען, דער גיבור
וואס האט שוין מעהרערע גאוטשא'ם דערשאסען און איינעם אין
א געשלעג, מיט זיינע אייזערנע צייהן פשוט דעם נאז אפגעביסען: —
דיזער גאאוטש דרעהט זיך נאך היינט אויך ארום אין דער קאלאניע
און דער חלול פון זיין געוועזענער נאז, איז פארבונדען מיט א טי־
כעל. — אט דיזער גבר־אלום, האט ווי א קינד געוויינט פאר פרייד,
בשעת ער האט דערהערט די בשורה אז דער באראן קומט. מען האט
ממש געמיינט דאס דער מענש ווערט פארוקט פאר שמחה. ער
האט נאר געוואלט צוזאמענשטעלען א סקוואדראן פון בחורים, פון
רינדער...

— מיט די מעסער אין די גארטלען, מיט רעוואלווערן און רעמינג־
טאן־ביקסען, רייטענדיג אויף ברענענדע פערד, דארפען מיר ארויס־
פאהרען אנטקעגען אונזער מלך־המשיח! — האט טשערניץ גע־

שריען. — די יונגענד מיט כלי־זיין אין איין זייט און אין דער צווייטער זייט, די זקנים מיט ספרי־תורות; וועהרענד די מיידלאך און ווייבלאך, זאלען צווישעןביידע רייהען אין דער מיטט, דעם וועג פאר איהם אויסשפרייטען מיט בלומען.

פון זיין מויל האט ווי פייער געשפריצט... פאר עקסטאז, האט ער דאס היטעל אלע מינוט געשליידערט צו דער ערד און דער פאניעשער "מי שברך". האט זיך פון צווישען זיינע צונויפגעקלעמטע צייהן אונאויפהערליך ארויסגעריסען...

מאסקווא, דער מקור פון דער דיפלאמאטיע און די פאליטישע קאמבינאציעס, זיי האבען נאך די בשורה נישט פאנאנדערגעגליידערט און איבער איהר קיין באשלוס נית אנגענומען. נאר ווען די שמחה האט שוין דערגרייכט צו דער העכסטער בעגייסטערונג און די קאלאניע האט ביי די דיפלאמאטען געפאדערט עפעס רעאלעס, פאזיטיוועס, האבען זיך די דאזיגע ע ל צ ט ע געווענדעט מיט אן אנפראגע צו לאפינען און ער האט געענטפערט מיט א צווייידייטיגען שמייכעל:

— אפיציעל איז נאך פארלויפיג נית באשטעטיגט דאס ער קומט, נאר ס'איז מעהר ווי זיכער, אז ער וועט דא זיין! מעגליך דאס באלד נאך דער קאסעטשע, ווי נאר מען וועט האבען דאס ברוידט אריינגעפיהרט אין שייער אדער גאלפאן אריין, — וועט ע ר אנקומען!

געווארט האבען מיר, דאס ענדע מארץ אדער אנהויב אפריל, וועט דער באראן הירש זיין ביי אונז!

אבער דערווייל איז די קאלאניע דאמאלסט געוועזן פול מיט בעגייסטערונג. מען האט פלייסיג און מיט ליעבע, דאס לאנד בעארבייט און מען האט אפגעווארט אויף א גרויסען קבוץ גליות... די זעקס מיליאן אידען פונ'ם צארען־לאנד, וועט מען אריבערשלעפען קיין ארגענטינא און...נאר צו־וואס זאל איך יעצט שרייבען, וואס מיר האבען דאמאלסט געטראכט און געהאפט?

אך, יענע גליקליכע טעג! יענע גאלדענע צייט, וואו איז זי איצט? דאך פארבלייבט זי מעכטיג איינגעקריצט אינ'ם זכרון פון די חלוצים הראשונים. די פיאנירען וועלען קיינמאהל נית פארגעסען יענע צייט, וואס איז געוועזן די בעסטע, די גליקליכסטע און צופריעדענסטע, פון דער דרייסיג יעהריגער קאלאניזאציע! אלעמענס הער־

צער זיינען איבערגעפּיהלט געווען מיט פרייד. די געזאנגען, די פרעהליכע ליעדער, האבען זיך געלאזט הערען יעדען אווענט, כמעט אין אלע גרופּעס. די לופט איז פול געווען מיט'ן ריח שדה, — דער אראמאט פון א גן-עדן... א ווירקליך אידיש-פרייע לאנד!

ביים שיין פון דער לבנה, אונטער דער היגער קיהלער, מילדער לופט, וואס האט ווי געגלעט און געלאסטשעט, פלעג איך ליעבּ האבען מיט מיין פרוי ארומצושפּאציערען; זיך אדורכגעהן צווישען די פארזעעטע פעלדער, וואו די כמעט צייטיגע הויכע זאנגען פון בארלעטא-ווייץ, האבען מיט אנגעבויגענע קעפּלאך זיך איינס צום אנדערן געטוליעט און ווי עפּעס געהיימניספול זיך געשושקעט איבער נאטור און לעבען... אויס די פענסטערלאך פון יענקעל חוה'ס גרופּע, האבען ליכטלאך געבלישטשעט און אין די אויערן האט אפּגעקלונגען די קלאהרע שטימע פון מאזעס ראזעס, וועלכער איז זיך דארט געלעגען ערגעץ אויסגעצויגען אין דרויסען אויפ'ן ווייכען גראז און האט געזונגען צ ו נ ז ע ר' ס "סאכע".

...איך דארף ניט לייהען, בארגען, —
דער מוח דארף נישט זארגען..."

אה, ווי מעכטיג האבען דאן אונזערע הערצער געקלאפּט פון ענטציקונג, שפּאנונג און ערוואַרטונג! אה, ווען דער באראן זאל קומען, ער אליין זאל אלעם הערען; מיט זיינע אויגען אונז אלע, זיינע קינדער — זעהען... ווי טויזענדפאך גליקליכער נאך וואלטען מיר געווען!

אט אזוי, פלעגען מיר פאנטאזירען און אין די אווענדען ארומשפּאצירענדיג, דאס אויפ'ן קול צווישען זיך אויס רייִדען...

## דאָס געדעטענעש פון 1895-96.

עס איז געקומען די ערנטע פון 1895-96. נאָכ'ן איינאָרדנונג פון לאַפּינען, האָט ווידער־אַמאָהל יעדע גרופּע געאַרבייט בשותפות. ביי וועמען דער ווייץ איז פריהער צייטיג געוואָרען, אהין איז די גאַנצע גרופּע איינגוואוינער, מיט קינד און קייטה געגאַנגען און די תבואה פון פעלד אַרונטערגענומען.

דורך אַזאַ סיסטעם פון שותפות'דיגער אַרבייט, איז אַלעס דורכגעפיהרט געוואָרען פּונקטליך און פלינק. ווען עס זיינען נאָר אַ פּאָאַר "פּאַרוועס" צונויפגעלעגט געוואָרען, האָט מען תיכף צוגעבראַכט די דרעשמאַשין און מיט אייגענע אַרבייטער האָט מען די תבואה אויסגעדראָשען.

ווילענסקי, ישראל גערשמאַן און קיילעס, זיינען די ערשטע ציילענדריסטען געווען. שטעהן אויבען אויף דער מאַשין און די סנאָפּעס אַריינגעבען אין "באַראַבאַן", האָבען די מיינסטע שטאָדט־אידען מורא געהאַט; ס'האָט זיי געשראָקען דער שמאַלער שלונג פון דער דרעשמאַשין, וואָס האָט שוין ניט איין האַנד אַריינגעכאַפּט און אָפּגעביסען... ערשט שפּעטער האָבען זיך די אינגערע מענשען אויך איינגעוועהנט און פלעגען מיט חשק געהן אַרבייטען ביים "צילענדער".

פאַר לאַפּין'ס צייטען, זיינען ביי אונז איבערהויפּט קיין פרעמדע אַרבייטער ניט געווען.

— קאָלאָניסטען מוזען אַלצדינג שאַפען מיט אייגענע הענד! — איז זיין מאַטאָ געווען.

— אין דער עקאָנאָמיע ליגט דעם אַגריקולטאָרס עקזיסטענץ און גליק! — פלעגט ער פאַרזיכערן.

מיר האָבען איהם, דעם ליטוואַק, אויסגעפאָלגט און די קאָלאָניע איז שנעל און גליקליך פאַרענדיגט געוואָרען. מיט טריאומף און שטאָלץ, האָט לאַפּין מיטגעטהיילט קיין פּאַריז און אויך צו אַדונים

אין בוענאס־איירעס, דעם רעזולטאט פון דער קאסעטשע.

דאס געדעטענעש פון 1895־6, ד. ה. פון דעצעמבער 1895 אוי
יאנואר־פעברואר פון 1896, האט דורכשניטליך געגעבען צו 7.04
פאנעגעס פונ'ם העקטאר, אויף די פעלדער פון מאאוריציא.

דאס איז געווען די ערשטע רעגולערע ערנטע, וואס אונזערע פעל־
דער האבען ארויסגעגעבען. עס זיינען אמת געווען איניגע, וואס
האבען מעהר ניט געהאט ווי צו דריי־פיער פאנעגאס פונ'ם העקטאר,
דערפאר אבער האבען אנדערע געהאט צו 10־12, און צוזאמען האט
עס געטראגען דעם אויבען אנגעצייגען דורכשניט־סכום.

באלד נאכ'ן דרעשען האט לאפין געמאלדען, אז קיין סובסידיע
וועט מען מעהר נישט געבען:

— אויס "שטיצע" קאלאניסטען! — האט ער אין א דאנערשטאג
פאר א גרויסע קיבוץ אידען אויסגערופען. — זאלען די "פראנצוי־
זען" מעהר די אונזערגע ניט אנרופען שנאררער! די נויטבאדערפטי־
גע, די וואס האבען א קליינע, אדער גאר קיין "קאסעטשא" ניט,
דיזע וועל איך אויסלייהען געלד אויף א בעשטימטען טערמין.

איך ווייס ניט צי ער האט טאקע באמת אזוי ליעב געהאט דעם
רוסישען אידען, אדער ער האט בלויז שטארק פיינד געהאט דעם
פראנצויזישען בעאמטען: אבער שטענדיג איז זיין ווערטעל געווען:

— צרות אם זאלען די "פראנצויזען" זאגען? ארבייטס פלייסיג,
האדעוועט עופות, מעלקט בהמות, פלאנצט סעדער, פארזעצט גערט־
נער, שפארט־אב, לעבט עקאנאמיש — דאן וועט איהר צ ו ז י י־
ניט דארפען אנקומען...

די זקנים, געוועזענע קאלאניסטען פון ענטרע־ריאס, די וואס זיי־
צען אין די בוענאס־איירעסער שוהלכלאך, דערמאנען ניט לאפין'ס
נאמען אהן א קללה אויף די ליפען... זיי קענען איהם ניט מוחל זיין
די גרויסע דעזינפעקציעס, די בלוטיגע אפעראציעס, וואס ער האט
דאמאלסט ביי זיי אין די קאלאניען געמאכט: זיי דערצעהלען אזעל־
כע שרעקליכע גרויזאמקייטען, אזא פארביסענע טיראניי, אז עס פאר־
גלוסט זיך איהם נאכצושיקען א פארדאמונג, א פלוך, פונקט ווי
מען שעלט־נאך, דעם גרעסטען טיראן... נאר ווייס איך וואס א ביג־
טעל אלטע קרעמער, אדער שענקארעס קענען דארט נאכרעדען און
דערצעהלען! ביי אונז — ווי כ'האב שוין געזאגט: איז ער נאך דער

"רייניגונג", גאר א מילדער און גוטער ארגאניזאטער און אדמיניסטראטער געווען. ער האט ווירקליך נור געזארגט פאר'ן וואוילזיין און פאר דער טובה פון דער קאלאניע.

— קאלאניסטען אייער אייגען ברוידט, פון א י י ג ע נ ע ר תבואה-מעהל, דארפט איהר עסען: ראזעווע ברוידט, "קמח אחד" — מאסימע מעהל, און ניט סולת, זעמעל־מעהל, איין אדער צוויי נולנע — האט ער ארייגגע'טענה'ט אין דער קאמיסיאן שטיבעל.

אין יאנואר פון 1896, איז ער געפאהרען קיין בוענאס־איירעס, און ביי דער פירמע "געברידער ברעהמאן עט איבנער", געקויפט א דאמפף־מיהל. האט אינסטאלירט דעם מיהל מיט א מאטאר פון א צעהן פערדען-קראפט און "נאט קאלאניסטען, מאהלט אייך מעהל אויף ברוידט, מאאיס אויף מאמעליגע און גרויפען..."

מיר האבען זיך גענומען פיהלען פעסטער, זיכערער. די שטוב איז געווען א זאטע. מען האט אראפגעפיהרט אין מיהל־אריין פינף זעקלאך ווייץ, א פאאר זעקלאך מאאיס און א היים געבראכט: מעהל, גרויפען און גרייפלאך. זאגאר די יעניגע וואס האבען נאך נישט געהאט קיין אייגענע תבואה, האבען זיי ביי א שכן אויסגעליהען אפאאר זעקלאך ווייץ, ביז לאפין וועט ארויסגעבען די פארשפראבענע הלואה און — זיי האט אויך קיין מעהל ניט געפעהלט... חוץ דעם, איז קעז און פוטער אויך געווען לרוב מיט איינעם ווארט: דאס לעבען האט פרעהלאך צוגעשמייכעלט, די צוקונפט האט פארשפראכען מיט וואהרען גליק און דאס הארץ האט זיך געשמאלצען פאר תענוג. מ'האט פארגעסען אן אלע פריהערדיגע צרות, גלייך ווי זיי וואלטען גאר קיינמאהל ניט פארגעקומען...

און דער עולם האט זיך אייפעריג צוגעגרייט צום קבלת פנים פון בארא!.

68.

## געסט פון פאריז.

אין פעברואר פון זעלבען יאהר, איז פון פאריז אנגעקומען דער דר. קעסיל, אנ'ארצט וואס דער באראן האט געשיקט אויף דר. וועסטער'ס פלאץ. ער האט איבערגעגעבען, דאס מען איז זיכער, אז דער באראן קלויבט זיך צו מאכען די רייזע נאך ארגענטינא.

דעם 4-טען מאַרץ, איז צו אונז אויך אנגעקומען דער סער רייג-האלר, געשיקט פונ'ם באראן אום צו אינסטאלירען א פוטער-פאבריק אין מאאוריציא.

דיזער ענגלענדער האט אויך באשטעטיגט, דאס דער באראן וועט אין גיכען קומען.

אלע האבען עס שוין אנגענומען פאר א זיכערקייט. ס'האט זיך שוין מיין ניט געהאנדעלט בלויז פון א אונקלאהרען קלאנג, אדער סתם א בויך סברה:

— ער קומט! — האבען די קאלאניסטען מיט פרייד איינער דעם אנדערן גראטולירט. — ער וועט אונז אלעם אוועק-שענקען! — האבען אנדערע זיך געפרעהט.

ס'איז א יקרות געווארען אויף קאלך. די ווייבלאך האבען די הייזער פון אינווענינג און פון דרויסען שטארק געפוצט. מ'האט ארום-גערייניגט די הויפען. יונגע-לייט האבען זייערע "פאטראס" געצוואגען, די גריוועס צעקעמט, אפגעפוצט די שפארען פון די שיך און דאס שפאנגעציוג, אום אלעס זאל גלאנצען אין אויג... אומגעדולדיג האט מען אפגעווארט די גליקליכע צייט ווען מ'וועט זיך קענען מיט פראכט ציינען פאר'ן באראן.

דעם 7-טען מאַרץ, פון 1896, זונטאג גאנץ-פריה, זיינען צו אונז אנגעקומען צוויי העררן, געסט פון אויסלאנד: דער דר. זאנענפעלד פון פאריז און פיינבערג, פון פעטערסבורג.

אנפאנגס איז געווארען א געלאף און א געפילדער, מחמת דער יונגער קאלאניסט מאקס רייכעלסאן, א גרויסער וויצלינג, האט אנ-

געצייגט אויפ'ן היכען, עלעגאַנטען דר. זאַנענפעלד און פּאַרטרויט בסוד, דאָס ער איז עס דער באַראָן הירש, נאָר ער וויל זיין אינקאָגני־טאָ, בכדי די קאָלאָניסטען זאָלען איהם ניט באַדערן, נישט דולען דעם קאָפּ... אין אַ פּאָאַר שעה צייט, איז דוכט מיר ניט איין קינד און וויעג פאַרבליעבען. אַלע איינוואוינער פון דער קאָלאָניע, זיינען אויסגעוואַקסען נעבען דער אַדמיניסטראַציע. מען האָט זיך אָבער באַלד דעם אמת דערוואוסט.

אַן אויסטערלישען קבלת פּנים האָט געהאַט דער נידעריגער, פּעסטגעבויטער ה' פיינבערג.

די 148 פרויען און קינדער, וועלכע פיינבערג האָט מיט אַ יאָהר פריהער פון אַדעס אַהערצו אַרויסגעשיקט צו זייערע מאַנען און טאַטעס, ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, זיינען זיי ממש משוגע געוואָרען פאַר פרייד:

— אונזער גוטינקער מלאך! — האָבען זיי ענטוזיאַסטיש גע־שריען. די בחורים האָבען איהם אין דער הויך אויף "הורראַ!" געהויבען און די פרויען האָבען געקושט די ערד וואו ער איז גע־שטאַנען... פון זיין האַלדז איז צופעליג אַראָפּגעפאַלען דאָס זיידע־נע טיכעלע וואָס ער האָט געטראָגען, האָבען דאָס די ווייבער צע־פּיצעלט און די שטיקעלאַך אין בוזים בעהאַלטען...

ביידע, זאַנענפעלד מיט פיינבערג'ן, זיינען אַרומגעפאָהרען אי־בער אַלע גרופּעס, האָבען אַלעס בעטראַכט און פיעל געריהמט די קאָלאָניסטקעס פאַר זייער איינפאַכער קליידונג, — ד. ה. פאַר זיי־ער באָרוועס געהן; — מחמת אַלע פרויען זיינען דאָן ביים שטוב, אַרומגעגאַנגען מיט באָרוועסע פיס...

ענטציקט איז אַממייננסטען דער דר. זאַנענפעלד געוואָרען, בשעת ער האָט זיך געפונען ביי יענקעל חוה'ס אין שטוב, וואו ער מיט פיינבערג'ן האָבען באַקומען צום עסען שוואַרצען, פוכקען ברוידט מיט מילך... ער האָט ליובאַ'ן, יענקעל'ס פרוי, אָפּגעשאַטען מיט קאָמפּלימענטען פאַר דאָס געשמאַקע ראַזעווע ברוידט.

— די פראַנצויזישע פרויען קענען אַזאַ בע'טעמ'טען ברוידט ניט באַקומען — האָט ער פאַרזיכערט.

— "אַך קינדער! — האָט ער שפּעטער געזאָגט אין זיין רעדע פאַר די קאָלאָניסטען. — ווי וועט זיך דאָס דער באַראָן פרעהען

מיט אייך! ער איז אייער פ א ט ע ר און וויל זעהן גליקלאך זיינע ק י נ ד ע ר!... אין דער צוקונפט זאלט איהר זיך אויך אזוי אויפפיהרען ווי יעצט! עס געפעהלט מיר זייער אייער פלייסיגע ארבייט און אייער קליידונג. לאזט נאר צו אייך אין קאלאניע ניט אריין דעם פארפלוכטען לוקסוס. לאמיר ציינען אונזערע שונאים, דאס ניט נאר אין פינאנץ און קולטור שטעהען מיר אויף איין שטופע מיט זיי, זאנדערן אויך אין אגריקולטור, ביי דער שווערער און עהרליכער ערד ארבייט!"

א שעהנער איינדרוקספאלער רעדנער, איז דר. זאנענפעלד געוועז. האט גערעדט מיט טעמפעראמענט: זיינע ווערטער זיינען געווען געקליבענע, ווארימע און האבען ארויסגעקוואלען פון זיין טיעפען הארצען.

אויף וויפיעל זיינע ווערטער האבען אויף די קאלאניסטען געווירקט, וועט איבערצייגען דער פאלגענדער פאקט.

דער קאלאניסט משה מגטז", אן'אידעלער יונגערמאן וואס איז זיך מיחס, דאס ער שטאמט פון דער גזע "טורי זהב" און שמערענגט זיך שטענדיג אן צו פארשעהנערן, פארפיינערן און פארהיטען דאס יודענטהום: איז ער אויף אזוי־פיעל באגייסטערט געווארען פון זאנענפעלד'ס דרשה, דאס ער איז צו מיר אין א שבת־צו־נאכט איילענד געקומען רייטענדיג אויף זיין הויבען האלב־ווילדען "סיינא", און האט ביי מיר, און ביי די עטליכע קאלאניסטען וואס זיינען גראדע דאמאלסט פארזאמעלט געווען מכח די אינטערעסען פון דער קאלאניע, יוסט געפאדערט, דאס מ'זאל מאכען א תקנה, אויסרופען פשוט א חרם אין דער קאלאניע און א נדר מהון, קיינמאל זיך ניט צו קליידען אין סאמעט און זייד און קיין לוקסוס זאל ביי אונז ניט געדאכט ווערען... א דרייסיג קאלאניסטען, אינטימע פריינד, און דערביי אויך אידעאליסטען פונ'ם עבודת האדמה, האבען איינגעשטימט מיט דער דאזיגער תקנה און אין זייערע הייזער עס איינגעפיהרט.

אויף ווי וויט דיזער נדר האט אויסגעהאלטען, שעהם איז זיך גאר צו דערצעהלען.

הגם איינינע פון אונז האלטען נאך איצט אויך טהיילווייז יענע תקנה און נאך אזוי פיעל יאהרען קעמפפען זיי אלין, דאס די לוקסוס

מכה זאל ניט שולט זיין אין זייער הויז, אבער די מעהרסטע האַ־ בען שוין לאַנג פאַרגעסען אַן יענעם נדר און זיינען מיטגעשלעפּט געוואָרען מיט'ן אַלגעמיינעם שטראָם.

מיט גאוה קען איך דאָ אַנצייגען די טהאַטזאַך, דאַס בעת איך האָב מיין ערשטער טאָכטער חתונה געמאַכט, — און דאַמאָלסט האָב איך שוין פאַרמאָגט אַ פּאָאַר הונדערט קיה; — האָב איך איהר דאָך קיין זיידענעם אָדער סאַמעטענעם מלבוש ניט געלאָזט מאַכען. אַזוי איז אויך געשעהן ביי דער צווייטער און דריטער טאָכטער און פילייכט וועל איך נאָך אויך קענען ביי דער מעזינקע דיזע תקנה האַלטען... הגם דאָס צייגט זיך זעהר שווער: ווייל ד י צ י י ט, האָט שוין זאָגאָר אַ פּיאַנע אין שטוב אַריינגעשלעפּט...

זעהר ווייניג, אומבעדייטענד אין צאָהל, זיינען מיר נאָך פאַרבלי־ בען ביים אידעאַל, צו קעמפּפען קעגען פאַרשאַלטענעם לוקסוס! אַ קללה ליגט אויף אונזער פאָלק. — דער לוקסוס איז איינגעזאַפּט אין אונזער בלוט און מאַרך.

אויף וויפיעל דער לוקסוס באַציל פאַרדאַרבט און פאַרפּעסטעט אונזער פאָלקס־מאַסע, קען דיענען אַלס אילוסטראַציע דער פאָל־ גענדער עפּיזאָד: דער קאָלאָניסט פ"מ, האָט יענעם יאָהר צום ערשטען מאָהל זייט ער געפינט זיך דאָ אין לאַנד, אַרויסבאַקומען גאַנצע צוויי־הונדערטער פון דער קאָסעטשע: איז ער אַוועק אין שטעדטעל און האָט זיך איינגעהאַנדעלט מעבעל, אום זיין "ראַנ־ טשאָ" צו פאַרצירען. די שפּיעגעל־שאַפּע איז אָבער כמעט אַ מעטר העכער געוועזן פון'ם דאַך און האָט באין אופן, זיך ניט געקענט שטע־ לען אין שטוב. איז וואָס טהוט מען? ווי לעבט דאָס עפּעס אַ איד אַזאַ גביר אָהן אַ שפּיעגעל־שאַפּע? איז ער אויף אַ פּלאַן געפאַלען: האָט אויסגעגראָבען אַ גרוב פון אַ מעטר קוואַדראַט און די נ ו י ט־ ה י ג ע שאַפּע איינגעמאַסטשעט...

דאָס האַרץ ווערט צעפּלאַצט פאַר שמערץ, צוקוקענדיג ווי שטיין־ רייך עס זיינען געוואָרען די פּאָאַר יובעלירער אין קאַסאַרעס, וועלכע האָבען באַלד, איז דער כלומר'שט "גוטער צייט", די קאָלאָניסטי־ שע כלה־מיידלאַך און באַ'חנ'טע ווייבלאַך, איינגעשמיעדט אין גאָל־ דענע קייטען און די חתנים און בעלי בית'לאַך, מיט בריליאַנטענע רינגען פאַרזאָרגט... זיי האָבען זייערע עלטערן די קאָלאָניסטישע

יאָגירען, ביז אין טוידט פעראַרימט: זייערע פעלדער ווערען איצט דורך ליציטאַציע פאַרקויפט און, כ׳האָב מורא צו זאָגען, אַז פון אַלע אבות וואָס האָבען פעראורזאַכט דעם וואַקסענדען חורבן אין מאַאָריציא, פאַרנעהמט דעם ערשטען פּלאַץ דער לוקסוס... דאַן קומט אין ווייטערדיגער רייהע, דאָס אַנאַרמאַלע לעבען... דאָס אָפּווייכען פונ׳ם דרך הישר, און דאָס ניט אויספאָלגען די לעהרע פון דער "סאַבע"... מ׳האָט להיפך:

"געליהען געבאָרגט,
געהאַנדעלט געזאָרגט,
גערדרעהט שפּעקולירט,
געקליידט, זיך געציערט..."

נאָר צו-וואָס זאָל איך האָפען פאַראויס? לאָמיר בעסער ווייטער דערצעהלען פון יענער גאָלדענער צייט! אַך, יענע צייט פון וואונדער רייכע חלומות! ווי הערליך און פּראַכטפאָל דו ערשיינסט פאַר מיינע אויגען!

ווען דער צער גרייפט מיך אָן: בעת איך זעה די שוואַרצע שאָטענס וואָס שלינגען איצט איין און פאַרדעקען אונזער ליעבענדער מאַאוריציא, ווי אונזערע פעלדער פאַלען טאָג־טעגליך אריין אין גוי׳אישע הענד... ווען איך באַטראַכט ווי אונזער זון געהט אונטער און אַנ׳אימה׳דיגע נאָגונג און בענקענעש האָפּט מיך אָרום, עס ווערט מיר שרעקליך קאַלט, דאָס בלוט פאַרפריהרט און די צייהן סקריטשען; — דאַן לענק איך מיין געדאַנק צו יענער צייט, ערוועק אינ׳ם רעיון די פּאַסירונגען פון צוריק מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר, דערמאָן מיך אַנ׳עם פריהלינג פון אונזער קאָלאָניע און עס ווערט מיר וואַרים און ליכטיג. אַה, וואו ביסטו ערגעץ יענע גליקליכע צייט!?

דאַמאָלסט האָט יעדענס פּנים געשיינט. קיין שפּור פון קימער און עגמת נפש, קיין פאַרדראָס און קיין צער, איז נישט צום מערקען געווען. איין וואונש, איין שפּאַנענדע ערוואַרטונג, האָט אונז אַלעמען באַהערשט. מען האָט נאָר געלעבט און געהאָפט, וואָס שנעלער דעם באַראָן הירש צו זעהן!

— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

נאָר פינסטער איז אונזער מזל. אויסגעלאָשען איז הפנים דער אידישער שטערן. ער וועט שוין קיינמאָל, מעהר קיינמאָל ניט שיי־נען און ניט לייכטען. . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . .

69.

## געשטאָרבען איז דער באַראָן מאָריץ דע הירש!

דאָס איז געווען מיטוואָך, דעם 22־טען אַפּריל 1896. דער קוטשער פון דער אַדמיניסטראַציע, סערוויאַנאָוו, האָט די פינסטערע טעלעגראַמע געבראַכט. חושך, טרויער און פאַרצווייפלונג, האָט אונז באַהערשט. מיר זיינען אַראָפּגעשליידערט געוואָרען פונ׳ם הויכען הימעל, ביז אין דער טיעפקייט פונ׳ם תהום. אַלע אונזערע האָפענונגען, אַלע פאַנטאַזיען און אילוזיעס, אַלצדינג וואָס מיר האָבען געדענקט פאַרצולעגען פאַר אונזער מלאך המושיע, פאַר׳ן פאָטער — דעם באַראָן, אַלעס איז מיט איין מאָהל פאַרשוואונדען און צורונען געוואָרען. דער אכזר — דער טוידט, האָט אַלעס צעשטערט און פאַרניכטעט!

מענער, פרויען און קינדער, אַלע האָבען געקלאָגט און באַוויינט דעם שרעקליכען בראָך.

די גאַנצע נאַכט פון מיטוואָך, זיינען רייטערס אַדורכגעלאָפען אַלע גרופּעס און די שרעקליכע בשורה מיטגעטהיילט. מיט׳ן באַגינען, זיינען די קאָלאָניסטישע משפחות פאַרזאַמעלט געווען אויפ׳ן פּלאַטשטשאַד, נעבען דער אַדמיניסטראַציע און די יללה איז געווען אַ מורא׳דיגע... דער געוויין און דאָס קלאָגען, האָט די לופט געשפּאָלטען און דער ווידערקול האָט אַ פירכטערליכען אָפּקלאַנג געבראַכט פונ׳ם דערבייאיגען וועלדעל, אַז עס האָט אַזש יעדען אויפגעשוידערט און ביז׳ן מאַרך פון די בייהנער אויפגעצייטערט... יעדערער האָט עפּעס געפיהלט אַנ׳אינערליכען פּיין, אַ שמערצליכען פאַרדרוס און וועהטאָג. אַ פאַרביטערנעש האָט באַוועלטיגט יעדענס נשמה. עפּעס אַ רעבעלישער צאָרן, האָט זיך ווי איינגעגעסען און ביים הארצען געשניטען. אַ כעס, אַ רוגזא, פול מיט פּראָטעסט און ביטער ווי גאַל, האָט זיך געמערקט אויף יעדענס געזיכט. אַלעס האָט אַ טענה געהאַט צ ו ד ע ם, וואָס לעבען און טוידט א י ז א י ן ז י י ן ה א נ ד. אין

יעדענס מח האט געעגבערגט די הארבע פראגע:

— פאר וואס?

מיט אנ'ענטבלויזטען קאפ און בלאס ווי די וואנד, האט זיך לאפין באוויזען מיט דער פינסטערער טעלעגראמע אין האנד און האט געציטערט ווי א בלאט אין שטורם. הינטער איהם, איז געשטאנען דער דר. זאנענפעלד: א בע'צער'טער, א בלאסער, אבער ער האט זיך אנגעשטרענגט רוהיגקייט ארויסצוצייגען. פיינבערג און דר. קעסיל, האבען צוגלייך מיט די פרויען, זיך אין טרעהרען באוואשען...

לאפין האט מיט אנ'אויפגערעגטער און ציטערנדער שטימע איבערגעלייענט די טעלעגראמע וואס די דירעקטארען קאזעס און הירש האבען צוגעשיקט.

דיזע האט געלויטעט:

"מיט טיעפען טרויער מעלדען מיר אייך די ביטערע בשורה, דאס דער פרעזידענט פון אונזער געזעלשאפט, (די יק"א). דער באראן דע הירש, איז נעכטען, דעם 21־טען אפריל (1896) געשטארבען. מיר בעטען די קאלאניסטען, דאס זיי זאלען נישט פארצווייפלען און די ארבייט נישט אונטערברעכען. מאנטאג, דעם 27־טען, וועט שטאטפינדען די בעערדיגונג פון בארא. דיזען טאג, זאל די ארבייט אפגעשטעלט ווערען. די "אפיסינאס", (קאנטארען), אלע שולעס, זאלען זיין געשלאסען און אין די שוהלען, זאל אינ'ם דאזיגען טאג געמאכט ווערען אנ'הזכרה, נאך דער גרויסער זעעלע פון בארא דע הירש ע"ה. תנצב"ה.

א באך־טרעהרען האט זיך פון לאפינ'ס אויגען ארויסגעגאסען, בשעת ער האט געענדיגט לייענען די דעפעשע, ער האט די הענד פארבראכען און א וועה־געשריי האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען:

— ניטא מעהר דער באראן!

די אדמיניסטראציע איז בעפלאגט געווארען מיט שווארצע פאהנען און שווארץ, פינסטער, א ווימש חושך, די ענטוישונג פון אלע האפענונגען, האט אין אלע הערצער אריינגעדרונגען.

אומגעזאמט איז דער קאטש פון דער אדמיניסטראציע פארפאהרען און דאקטער זאנענפעלד מיט פיינבערג'ן, האבען זיך גענומען

געזעגענען.

— זיינט געטרייסט עלענדע יתומים אין דער וויסטע! — האט זאנענפעלד געזאגט און זיינע אויגען זיינען איהם מיט טרעהרען אנגעפילט געווארען. — איך מוז לויפען קיין פאריז: אבער איך וועל נאך, קינדער, קומען צו אייך!

— עלענד, עלענד! — האבען די פרויען איבערגע'חזר'ט זיינע רייד. און אן אויסברוך פון א שמערצהאפטער יללה, האט די לופט געריסען.

זאנענפעלד האט זיך אויפגעשטעלט אין קאטש און א ווייל בעטראכט די וויינענדיגע מאסע; האט זיינע לאנגע הענד צו הימעל אויפגעהויבען, פונקט ווי איינער זאגט: "פערלאזט זיך אויף א י ה ם, ע ר איז ניט געשטארבען!".

זיי זיינען אפגעפאהרען.

שבת איז לאפין טעלעגראפיש ארויסגערופען געווארען קיין בוענאס־איירעס און מיר זיינען פערבליבען אליין, אליין אין אונזער עלענד און מיט דעם פלאך, דעם אדמיניסטראטער נארמאן, וואס איז ביים גרויסען בראך, אויך אפגעקומען מיט'ן זאגען: "לאדנא".

דער הזכרה טאג, דער 27־טער אפריל איז אנגעקומען. איך וויל זיך גאר נישט אונטערנעהמען, צו שילדערן די הערצרייסענדע סצענע, וואס האט זיך יענעם טאג אפגעשפיעלט אין דער שוהל פון דער 49־טער גרופע, ביים הספד נאכ'ן באראן. דערצו דארף מען זיין א ירמיה, א רבי יהודה הלוי, אדער חאטש א ביאליק.

אה, די איראניע פונ'ם שיקזאל! — אויב מ'קען זיך אזוי אויסדריקען. — וואס פאר א ביטערער סארקאזם! חדשים־לאנג, האט מען צוגעגרייט א כאהר זינגערלאך, אום א "מי שברך" צו מאכען דעם באראן ביים קבלת פנים און יעצט: אומגליק! דארפען די זעלבע, אנשטאט "מי שברך", זינגען א "אל מלא רחמים!"

דער באראן איז טוידט! ווי דער געהיימניספולער טייפעל אדער ענגעל, לאכט עס אויס דעם מענשען! ווי ער מאכט עס צו שפאט אלע מענשליכע אילוזיעס: ווי ער ענטוישט אלע האפענונגען און פארפינסטערט אלע טרוימען! ביטער און קוואלפול.

שמערצליך, איז די פערוואנדלונג געווען! די וואונד האט זיך טיעף אין הארצען איינגעגעסען און דער מענש, דער יחיד פונקט ווי די רבים, מוזען פאר'ן צופאל בויגען דעם קאפ און עס נאך אנ'נעהמען באהבה...

דעם אלטען יאקובאוו, האט מען געשטעלט דעם הספד מאכען. אויפ'ן אלטען ליטוויש־סקארבאווען סטיל, האט ער נעבאך צונויפ־געקלעפט וואו נאר ערגעץ א פסוק פון קינות ובכיות; — אט ווי איינער זאגט: נאט אייך ברידער, נעהמט און קלאגט! — דער עולם האט איהם געפאלגט.

נאך איהם האט גערעדט דער שוחט אייזיק גלאזערמאן. ער האט זיך בלויז געסטארעט איינצושמועס'ן די פשוטע קאלאניסטען, דאס דער בעראן א י ז ג א ר נ י ש ט געשטארבען... ״ראשית איז זיכער, — האט ער געזאגט; — דאס א צדיק שטארבט גאר נישט, והשנית איז דאך עפעס פאראן תחית המתים!...״

דאס מגידות פון ביידע רעדנער האט דעם עולם גאר ווניג גע־טרייסט: ס'האט זיי להיפוך — געערגערט. זיי האבען געוואוסט, אז עס איז דער קבורה־טאג פונ'ם בעראן; דאס ע ר א י ז ט ו י ד ט און אז ער געהט ארונטער אונטערן שווארצען דעק פון דער ערד; דאס ער וועט שוין מעהר קיינמאהל ניט קומען זעהן זיינע קינדער אין דער ווייטער, פארווארפענער מדינה!... זיי האבען געזוכט עפעס א טרייסט־ווארט, א ווארים־ווארט, וואס זאל עטוואס לינדערן זייער שמערץ.

מיין פריינד אברהם'ל ראזענפעלד, האט שוין פיעל בעסער גע־שפראכען. ער האט גערעדט צום הארצען:

״דער ערשטער משה, האט אויך ניט דערלעבט צו זעהן זיינע ליעבע בני־ישראל אין געבענשטען לאנד. אזוי פיהרט זיך שוין פון אייביג אן. א מענש איז ניט קיין אייביגעס וועזען. אלס איינער וואס ווערט געבוירען, האט ער דאך אויך ג ע מ ו ז ט שטארבען... אבער א פאלק, איבערהויפט, דאס אידישע פאלק, שטארבט ניט, קיינמאהל ניט!״

אויף מיר איז דער גורל געפאלען צו שליסען די הזכרה.

אז איך בין אויף דער, מיט שווארצען בעהאנגענער בימה גע־שטאנען און אנטקעגען מיר געהאט די ליכטיגע, גוטמוהטיגע בילד

פונ'ם באראן, וואס האט מיר ווי אנגעקוקט און צוגעשמייכעלט, איז מיר אנפאנגס דער געדאנק געקומען דאס דער שוחט האט רעכט: "דער באראן איז ניט געשטארבען! קיין צדיק שטארבט ניט!" אבער דער אנבליק פון דער מאסע אבלים, דאס עלענדע יתום'קייט וואס האט זיך אין די פינף טעג אויף אלע פנים'ר צעגאסען, האט מיר נאכדעם געוויזען די ריכטיגקייט: "טוידט איז דער באראן, פונקט ווי אלע טוידטע!"

מיין פראטעסטירענדער גייסט, מיין נאטור ניט נאכצוגעהן נאכ'ן רוב, ניט וויינען אדער לאכען ווען אנדערע טהוען עס, האט מיך ווי אנגערעדט, אביסעל אויפצומונטערן די נאאיווע מענשען און זיי דעם טרויער צו פערלייכטערן: דאן האב איך אויך גע־וואלט אביסעל אפשוואכען דעם איינדרוק פון די מיסטישע רעדעס איבער צדיקים, תחית המתים און א יענע וועלט... אונטער אנדע־רעם האב איך דאמאלסט געזאגט:

"דער טוידט, דאס ניט זיין, דאס ניט לעבען, איז אזא פראבלעם, וואס אונזער אידיש פאלק באשעפטיגט זיך ניט דערמיט... מיר אידען האבען גאר נישט וואס צו טהון מיט'ן טוידט. דער אייביגער סוד וואס ליגט נאכ'ן לעבען, דארט הינ־טער דער טהיר פון יענער זייט קבר, — איבער דיזער מיסטעריע, שווייגט אונזער ביבעל! ביי אונזער הייליגער תורה, איז די הויפטזאך — דאס לעבען! דער אידישער גאט, איז א לעבעדי־גער! אן אל חי. ביי זיי, שטעהט־אויף א גאט תחית המתים און ביי אונז זאגט די תורה: פאר דיינע גוטע מעשים וועסטו האבען א לאנגעם לעבען, — א שכר אין והארכת ימים... אונזערער א גרויסער־מאן, וואס טהוט גוטס זיינע מיט־מענשען, האט דערפאר א גרויס, א לאנג לעבען: דאס הייסט: זיין גוטע און גרויסע אידעע וואס ער האט געשאפען, ציהט זיך לאנג, אויף דורות: מעג ער אליין שוין זיין טוידט: זיין געדאנק, זיין אידעאל לעבט אבער שטענדיג! און טאקע דאדורך, שטעלען מיר אונזערע גדולים קיין מאנומענטען ניט; וויל מיר בעעהרען ניט דעם חומר, וואס פאלט אויף אייביג אוועק און קומט שוין נימאלס צו־ריק, זאנדערן מיר רעכענען זיך מיט דעם גייסט, מיט די גוטע טהאטען און מעשים! די אידעע פונ'ם באראן איז דאך דא. פאר

אונזערע אויגען, זי לעבט! ער האָט געשטרעבט אונזער פֿאָלק אומצוקעהרען צו דער עהרליכער אַגריקולטור ארבייט; נון, דאַרפֿען מיר זעהן מיט אַלע כוחות פֿאָרטצוזעצען און אויפֿהאַלטען די אידישע קאָלאָניזאַציע, ערציהען א דור פֿון ריכטיגע, געטרייע, איבערגעגעבענע אידישע בויערן! לאָמיר צום אָנדענקען פֿון דער נאָבעלער זעלע פֿון דעם באַראָן, אַלע קינדער וואָס וועלען דורכ'ן יאָהר געבוירען ווערען, אַ נאָמען געבען מ ש ה אָדער ה י ר ש!...״

אומגעאַכטעט וואָס די פּרומאַקעס זיינען אַביסעל ברוגז געוואָרען פֿאַר מיין מיינונג, האָט מען דעם פֿאָרשלאַג כמעט איינשטימיג אָנגענומען.

פֿיעלע פֿון די משה'ס און הירש'ס, די נעמען נאָכ'ן באַראָן, האָבען שוין אָפּגעדיענט אָדער דיענען נאָך, אין דער אַרגענטינישער אַרמעע.

דער עולם האָט זיך אַבערפֿלעכליך באַרוהיגט, אָבער דער טרויער האָט זיך פֿאַרקליעבען טיעף אין הארצען, וואו ער טליהעט נאָך ביז היינטיגען טאָג.

— שטיף־קינדער זיינען מיר געבליבען. — האָבען דאַן די קאָלאָניסטען געיאָמערט. — מיר פֿאַלען איצט אַרונטער אונטער דער שטיף מוהמע, די יק״א!

די פֿאַרטרויערטע האָבען דאַמאָלסט אַ גרויסען אמת אומבעוואוסט אַרויסגעזאָגט. דער אינסטינקט האָט די ריכטיגקייט דערפֿיהלט!

ווען מען זאָל דורכציהען אַ פֿאָדים דורך די פֿיער־און־צוואַנציג יאָהר קאָלאָניזאַציע, פֿון דעם צייט אָן וואָס דער באַראָן איז טוידט, — וועט ער אַרויס שמוציג, שוואַרץ און טהיילווייז רויטה — פֿאַרבלוטיגט... ערטערווייז גאָר מיאוס אויסגעשמירט, עקעלהאַפֿט און פֿאַרפּאַטשקעט דורך דער הנהגה...

זעהר וועניג צייט האָט אויף אונז אימיגראַנטען, וועלכע שטרעבען און ווילען פֿאָרזעצען דעם באַראָן'ס הויכען אידעאַל, די זון געשיינט: אַ סך פֿון די קאָלאָניסטען האָבען נאָך די שעהנע זונען־שטראַהלען גאָר אין די אויגען ניט געזעהן!

— ווער האָט שולד דאַרין? אויף וועמען פֿון ביידע צדדים. — די יק״א און די קאָלאָניסטען, — עס פֿאַלט אַ גרעסערער פֿראַ-

צענט התחייבות? ווער איז מעהר שולדיג אין דאס שלעכטס?
„ווייל אויך מיר זיינען טהיילוויז שולדיג: אמת ניט פיעל, אביסעל, אבער חייבים זיינען מיר אויך!" נאר פעסטצושטעלען די ריכטיגע מיטשולדיגקייט, איז ניט מיין אויפגאבע. זאל דאס טהון דער צוקינפטיגער היסטאריקער, פאר וועלכען דיזע בלעטער, וועלען קענען דיענען אלס מאסגעבענדער מאטעריאל. מעגליך אז ער, גריבלענדיג זיך, וועט באשטימען די ריכטיגע שולד פון יעדען איינעם.
איך וויל זיך נאר באגרעניצען אויף איבערצוגעבען די ענטוויקלונג און די פאסירונגען פון מאאוריציא, אין זייער כראנאלאגישער ארדנונג: יאהר נאך יאהר, פונקט ווי זיי זיינען פארגעקומען.

## ענדע פון ערשטען טהייל.

# אינהאלט.

| קאפיטעל. | | זייטען. |
|---|---|---|
| 54 | דער גאאוטש באראבוינא. — — — — — — — | 298 — 289 |
| 55 | משה "דיאדקא" בעפרייעט אונז פון צרות. — | 305 — 299 |
| 56 | די גאנצע קאסטעטשע אפגעפרוירען. — — — — | 312 — 306 |
| 57 | "וויר ברויכען ניכט קיינע קלוגע". — — — — | 316 — 313 |
| 58 | דער דיקטאטאר יהושיע לאפין. — — — — — | 322 — 317 |
| 59 | איך בין כשר — נאר כ'זעה ווי מען פער־<br>טרייבט אנדערע. — — — — — — — — — | 327 — 323 |
| 60 | לאפין א דימענטענער אדמיניסטראטער. — | 331 — 328 |
| 61 | קינדער ערציהונג. — — — — — — — — — | 334 — 332 |
| 62 | דער רבי אברהם'ל. — — — — — — — — | 339 — 335 |
| 63 | אלגאראבא און אליסע. — — — — — — — | 349 — 340 |
| 64 | מיר באגעגענען זיך אין דער נייער היים. — | 352 — 350 |
| 65 | שכנים. — — — — — — — — — — — | 359 — 353 |
| 66 | מיר ערווארטען דעם באראן. — — — — — | 363 — 360 |
| 67 | דאס גערעטעניש פון 1895-6. — — — — — | 366 — 364 |
| 68 | געסט פון פאריז. — — — — — — — — — | 373 — 367 |
| 69 | געשטארבען דער באראן מאריץ דע הירש. | 381 — 374 |

# אילוסטראַציעס.

זייטע.

# איינינע פערדריסליכע דרוק פעלערן.

| זייטעל. | שורה | שטעהט | דארף געליינט ווערען. |
|---|---|---|---|
| 10 | 23 | מנהגים | מנהיגים. |
| 40 | 6 | געגאסען מיט צעבערכ | געגאסען ווי מיט צעבערס. |
| 74 | 28 | ללמוד | ללמד. |
| 146 | 20 | דער | דעם. |
| 178 | 12 | שעהן | שטעהן. |
| 191 | 15 | אַן איבעריגע שורה | דארף נישט געליינט ווערען. |
| 201 | 8 | וערט | ווערק. |
| 251 | 25 | אויפהויבען | אויפגעהויבען. |
| 252 | 28 | מיט | מיט'ן. |
| 261 | 13 | ארימע | ארימער. |
| 286 | 29 | איינע | איינער. |
| 314 | 17 | אסיפות האט פעררופען | אסיפות האט מען פעררופען. |
| 320 | 20 | בלונדע | בלודנע. |
| 321 | 5 | איינגעהילכט | איינגעהילט. |
| 324 | 11 | גרוש | גירוש |
| 326 | 32 | מיר אַלעם. | מיט מיר אלעם. |
| 345 | 1 | אנאפארבעטען | אנאלפאבעטען |